טאָמאַס פּעין

# די צייט פון פאַרשטאַנד

(„די עפּאָכע פון ראַציאָנאַליזם“)

## אַ שטודיע וועגען דעם אמת און ליגען פון רעליגיע.

אידיש פון נ. פּערעלמאַן.

ארויסגעגעבען פון
Farlag: MAX JANKOVITZ
179 E. Broadway New York

צו מיינע מיטבירגער פון די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע.

איך גיב איבער אין אייער פריינדליכען רשות דאס פאלגענדיגע ווערק, אין וועלכען איך זאג ארויס מיינע מיינונגען איבער רעליגיע. איך האף, אז איהר וועט זיין גערעכט צו מיר און געדענקען, אז איך האב אלע מאל מיט אלע מיינע כחות פארטיידיגט דאס רעכט פון יעדען מענשען אויף זיין אייגענער מיינונג, מעג זי ווי אנדערש זיין פון מיינער. דער, וואס לייקענט אפ אט־דאס רעכט פאר אז אנדערען, פארשקלאפט זיך אליין צו זיין א י צ ט י ג ע ר מיינונג, ווייל ער נעמט פון זיך אליין אוועק דאס רעכט זי ווען־עס־איז צו בייטען.

דער שכל איז דאס שטארקסטע קאמפס־מיטעל קעגען יעדען מין טעות. איך האב זיך קיינמאל נישט באנוצט מיט קיין אנדערע מיטלען און האף אויך ווייטער אזוי צו האנדלען.

טאמאס פעין,

לוקסענבורג (פאריז), יאנואר 27, 1794

## ערשטער טייל

פאר די לעצטע עטליכע יאהר האב איך געהאט בדעה צו פארעפענטליכען מיינע געדאנקען וועגען רעליגיע. איך ווייס גאנץ גוט די שוועריקייטען, מיט וועלכע דער ראזיגער ענין איז פארבונדען, און איך האב עס דעריבער אפגעלייגט אויף א שפעטערער צייט פון מיין לעבען. איך האב געהאט אין זינען, אז דאס זאל זיין מיין לעצטע לייסטונג צו מיינע מיטבירגער פון אלע פעלקער, און האב באשלאסען צו געבען זי ערשט דעמאלט, ווען די ערליכקייט פון די מאטיווען, וואס האבען מיך באוועגט אונטערצונעמען אזא זאך, וועט נישט קאנען געשטעלט ווערען אונטער א צווייפעל אפילו פון יענע מענשען, וואס וועלען אפשר נישט געבען זייער הסכמה אויף מיין ווערק.

דער צופאל, וואס פראנקרייך האט איצט אפגעשאפט איהר גאנצען פריסטער־קלאס און אלצדינג, וואס האט נאר צו טון מיט ארויפגעצוואונגענע רעליגיעזע סיסטעמען און ארויפגעצוואונגענע עיקרים פון גלויבען, — אט־דער צופאל האט נישט נאר געבראכט מיך נעהענטער צו דער אויספירונג פון מיין פלאן, נאר אויך געפירט דערצו, אז דאס פארעפענטליכען א ווערק פון אט־דעם מין זאל ווערען א דרינגענדיגע נויטינקייט, ווייל אין דעם אלגעמיינעם פאנאנדערפאל פון אבערגלויבען, פאלשע רעגירונגס־סיסטעמען און פאלשער טעאלאגיע וואלטען מיר געקאנט גאר אינגאנצען פארגעסען די מאראל, די מענשען־ליבע און די אמת'דיגע טעאלאגיע.

אזוי ווי איינינע פון מיינע קאלעגען און אנדערע צווישען מיינע מיטבירגער פון פראנקרייך האבען פארעפענטליכט זייער אייגענע ווילינגען און אינדיווידועלען „א נ י מ א מ י ן“. וועל איך נאכטון זייער ביישפיל און פארעפענטליכען מיינעם; און איך

וועל דאס טון מיט דער גאנצער אויפריכטיגקייט און אפענהארציג־קייט, וואס א מענש פארמאגט נאר בנוגע צו זיך אליין.

איך גלויב אין דעם איין־איינציגען גאט; און איך האף אויף גליק נאכ'ן לעבען.

איך גלויב אין דער גלייכהייט פון מענשען; און איך גלויב, אז די רעליגיעזע פליכטען באשטייען אין טון גערעכטיגקייט, אין זיין פול מיט רחמנות און אין שטרעבען צו מאכען אונזערע מיט־מענשען גליקליך.

אבער כדי מען זאל נישט מיינען, אז איך גלויב נאך אין פיל אנדערע זאכען, א חוץ אט־די, וועל איך אין לויף פון מיין ווערק קלאר מאכען, אין וועלכע זאכען איך גלויב נ י ש ט און פאר־וואס איך גלויב נישט אין זיי.

איך גלויב נישט אין די עיקרים ניט פון דער אידישער רע־ליגיע, ניט פון דער רוימישער, גריכישער, טערקישער, פראטעס־טאנטישער אדער וואסער־עס־איז אנדער קירך, פון וועלכער איך וויים נאר. מיין שכל איז פאר מיר מיין קירך.

אלע נאציאנאלע קירכען־אינסטיטוציעס, צי דאס זיינען אי־דישע, קריסטליכע אדער טערקישע, זעהען מיר אויס צו זיין נישט מעהר, ווי מענשליכע ערפינדונגען, געמאכט מיט'ן ציל צו פאר־שקלאפען די מענשהייט, צו האלטען זי אין פחד און צו מאנא־פאליזירען מאכט און הכנסות.

מיט אט־דער דערקלערונג וויל איך נישט פארמשפט'ן די מענשען, וואס גלויבען אנדערש; זיי האבען פונקט אזוי א רעכט אויף זייער גלויבען, ווי איך — אויף מיינעם. אבער פאר'ן גליק פון דעם מענשען איז נויטיג, אז ער זאל פארבלייבען אין זיין האר־צען געטריי צו זיך אליין. אומגלויביגקייט באשטייט נישט אין גלויבען אדער נישט־גלויבען, נאר אין עפענטליך אנערקענען א זאך, וואס באמת האט מען אין איהר נישט קיין אמונה.

עס איז אוממעגליך אויסצורעכענען דעם מאראלישען שאדען, וואס אזא מין פאלש־זיין צו זיך אליין האט געבראכט דער געזעל־שאפט. ווען א מענש האט אויף אזוי ווייט פארדארבען און פראס־טיטואירט די אומשולד פון זיין נשמה, אז ער קאן געבען זיין פרא־

פעסיאנעלע הסכמה אויף זאכען, אין וועלכע ער גלויבט נישט, גרייט ער זיך אליין דערמיט צו צו באגיין יעדען אנדער מין פאר־ברעכען. ער נעמט צוליב פרנסה אן דעם אמט פון א גייסטליכען. און כדי מען זאל איהם צולאזען צו דעם דאזיגען אמט, איז ע־גלייך אין אנהויב זיך מתיר צו שווערען פאלש. קאן מען דען זיך גאר פארשטעלען א מאראליש־שעדליכערע זאך, ווי דאס ?

באלד נאך דעם, ווי איך האב פארעפענטליכט אין אמעריקע מיין פאמפלעט „ד ע ר פ ש ו ט ' ע ר ש כ ל", האב איך איינגעזעהען די גרייליכע מעגליכקייט פון א רעליגיעזער רעווא־לוציע, וואס זאל פאלגען נאך דער פאליטישער רעוואלוציע. צו פארדאנקען דעם אומערליכען בונד צווישען דעם שטאט און דער קירך, איז שטרענג פארבאטען, אונטער דער מורא פון כל'ערליי שטראפען, צו האבען גאר א ויכוח איבער די עקזיסטירענדיגע רע־ליגיעס און איבער די עיקרים פון גלויבען; און אויף אזא אופן קאנען אט־די אלע ענינים גאר אנדערש נישט ארויסגעבראכט ווע־רען אין זייער אמת'דיגען ליכט, סיידען נאר עס זאל פארקומען אן ענדערונג אין דער רעגירונגס־סיסטעם; און אויב אזא ענדערונג זאל באמת פארקומען, וועט תיכף נאך דעם פאלגען א רעוואלוציע אין דער רעליגיע. עס וועלען אויפגעדעקט ווערען די מענשליכע ליגענס און די שווינדלעריי פון די גייסטליכע; און דער מענש וועט זיך ווידער אומקערען צום ריינעם, נישט־געמישטען און נישט־געפעלשטען גלויבען אין דעם איין־איינציגען גאט.

יעדע נאציאנאלע קירך אדער רעליגיע האט זיך באפעסטיגט דורך דעם, וואס זי האט פרעטענדירט צו האבען עפּיס א באזונדערע שליחות, וואס גאט האט מיטגעטיילט צו געוויסע מענשען. די אי־דען האבען זייער משה'ן; די קריסטען האבען זייער ישו הנוצרי, זייערע אפאסטאלען און הייליגע; און די טערקען האבען זייער מחמד'ען, פונקט ווי דער וועג צו גאט וואלט נישט געווען אפען פאר אלעמען גלייך.

די דאזיגע אלע קירכען ווייזען געוויסע ביכער, וועלכע זיי רופען אן א נ ט פ ל ע ק ו נ ג, אדער דאס ווארט פון גאט. די אידען זאגען, אז זייער ווארט פון גאט איז נעגעבען געווארען פון

גאט צו משה'ן, פנים אל פנים ; די קריסטען זאגען, אז זייער ווארט פון גאט איז געקומען דורך רוח הקודש ; און די טערקען זאגען, אז זייער ווארט פון גאט (דער ק א ר א ן) איז אראפּגעבראכט געווארען פון הימעל דורך א מלאך. יעדע איינע פון די דאזיגע קירכען באשולדיגט די איבעריגע אין אומגלויבינקייט ; און וואס עס איז שייך צו מיר, גלויב איך נישט אין קיינער פון זיי.

אזוי ווי עס איז נויטיג צו פארבינדען ווערטער מיט זייערע אמת'ע באגריפען, וועל איך דא מאכען איינינע באמערקונגען איבער דעם ווארט א נ ט פּ ל ע ק ו נ ג. איידער איך וועל אנגיין ווייטער מיט מיין ענין.

דאס ווארט א נ ט פ ל ע ק ו נ ג, ווען אנגעווענדט צו רעליגיע, הייסט עפּיס אזוינס, וואס גאט טיילט מיט א ו מ מ יטעלבאר דעם מענשען.

קיינער וועט נישט לייקענען אין דער מאכט פון דעם אלמעכטיגען צו מאכען אזא מיטטיילונג, אויב ער וויל עס גאר טון. ווען מיר וועלען אבער צולאזען, בדרך משל, אז עטוואס איז אנטפלעקט געווארען נאר פאר א געוויסען מענשען און ווייטער פאר קיינעם נישט, וועט דאס זיין אן אנטפלעקונג נאר פאר אט־דעם מענשען. אויב ער דערציילט עס צו א צווייטען, און א צווייטער צו א דריטען, א דריטער צו א פערטען און אזוי ווייטער, איז עס נישט קיין אנטפלעקונג פאר אלעמען. עס איז אן אנטפלעקונג נאר פאר דעם ערשטען, פאר די איבעריגע אבער איז עס נישט מעהר, ווי א זאך, וואס זיי האבען געהערט זאגען, און זיי מוזען נישט דוקא גלויבען אין דעם.

עס איז א ווידערשפּרוך אין ווערטער און באגריפען צו רופען א נ ט פ ל ע ק ו נ ג אזוינס, וואס קומט צו אונז פון דער צווייטער האנט, אין ווארט אדער אין שריפט. דאס ווארט אנטפלעקונג קאן נישט אנדערש אנגעווענדט ווערען, ווי נאר פאר דער ערשטער מיטטיילונג, — נאך דעם איז עס נישט מעהר ווי א מעשה, וואס אימיצער גיט אן, ווי אן אנטפלעקונג צו איהם ; און מעג זיך יענער פילען געצוואונגען צו גלויבען אין דעם, קאן אבער דאסזעלביגע נישט פארקומען אויך מיט מיר ; פאר מיר איז דאס נישט קיין

אנטפלעקונג; מיר בלייבט נאר איבער צו גלויבען יענעם אויפ'ן וואָרט.

ווען משה האט געזאגט צו די קינדער פון ישראל, אז ער האט באקומען די לוחות פון גאט'ס הענט, האבען זיי איהם נישט גע־מוזט גלויבען, ווייל זיי האבען אחוץ זיינע אייגענע ווערטער קיין אנדער באווייז נישט געהאט; און איך, פון מיין זייט, האב אויך נישט קיין אנדער באווייז, ווי נאר די ווערטער פון א געוויסען היסטאריקער, וואס דערציילט מיר וועגען דעם. די עשרת הדברות טראגען נישט אין זיך גופא קיין באווייז פון זייער געטליכקייט; זיי אנטהאלטען אייניגע גוטע מאראלישע פארשריפטען, וואס יעדער געזעצגעבער וואלט זיי געקאנט שאפען אליין, אן דער אריינמישונג פון אן איבערנאטירליכער קראפט.*)

ווען מען זאגט מיר, אז דער קאראן איז געשריבען גע־ווארען אויפ'ן הימעל און אראפגעבראכט געווארען דורך א מלאך צו מחמד'ן, איז דאס פאר מיר אויך נישט מעהר, ווי נאר א מעשה, וואס איך האב געהערט דערציילען, און נישט פיל איבערצייגענ־דיגער ווי דאס פריהערדיגע. איך אליין האב דעם מלאך נישט געזעהען און האב דעריבער א רעכט נישט צו גלויבען אין דעם, וואס מען דערציילט מיר.

ווען מען דערציילט מיר נאך, אז א פרוי, וועלכע מען האט גערופען די יונג־פרוי מרים, האט געלאזט וויסען, אז זי איז מעוברת געווארען אן דעם צוזאמענלעבען מיט א מאן, אז איהר חתן יוסף האט אליין געזאגט, אז א מלאך האט עס איהם פארטרויט, האב איך א רעכט צו גלויבען אין דעם אדער נישט; ווייל פאר אזא מין זאך פאדערט זיך א פיל־שטארקערער באווייז. ווי בלויז דאס, וואס מרים און יוסף האבען געזאגט; מיר האבען אבער אפילו דאס אויך נישט — ניט ער און ניט זי האבען עס אליין אנגעשריבען; דאס

*) עס איז אבער נויטיג אויסצושליסען דערפון די דערקלערונג, וואס זאגט, אז גאט רעכענט צו די זינד פון די עלטערען צו די קינדער; דאס איז סותר יעדען פרינציפ פון מאראלישען יושר.

גיבען אונז אַנדערע איבער, אַז זיי האָבען אַזוי גע־זאָגט — עס איז אַ מעשה פון געזאָגט און גערעדט, און איך האָב לחלוטין נישט קיין חשק צו גלויבען אין אַזעלכע באַווייזען.

עס איז אָבער נישט קיין שווערע זאַך צו ווייזען, וואָרום מענ־שען האָבען געגלויבט אין דער מעשה, אַז ישו הנוצרי איז געווען גאָט'ס זון. ישו איז געבוירען געוואָרען אין אַ צייט, ווען די היידנישע מיטאָלאָגיע איז נאָך געווען אָנגענומען אין דער וועלט, און זי האָט עס צוגעגרייט די מענשען צו גלויבען אין אַזאַ מעשה. כמעט אַלע גרויסע לייט, וואָס האָבען געלעבט אין דער צייט פון דער היידנישער מיטאָלאָגיע, זיינען פאַררעכענט געווען פאַר די זין פון איינינגע פון די דעמאָלטדיגע געטער. אין יענער צייט איז דאָס נישט געווען קיין אויסערגעוויינטליכע זאַך צו גלויבען אויף אַ מענשען, אַז ער איז געווען דער זון פון הימעל; אַז געטער האָ־בען פאַרקערט מיט פרויען איז דאַן געווען אַ גאַנץ אָנגענומענע מיינונג. יופּיטער האָט, לויט די לעגענדען, פאַרקערט מיט הונ־דערטער פרויען: דאָס איז גאָרנישט באַטראַכט געוואָרען פאַר מיאוס אָדער אויסערגעוויינטליך; עס איז געווען אַ גאַנץ פּשוט'ע זאַך און האָט פולשטענדיג געשטימט מיט די מיינונגען, וואָס האָ־בען דאַן געהערשט ביי די אַזוי־גערופענע היידנער אָדער מיטאָלאָ־גיסטען, און טאַקע נאָר זיי אַליין האָבען אין דעם געגלויבט. די אידען האָבען זיך שטרענג געהאַלטען ביי זייער גלויבען אין דעם איין־איינציגען גאָט; זיי האָבען פון אייביג אָן צוריקגעוויזען די געצענדינערישע מיטאָלאָגיע און קיינמאָל נישט געגלויבט אין דער מעשה וועגען ישו הנוצרי.

עס איז אינטערעסאַנט צו זעהן, ווי אַזוי די טעאָריע פון דער אַזוי־גערופענער קריסטליכער קירך איז אַרויסגעקומען פון דעם עק פון דער היידנישער מיטאָלאָגיע. קודם כל האָט מען געלאָזט דעם אָנגענומענעם גרינדער פון דער קריסטליכער קירך צו זיין אַ קינד פון הימעל, וואָס דאָס הייסט פּשוט צוצוגעבען אַ קערפּערליכע געשטאַלט צו דעם געטליכען. נאָך דעם האָט געפאָלגט די דריי־איינינקייט, וואָס דאָס איז נישט מעהר, ווי אַ פאַרמינערונג פון דער פריהערדיגער פיל־צאָליגקייט, פון די פריהערדיגע צוואַנציג

אדער דרייסיג טויזענט נעטער: מרים'ס סטאטוע האט פארנומען דעם פלאץ פון דער סטאטוע פון דיאנא פון עפעזוס; די פארגע־טערונג פון העלדען איז פארביטען געווארען אויף דער קאנאניזירונג פון הייליגע; די מיטאלאגיסטען האבען פאר יעדער זאך געהאט גע־טער; די קריסטליכע מיטאלאגיסטען האבען פאר יעדער זאך גע־האט הייליגע; די קירך איז געווארען איבערגעפילט מיט הייליגע פונקט אזוי ווי דער פאנטעאן איז געווען איבערגעפילט מיט גע־טער, און רוים איז געווען דער פלאץ פאר ביידע. די קריסטליכע שטה שיידט זיך ווייניג וואס אפ פון דער געצענדינערייי פון די פארצייטיגע מיטאלאגיסטען, וואס האט גוט געדינט די אינטערע־סען פון מאכט און הכנסה; און עס בלייבט נאך אלץ איבער פאר'ן שכל און פאר דער פילאזאפיע צו פארניכטען אט־די צוויי־פנימ'־דינקייט.

קיין זאך, וואס איז דא געזאגט געווארען, קאן אבער אויף קיין פאל נישט געזאגט ווערען, אפילו נאר מיט א שאטען פון מיס־אכטונג, ווענען דעם אמת'דיגען כאראקטער פון ישו הנוצרי. ער איז געווען א מענש פון גוטע מדות און א גוט הארץ. די מאראל, וואס ער האט געפרעדיגט און פראקטיצירט, איז געווען פול מיט ליבע צו מענשען; און הגם קאנפוציוס און אייניגע גריכישע פי־לאזאפען — פאר איהם, און די קוויקערס — נאך איהם, ווי אויך פיל גוטע מענשען פון אלע צייטען, האבען געפרעדיגט ענ־ליכע מאראלישע סיסטעמען, קומט אבער קיינע פון זיי נישט צו זיינער.

ישו הנוצרי האט אליין גארנישט אנגעשריבען ווענען זיך, ווענען זיין געבוירען, ווענען זיינע עלטערען, אדער ווענען וואסער־עס־איז אנדער זאך; קיין שורה פון דעם אלעם, וואס מען רופט ב ר י ת ח ד ש ה, איז נישט אנגעשריבען געווארען פון איהם אליין. זיין לעבענס־באשרייבונג איז דורכאויס די ארבייט פון אנדערע מענשען; און וואס עס איז שייך צו דער מעשה ווענען זיין אויפשטיין תחית המתים און זיין ארויפגיין אויפ'ן הימעל, איז דאס געווען א נויטיגער צוגאב צו דער מעשה ווענען זיין געבוירען ווע־רען. געבראכט איהם אויפ דער וועלט אויף אן איבערנאטירליכען

אופן, זיינען די היסטאָריקער זיינע געצוואונגענע געווען אויפ'ן זעל־בינען אופן אוועקצונעמען איהם פון דער וועלט, אז ניט וואָלט דער ערשטער טייל פון אָט דער מעשה געמוזט פאַנאַנדערפאַלען.

דער אומגעלומפּערט־צוגעטראַכטער סוף פון דער מעשה איבערטרעפט אַלצדינג, וואָס עס איז פאַר דעם דערציילט געוואָרען. דאָס, וואָס עס ווערט דערציילט וועגען מרים'ס איבערנאַטירליכער באַפרוכטונג, האָט נישט געקאָנט עפענטליך באַשטעטיגט ווערען; און די פאַרפאַסער פון אָט־דער געשיכטע האָבען דעריבער געהאָט די גוטע געלעגענהייט, וואָס איהר אויסגעטראַכטקייט האָט נישט געקאָנט אויפגעדעקט ווערען. הגם מען איז דערביי אויך נישט מחויב געווען זיי צו גלויבען. מען האָט פון זיי נישט געקאָנט פאַרלאַנגען קיין ראיות, ווייל דאָס איז נישט געווען קיין זאַך, וואָס האָט דערלאָזט ראיות, און אפילו די פּערזאָן גופא, וועגען וועלכער די מעשה איז דערציילט געוואָרען, וואָלט עס אויך נישט געקאָנט דערווייזען.

אבער דאָס לעבעדיג־ווערען פון א טויטען מענשען איז קבר און זיין אויפהויבען זיך אין דער לופטען איז שוין גאָר אן אנדער זאַך; להיפּוך צו דער נישט־געזעהענער באַפרוכטונג פון א פּרויען־טראַכט, קאָן דאָס גראַד באַוויזען ווערען. אנגענומען, אז דאָס לעבעדיג־ווערען און דאָס אויפהויבען זיך אין דער לופטען איז אויף אן אמת פאַרגעקומען, וואָלט עס דאַך געקאָנט געזעהען ווערען וועניגסטענס פון אַלע מענשען אין ירושלים, פּונקט ווי דאָס אויפ־הויבען זיך פון א לופט־באַלאָן אדער ווי די זון אין מיטען ביי־טאָג. א זאַך, וואָס יעדער איינער איז אין איהר מחויב צו גלויבען פאָדערט, אז זי זאָל קלאָר און דייטליך באַוויזען ווערען פאַר אַלע־מען גלייך; און אזוי ווי דער איינציג־מעגליכער באַווייז פון אָט־דעם לעצטען פאַל, דער איינציגער באַווייז, וואָס וואָלט געקאָנט באַשטעטיגען אויך דעם ערשטען טייל פון דער מעשה, איז נאָר דאָס עדות־זאָגען דערויף פון א סך מענשען, לאָזט זיך פון דער גאַנצער געשיכטע גאָרנישט אויס, ווייל אזא באַווייז איז אונז קיינ־מאָל נישט געגעבען געוואָרען. אנשטאָט דעם, שטעלט מען אונז גאָר פאַר א קליינע צאָל מענשען, נישט מעהר ,ווי אכט אדער

גיין, וואס פארטרעטען אלעמען; זיי דערקלערען פאר דער גאנ־צער וועלט, אז זיי האבען דאס אליין געזעהען, און די וועלט דארף זיי גלויבען. עס זעהט אבער אויס, אז טאמאס האט נישט געג־לויבט אין ישו'ס אויפשטיין פון קבר, און, ווי מען דערציילט, האט ער באין אופן נישט געוואלט גלויבען אין דעם, נישט האבענ־דיג צוגעזעהן עס מיט זיינע אייגענע אויגען און אנגעטאפט דעם לעבעדיג־געווארענעם מיט זיינע אייגענע הענט. און פונקט אזוי וועל איך אויך נישט גלויבען, און איך האב דערויף פונקט אזא גוטען גרונט, ווי טאמאס און ווי יע־דער אנדער מענש.

דער גאנצער ענין לאזט זיך נישט פארהוילען. די מעשה, וואס עס איז שייך צו איהר איבערנאטירליכען טייל, טראגט אויף זיך אלע קלארע סמנים פון שווינדעל און באטרוג. ווער די פאר־פאסערס איהרע זיינען געווען איז פאר אונז פונקט אזוי אוממעג־ליך צו וויסען, ווי עס איז אוממעגליך פאר אונז צו זיין זיכער, אז די ביכער, אין וועלכע די מעשה ווערט איבערגעגעבען, זיינען באמת געשריבען געווארען פון יענע מענשען, וועמענס נעמען זיי טראגען; דער בעסטער לעבעדיגער באווייז פון אט־דער אנגעלע־גענהייט, וואס מיר האבען איצט, זיינען די אידען. זיי שטאמען דירעקט אפ פון יענעם פאלק, וואס האט געלעבט אין דער צייט, ווען אט־דאס לעבעדיג־ווערען און דאס אויפשטייגען צום הימעל איז, ווי מען דערציילט אונז, פארגעקומען, און זיי זאגען, אז דאס איז נישט אמת. עס איז מיר שוין לאנג פארגע־קומען עפיס גאר נישט־שכל'דיג צו ברייננגען די אידען, ווי א ראיה פון דער אמת'דיגקייט פון אט־דער מעשה. עס איז פונקט דאס אייגענע, ווי ווען א מענש וואלט געזאגט: כדי צו באווייזען דעם אמת פון דעם, וואס איך האב געזאגט, וועל איך ברייננגען מענשען, וואס זאגען, אז דאס איז פאלש.

אז אזא מענש, ווי ישו הנוצרי, האט באמת געלעבט און אז ער איז געקרייציגט געווארען, ווי דאס איז אין יענער צייט געווען דער שטיינער פון הינריכטונג, איז א פאקט, וואס די געשיכטע האט פעסטגעשטעלט אין די גרענעצען פון ווארשיינליכקייט. ער

האָט געפּערדיגט די פיינסטע מאָראַל און די גלייכהייט פון מענ־שען; ער האָט אָבער אויך געפּערדיגט קעגען דער אומערליכקייט און נייציגקייט פון די אידישע פּריסטער, און דאָס האָט אַרויס־גערופען אַנטקעגען איהם זייער האַס און צאָרן. זיי האָבען איהם באַשולדיגט אין העצען און אין פאַרשווערונג קעגען דער רוימישער מלוכה, צו וועלכער די אידען זיינען אין יענער צייט געווען אונ־טערטעניג; און עס איז גאַנץ מעגליך, אַז די רוימישע רעגירונג האָט, פּונקט ווי די אידישע פּריסטער, זיך אויך געשראָקען פאַר די רעזולטאַטען פון זיין לערע; עס איז אויך נישט אויסגעשלאָסען. אַז ישו הנוצרי האָט געהאַט אין זיין געדאַנק צו באַפרייען דאָס אידישע פאָלק פון דעם רוימישען יאָך. אָבער ווי דאָס זאָל נישט זיין, האָט דער ערליכער רעפאָרמער און רעוואָלוציאָנער צווישען די ביידע דערוועיל פאַרלאָרען זיין לעבען.

אויף אַט־די איינפאַכע פאַקטען, אינאיינעם מיט נאָך אַ פאַל, וועגען וועלכען איך וועל באַלד רעדען, האָבען עס די קריסטליכע מיטאָלאָגיסטען, וואָס רופען זיך אַליין די קריסטליכע קירך, אויפ־געבויט זייער פאַבעל, וואָס איבערטרעפט מיט איהרע גוזמאות און אומזיניגקייט אַלצדינג, וואָס מען קאָן נאָר געפינען אין דער מיטאָ־לאָגיע פון די אוראַלטע פעלקער.

די אוראַלטע מיטאָלאָגיסטען דערציילען אונז, אַז די ראַסע פון ריזען האָט דערקלערט יופּיטער'ן מלחמה, און איינער פון זיי האָט מיט איין מאָל אַ שליידער געטון אויף איהם גאַנצע הונ־דערט פעלזענבערג; יופּיטער האָט איהם באַזיגט מיט זיין דונערען און פאַרשפּאַרט אונטער'ן באַרג עטנאַ, — און יעדען מאָל, ווען דער ריז טוט זיך דאָרט אַ ריר, הויבט דער באַרג אָן שיסען מיט פייער.

עס איז דאָ לייכט צו זעהן, אַז דאָס, וואָס דער באַרג איז אַ וואולקאַן, האָט סוגערירט דעם געדאַנק וועגען דער פאַבעל, און די פאַבעל איז געמאַכט געוואָרען אַזוי, אַז זי זאָל זיך פּאַסען צו דעם און זיך דערמיט ענדיגען.

די קריסטליכע מיטאָלאָגיסטען דערציילען אונז, אַז זייער שטן האָט דערקלערט מלחמה דעם אַלמעכטיגען, וועלכער האָט איהם

באזינגט און פארשפארט נים אונטער א בארג, נאר אין שאול תחתיה אריין. עס איז דא לייכט צו זעהן, אז די ערשטע פאבעל האט סוגערירט דעם געדאנק וועגען דער צווייטער; ווייל די פאבעל וועגען יופיטער׳ן און די ריזען איז דערציילט געווארען מיט פיל הונדערטער יאהרען פאר דער פאבעל וועגען דעם שטן.

ביז אהער איז די נפקא־מינה צווישען די אוראלטע און די קריסטליכע מיטאלאגיסטען זעהר א קליינע. אבער די לעצטע זיינען נאר אוועק פיל ווייטער אין זייערע אויסטראכטונגען. זיי האבען פארבונדען דעם פאבעלהאפטען טייל פון דער מעשה וועגען ישו הנוצרי מיט דער פאבעל, וואס שטאמט פון דעם בארג עטנא; און כדי אלע טיילען פון דער מעשה זאלען שטימען צווישען זיך, האבען זיי גענומען זיך צו הילף די אידישע לעגענדען; ווייל די קריסטליכע מיטאלאגיע איז צוזאמענגעשטעלט געווארען טיילווייז פון דער אוראלטער מיטאלאגיע און טיילווייז פון די אידישע לעגענדען.

פארשפארט דעם שטן אין שאול תחתיה אריין, זיינען די קריסטליכע מיטאלאגיסטען שפעטער געווען געצוואונגען איהם ארויסצולאזען, כדי צו קאנען ווייטער פארטזעצען זייער פאבעל. ער ווערט דעמאלט אריינגעפירט אין גן עדן, אין דער פארם פון א שלאנג, און אזוי ארום פארפירט ער אן אינטימען געשפרעך מיט חוה׳ן, וועלכע ווערט גארנישט איבעראשט צו הערען א שלאנג רעדען; דער סוף פון דעם געשפרעך איז, אז ער רעדט זי איין צו עסען אן עפעל, און דאס עסען דעם עפעל ברייננט א קללה אויף אלע מענשען.

נאכדעם, ווי די קירכען־מיטאלאגיסטען האבען אויף אזא אופן געלאזט דעם שטן טריאומפירען איבער דער גאנצער יצירה, וואלט מען, דאכט זיך, געקאנט דערווארטען, אז זיי זאלען אזוי גוט זיין און איהם שיקען צוריק אין שאול תחתיה אריין; אדער, אויב זיי האבען דאס נישט געטון, ארויפשטעלען אויף איהם א בארג (ווייל זיי זאגען, אז זייער גלויבען קאן רירען א בארג פון ארט), אדער ארונטערלייגען איהם א ו נ ט ע ר א בארג, ווי די פריהערדיגע מיטאלאגיסטען האבען דאס געטון, כדי נישט צו דערלאזען איהם

ארײנקומען נאכאמאל צװישען פרויען און אנטון נאך מעהר שא־
דען. אבער אנשטאט דעם, האבען זײ איהם גאר ארויסגעלאזט
אויף דער פרײ, נישט צװינגענדיג איהם אפילו צו געבען זײן
װארט. דער סוד דערפון באשטײט אין דעם, אז זײ האבען זיך
אז איהם גארנישט געקאנט באגײן, און נאכדעם, װי זײ האבען
זיך מטריח געװען צו באשאפען איהם, האבען זײ איהם אונטער־
געקויפט צו פארבלײבען מיט זײ. זײ האבען איהם אין פאראויס
צוגעזאגט אלע אידען, אלע טערקען, מיט א צוגאב נאך
פון נײן־צענטעל פון דער װעלט און מיט מחמד׳ן בתוכם. קאן
דען אימיצער נאך דעם גאר צװײפלען אין דער פרײנגביגקײט פון
דער קריסטליכער מיטאלאגיע?

ארויסגערופען אן אויפשטאנד און א מלחמה אויפ׳ן הימעל,
װאו קײנער פון בײדע צדדים האט נישט געקאנט נעהרג׳עט אדער
פארװאונדעט װערען, ארײנגעװארפען דעם שטן אין שאול תחתיה
ארײן, צוריק ארויסגעלאזט איהם פון דארטען, געלאזט איהם טרי־
אומפירען איבער׳ן גאנצען באשאף און געבראכט א קללה אויף
דער גאנצער מענשהײט דורך עסען אן עפעל, האבען די דאזיגע
קריסטליכע מיטאלאגיסטען אזױ ארום צוזאמענגעפירט בײדע עקען
פון זײער פאבעל. זײ שטעלען פאר אט־דעם גוטהארציגען און
ערליכען מענשען, ישו הנוצרי, צוגלײך אי פאר גאט און אי פאר
א מענשען ,און אויך פאר דעם זון פון גאט, װאס איז געבוירען
געװארען אויף א געטליכען אופן, כדי געבראכט צו װערען פאר
א קרבן, װײל חוה, זאגען זײ, האט אין איהר גלוסטונג געגעסען
אן עפעל.

באזײטיגענדיג פון אט־דער מעשה יעדע זאך, װאס קאן ארויס־
רופען געלעכטער מיט איהר אומזיניגקײט אדער א געפיל פון אפ־
שײליכקײט מיט איהר פראפאנאציע, און באגנינגענדיג זיך נאר מיט
דער אויספארשונג פון איהרע טײלען, װעט אויך אוממעגליך זײן
פארצושטעלען זיך נאך א מעשה, װאס זאל אזױ קלײן־מאכען דעם
אלמעכטיגען, אזױ װעניג שטימען מיט זײן חכמה און אזױ סותר
זײן זײן מאכט, װי אט־די מעשה טוט עס.

כדי צו האבען א פונדאמענט, אויף װעלכען זײ זאלען קאנען

אויפבויען די גאנצע געשיכטע, זיינען די אויסטראכטער געווען געצוואונגען צו געבען דעם ווערען, וואס זיי רופען איהם אן שטן, פונקט אזא גרויסע און אפשר נאך א גרעסערע מאכט, ווי זיי האבען צונערעכענט צום אלמעכטיגען אליין. זיי האבען איהם נישט נאר געגעבען די מאכט צו באפרייען זיך נאך דעם, וואס זיי רופען אז זיין פאלען, פון דער שאול תחתיה, נאר זיי האבען שפעטער גע־לאזט זיין מאכט שטייגען ביז דער אומענדליכקייט. פאר זיין פאלען שטעלען זיי איהם בלויז פאר, ווי א מלאך מיט א באשרענק־טער עקזיסטענץ, ווי זיי שטעלען פאר אלע איבעריגע מלאכים. נאך זיין פאלען ווערט ער, לויט ווי זיי דערציילען, אל־אנוועזענדיג. ער עקזיסטירט גלייכצייטיג אומעטום. ער פארנעמט דעם גאנצען אומענד פון רוים.

נישט באנוגענט מיט דער פארגעטערונג פון דעם שטן, לאזען זיי איהם נאך, אין דער פארם פון א חיה, בייקומען מיט שלויאינקייט די גאנצע מאכט און חכמה פון דעם אלמעכטיגען. זיי שטעלען איהם פאר, ווי ער וואלט געבראכט דעם אלמעכטיגען צו אזא מצב, אז ער האט געמוזט טון איינס פון דיביידע, אדער איבער־געבען די גאנצע יצירה צו דער מאכט און אויבערהערשאפט פון שטן, אדער אראפקומען, צוליב איהר אויסלעזונג, אויף דער ערד און זיך ווייזען אויף א קרייץ אין דער געשטאלט פון א מענשען.

וואלטען די פארפאסער פון אט־דער מעשה דערציילט זי אויף דעם פארקערטען אופן, ד.ה., וואלטען זיי פארגעשטעלט דעם אל־מעכטיגען, ווי ער וואלט געצוואונגען דעם שטן צו ווייזען זיך אויף א קרייץ אין דער פארם פון א שלאנג, באשטראפענדיג איהם דערמיט פאר זיין נייער זינד, וואלט די מעשה געווען נישט אזוי אומזיניג און ווידערשפרעכיג. אבער אנשטאט דעם, לאזען זיי גאר דעם בעל עברה טריאומפירען און דעם אלמעכטיגען פאלען.

איך צווייפעל גארנישט, אז א סך גוטע מענשען האבען געג־לויבט אין דער משונה׳דיגער פאבעל און האבען מיט אט דעם גלויבען געלעבט זעהר גוט, — לייכטגלויביגקייט איז נישט קיין פארברעכען. קודם כל האט מען זיי געלערנט צו גלויבען אין דעם, און זיי וואלטען פונקט אזוי געגלויבט אין יעדער אנדער זאך. עס

זיינען אויך פאַראַן פיל מענשען, וואָס פאַלען אריין אין אַזאַ התפּעלות איבער דעם, וואָס גאָט האָט, ווי זיי שטעלען זיך עס פאָר, אין זיין אומענדליכער ליבע צום מענשען געבראַכט אַ קרבן, אַז די געוואַלטיגקייט פון אַט־דעם געדאַנק פאַרביט זיי און שרעקט זיי אָפּ פון אויספאָרשען נאָר די אומזיניגקייט און פּראָפּאָגאַציע פון דער מעשה. וואָס אומנאַטירליכער אַ זאַך איז, אַלץ גיכער קאָן זי ווערען דער אָביעקט פון פּחד און פאַרערונג.

אָבער אויב מיר פאַרלאַנגען באמת אָביעקטען פאַר אונזער דאַנקבאַרקייט און פאַרערונג, שטעלען זיי זיך דען נישט פאַר יעדע שעה פאַר אונזערע אויגען? זעהען מיר דען נישט פאַר זיך אַ שענע וועלט, וואָס איז גרייט אונז אויפצונעמען גלייך, ווי מיר ווערען נאָר געבוירען, — אַ וועלט, וואָס ווערט אונז געגעבען גאָר בחנם? זיינען דען דאָס מיר, וואָס צינדען אָן די זון, וואָס לאָזען גיסען דעם רעגען און פילען אָן די ערד מיט שפע? צי מיר שלאָפען, אָדער זיינען וואַך, דער אומגעהויערער מעכאַניזם פון דעם אוניווערז בלייבט קיינמאָל נישט שטיין. האָבען דען פאַר אונז די דאָזיגע אַלע זאַכען און דאָס גליק, וואָס זיי זאָגען אונז צו אין דער צוקונפט, קיין שום ווערדע נישט? קאָנען דען אונזערע גראָבע געפילען נישט אויפגערעגט ווערען פון קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר פון טראַגעדיע און זעלבסטמאָרד? אָדער איז שוין דער מענש אַזוי ווייט אוועק אין זיין גאוה, אַז קיין אַנדער זאַך קאָן איהם שוין גאָרנישט שמייכלען, ווי נאָר אַ קרבן פון דעם בורא אַליין?

איך ווייס, אַז די דאָזיגע געוואַגטע פאָרשונג וועט אויפרעגען פיל מענשען, אָבער אָפּזאָגען זיך דערפון צוליב זיי וואָלט געהייסען שוין צופיל נאָכגעבען זייער לייכטגלויבינקייט; די צייט און דער ענין פאָדער־ען, אַז דאָס זאָל געטון ווערען.

דער חשד, אַז די לערע פון דער אַזוי־גערופענער קריסטליכער קירך איז אַ פאַנטאַסטישע, ווערט שטאַרק פאַרשפרייט אין אַלע לענדער; און די מענשען, וואָס זיינען איבער אַט־דעם חשד־מטושטש געוואָרען און ווייסען נישט, אין וואָס זיי זאָלען גלויבען און אין וואָס נישט, דאַרפען מיט פרייד אויפנעמען אַ פרייע אויספאָרשונג פון דעם דאָזיגען ענין. איך טריט דעריבער

גלייך צו צו דער אויספארשונג פון די ביכער, וואס ווערן אנגע־רופען דער אלטער און נייער טעסטאמענט.

די דאזיגע ביכער, אנהויבענדיג פון ב ר א ש י ת און ענ־דיגענדיג מיט ד ע ר א נ ט פ ל ע ק ו נ ג פ ו ן י ו ח נ ן (וואס איז אגב א בוך פון רעטענישען, פאר וועלכע עס פאדערט זיך אן אנטפלעקונג צו דערקלערען זיי), זיינען, ווי מען זאגט אונז, דאס ווארט פון גאט. עס וואלט דעריבער געווען פאר אונז גאנץ גוט צו וויסען, ווער עס האט אונז דאס געזאגט, כדי מיר זאלען וויסען, ווי וויים מיר קאנען אין דעם גלויבען. דער ענטפער אויף אט־דער פראגע איז, אז קיינער קאן דאס נישט זאגען, אחוץ וואס מיר זאגען עס איינער דעם אנדערען. היסטאריש זעהט אבער די זאך אויס צו זיין אזוי:

ווען די קירכען־מיטאלאגיסטען האבען געגרינדעט זייער שטה, האבען זיי צוזאמענגעקליבען אלע שריפטען. וואס זיי האבען נאר געקאנט באקומען, און זיי צונויפגעשטעלט, ווי זיי האבען געוואלט. מיר קאנען נישט וויסען אויף זיכער, צי אט־די שריפטען, וואס מיר האבען איצטער אונטער דעם נאמען אלטער און נייער טעס־טאמענט, זיינען אין דעמזעלביגען צושטאנד, אין וועלכען די זאמ־לער האבען, ווי זיי באהויפטען, זיי געפונען, אדער זיי האבען עפים מוסיף געווען, געענדערט, פארקירצט, אדער באארבייט.

אבער ווי דאס זאל נישט זיין, האבען זיי דורך א פ ש ט י־מ ו נ ג באשלאסען, וועלכע ביכער פון אט־דער זאמלונג זאלען זיין ג א ט ' ס ו ו א ר ט און וועלכע נישט. איינינגע ביכער האבען זיי צוריקגעוויזען; אנדערע האבען זיי באשלאסען צו בא־טראכטען פאר צווייפעלהאפטע, ווי, למשל, די ביכער, וואס ווערען אנגערופען א פ א ק ר י פ ע ן (כתובים אחרונים); און יענע ביכער, וואס האבען באקומען די גרעסטע צאל שטימען, זיינען אנ־גענומען געווארען פאר גאט'ס ווארט. וואלטען זיי געשטימט אנ־דערש, וואלטען אלע מענשען, רופענדיג זיך אלץ קריסטען, געגלויבט אנדערש — ווייל זייער גלויבען קומט פון אט־דער אפשטימונג. ווער עס זיינען געווען די מענשען, וואס האבען דאס געטון, ווייסען

מיר נישט; זיי האבען זיך גערופען מיט׳ן כלל־נאמען ק י ר ד, און דאס איז אלץ, וואס מיר ווייסען וועגען אט־דעם ענין.

אזוי ווי מיר האבען נישט קיין שום אנדער דרוי־סענדיגען באַ־וויז אדער באשטעטיגונג פון דעם, אז די דאזיגע ביכער זיינען באמת גאט׳ס ווארט, א חוץ דעם אויבענדערמאנטען, וואס דאס איז לחלוטין גאר נישט קיין באווייז אדער באשטעטיגונג, וועט מיין נאהענטסטער שריט זיין די אויספארשונג פון דעם אינעווייניגסטען באווייז, וואס געפינט זיך אין די ביכער גופא.

איך האב פריהער גערעדט וועגען אנטפלעקונג; איך וועל איצט ווידער באהאנדלען אט־דעם ענין, כדי צו קאנען איהם אנווענדען אויף דעם טעסטאמענט.

אנטפלעקונג איז א מיטטיילונג פון עפים א זאך, וואס דער מענש, צו וועמען אט־די זאך איז אנטפלעקט געווארען, האט פריי־הער פון איהר נישט געוואוסט. ווייל אויב איך האב געטון עפים א זאך, אדער געזעהען, ווי אימיצער האט זי געטון, נויטיג איך זיך נישט אין קיין אנטפלעקונג, וואס זאל מיר זאגען, אז איך האב די זאך געטון אדער געזעהען, אדער מיך לאזען וועגען איהר דערציילען אדער אנשרייבען.

אויף אזא אופן קאן דאס ווארט אנטפלעקונג נישט אנגעווענדט ווערען אויף עפים אזוינס, וואס דער מענש קאן אליין טון אדער זעהן אויף דער ערד; און מחמת דעם קאנען די אלע היסטארישע און דערציילערישע טיילען פון דער ביבעל, וואס דאס איז כמעט איהר גאנצער אינהאלט, נישט איינגעשלאסען ווערען אין דעם באַ־גריף און אומפאסונג פון דעם ווארט א נ ט פ ל ע ק ו נ ג און זיינען, הייסט עס, נישט דאס ווארט פון גאט.

ווען שמשון איז אנטלאפען מיט די טויערען־סלופעס פון עזה, אויב ער האט עס בכלל געטון (אגב איז עס פאר אונז אלץ איינס, צי ער האט עס געטון אדער נישט). אדער ווען ער האט באזוכט דלילה׳ן, אדער געכאפט די פוקסען, אדער געטון עפים אנדערש, איז וואס געהער זיך אן אנטפלעקונג מיט אט־די אלע זאכען? אויב זיי זיינען געווען פאקטען, האט ער זיי אליין געקאנט דערציילען, אדער זיין סעקרעטאר, אויב ער האט נאר געהאט אזוינעם, האט

זיי געקאַנט אויפֿשרײַבן. אויב זיי זײַנען נאָר ווערט געווען, אַז מען זאָל זיי דערציילן אָדער אויפֿשרײַבן; און אויב דאָס זײַנען געווען פֿיקטיווע זאַכן, האָט קיין שום אַנטפּלעקונג זיי נישט גע־קאָנט מאַכן אמת'דיג; אָבער סײַ זאָ אין דעם ערשטן און סײַ אין דעם צווייטן פֿאַל זײַנען מיר ניט געוואָרן בעסער אָדער קליגער דערפֿון. וואָס מיר האָבן זיך דערוואוסט די דאָזיגע זאַכן. ווען מיר פֿאַרטיפֿן זיך אין דער אין־סוף'יגקייט פֿון דעם וועזן, וואָס פֿירט און באַוועלטיגט די סודות'דיגע וועלט, דאַרפֿן מיר זיך גאָר שעמען אַנצורופֿן אַזעלכע נישטיגע מעשיות דאָס וואָרט פֿון גאָט.

וואָס עס איז שייך צו דער מעשה וועגן דער באַשאַפֿונג פֿון דער וועלט, מיט וואָס עס הויבט זיך אָן דער ספֿר בראשית, זעהט עס דורכאויס אויס צו זײַן אַ לעגענדע, וואָס איז אַרומגעגאַנ־גען צווישן די קינדער פֿון ישׂראל, איידער זיי זײַנען אַנגעקומען קיין מצרים; און נאָכדעם. ווי זיי זײַנען אַוועק פֿון דעם דאָזיגן לאַנד, האָבן זיי אַט־די לעגענדע אַוועקגעשטעלט ביים אָנהויב פֿון זייער געשיכטע, נישט דערציילענדיג (ווי מען קאָן זיך משער זײַן) אַז זיי האָבן נישט געוואוסט, פֿון וואַנען זי האָט זיך צו זיי גע־קומען. דער שטייגער, ווי די מעשה הויבט זיך אָן, ווייזט אָן אויף איר לעגענדאַרישן כאַראַקטער. זי הויבט זיך אָן עפּיס אַפּגעריס־סען; קיינער רעדט אין איהר נישט; קיינער הערט נישט; זי ווערט צו קיינעם נישט געווענדט; עס איז אין איהר נישטאָ ניט קיין ערשטע, ניט קיין צווייטע און ניט קיין דריטע פּערזאָן; זי פֿאַר־מאָגט אַלע סמנים פֿון אַ לעגענדע; זי האָט נישט קיינעם, וואָס זאָל ערב זײַן פֿאַר איהר אמת'דיגקייט. משה נעמט נישט אויף זיך אַרײַנצופֿירן זי מיט דער זעלביגער פֿאָרמאַליטעט, וואָס ער באַ־נוצט ביי אַנדערע פֿאַלן, ווי, למשל, זאָגענדיג: „וידבר ה' אל משה לאמר".

וואָרום מען האָט דאָס אַ נאָמען געגעבן די מאָזאַאישע דערציילונג פֿון דער וועלט־באַשאַפֿונג, הויב איך ניט אָן צו פֿאַרשטיין. משה, גלויב איך, איז געווען אַ צו־גוטער מבֿין אויף אַזוינע זאַכן, אַז ער זאָל אַוועקשטעלן זײַן

נאָמען אויף אַט־דער געשיכטע. ער איז אויפגעצויגן געוואָרן צווישען די עגיפּטער, וועלכע זיינען געווען אזוי געניט אין וויסענשאַפט, און דערהויפּט אין אסטראָנאָמיע, ווי וואָסער־עס־איז אַנדער פאָלק פון יענער צייט; און משה'ס שווייגען וועגען אַט־דער מעשה און זיין אויסהיטען זיך ניט צו באַשטעטיגען זי, איז א גוטער נעגאַטיווער באַווייז, אז ניט ער האָט זי דערציילט און ניט ער האָט געגלויבט אין איהר. דער אמת איז, אז יעדע נאַציע איז געווען א וועלט־באַשאַפער, און די קינדער פון ישראל האָבען געהאַט פּונקט אזאַ רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט וועלט־באַשאַפונג, ווי אַלע אַנדערע פעלקער; און אזוי ווי משה איז נישט געווען קיין ישראלי, האָט ער מן הסתם ניט געהאַט קיין פאַרלאַנג צו ווידערשפּרעכען דער לעגענדע. די דערציילונג איז פונדעסטוועגען א גאַנץ אומשעדליכע, וואָס דאָס קאָן ניט געזאָגט ווערען וועגען פיל אַנדערע טיילען פון דער ביבעל.

יעדען מאָל, ווען מיר לייענען די אויסגעלאַסענע מעשיות, יעדען מאָל, ווען מיר לייענען וועגען דער ווילדער צעלאַזענקייט, וועגען די גרויזאַמע און פּייניגענדיגע היגריכטונגען און אום'רחמנות'־דיגער נקמה־גיריגקייט, מיט וואָס אריבער א העלפט פון דער ביבעל איז איבערגעפילט, דאַכט זיך אונז, אז עס וואָלט געווען פיל פּאַסיגער צו רופען זי דאָס וואָרט פון א דעמאָן, ווי דאָס וואָרט פון גאָט. עס איז א געשיכטע פון רשעות, וואָס האָט געהאָלפען צו פאַרדאַרבען און פאַרווילדעווען די מענשהייט; און איך, פון מיין זייט, האָס זי מיט'ן גאַנצען האַרצען, ווי איך האָס אַלץ, וואָס איז גרויזאַם.

מיט דער אויסנאַם פון איינינגע פּראַזען, טרעפען מיר אין דער ביבעל קוים עטוואָס, וואָס זאָל ביי אונז ניט ארויסרופען קיין געפיל פון אַפּשייליכקייט און פאַראַכטונג, ביז וואַנען מיר קומען ניט צו צו איהרע געמישטע טיילען. אין די אַנאָנימע ספרים, תהלים און איוב, דערהויפּט אין דעם לעצטען, געפינען מיר א חיבש ביסעל דערהויבענע געפילען, וואָס ווערען מיט יראת הכבוד אויסגעדריקט צו דער מאַכט און גוטסקייט פון דעם אַלמעכטיגען; אָבער זיי דערהויבען זיך נישט איבער די פילע אַנדערע פאַרפאַסונגען

אויף ענליכע טעמעס, וואס זיינען ערשינען פאר און נאך יענער צייט.

דער ספר מ ש ל י, וואס ווערט צוגעשריבען צו שלמה'ן, אגב עס איז גיכער פון אלץ א זאמלונג (ווייל עס ווערט דארט ארויסגעוויזען א באקענטשאפט מיט'ן לעבען, וואס איז אוממעגליך געווען פאר שלמה'ס קיניגליכער לאגע), שטעלט פאר מיט זיך א מין זיטען־לערע די שפריכווערטער פון אט דעם ספר שטייען אפ אין טיפקייט פון די שפאנישע שפריכווערטער און זיינען נים קלי־גער און קאנדענסירטער פון די שפריכווערטער פון דעם אמערי־קאנער פראנקלין.

אלע איבעריגע טיילען פון דער ביבעל, וואס זיינען מערסטענס באוואוסט אונטער'ן נאמען נ ב י א י ם, זיינען די ווערק פון די אידישע פאעטען און וואנדערענדיגע פרעדיגער, וואס האבען צו־זאמענגעמישט פאעזיע, מעשה'לעך און ליבע צו גאט, — און זיי האלטען אן זייער פאעטישע מעלארישקייט און סטיל אפילו אין אן איבערזעצונג.

אין דעם גאנצען בוך, וואס ווערט אנגערופען ביבעל, געפינט זיך נישט קיין ווארט, וואס זאל באטייטען דאס, וואס מיר רופען פ א ע ם, אדער דאס, וואס מיר רופען אן פ א ע ז י ע. דער אמת איז, אז דאס ווארט נ ב י א, וואס אין די שפעטער־דיגע צייטען איז איהם צוגעגעבען געווארען א נייער באגריף, איז געווען דאס ביבלישע ווארט פאר'ן באגריף פאעט, און דאס ווארט נ ב י א ו ת האט באטייט די קונסט פון פאעזיע. עס האט אויך באטייט די קונסט צו שפילען אויף וואסער עס־איז מוזיקאלישען אינסטרומענט.

מיר לייענען וועגען נ ב י א ו ת ־ ז א נ ג ע ן מיט פייפלער, האנטפייקלעך און טרומייטען, וועגען נביאות־זאנגען מיט האר־פען, פסאלטערס, צימבלען און יעדען מין אינסטרומענט, וואס איז נאר געווען דעמאלט אין דער מאדע. וואלטען מיר היינט גערעדט וועגען נביאות־זאנגען מיט א פידעל, אדער מיט א פייפעל און א פייקעל, וואלט אזא אויסדרוק ניט געהאט קיין שום זין אדער אויס־

געזעהען לעכערליך און פּאָר אייניגע מענשען אפילו לעסטערענדיג, ווייל מיר האָבען געענדערט די באַטייטונג פון דעם וואָרט.

מען דערציילט אונז, אז שאול איז געווען צווישען די נביאים און האָט אויך נביאות געזאָגט; מען דערציילט אונז אָבער נישט, וואָס זיי האָבען נביאות־געזאָגט און אויך נישט, וואָס שאול האָט נביאות־געזאָגט. דער אמת איז, אז עס איז נישט געווען וואָס צו דערציילען; ווייל די דאָזיגע נביאים זיינען געווען אַ קאָמפּאַניע מוזיקאַנטען און פּאָעטען און שאול איז צוגעשטאַנען צום קאָנצערט, און דאָס האָט געהייסען נביאות־זאָגען.

אין ספר שמואל ווערט וועגען דעם דערציילט, אז שאול האָט באַגעגענט אַ קאָמפּאַניע נביאים — אַ גאַנצע קאָמפּאַניע — וואָס זיינען אַראָפּגעקומען מיט פּסאַלטערס, פּויקען, פּייפּלעך און האַרפּען און האָבען נביאות געזאָגט און ער האָט אינאיינעם מיט זיי נביאות געזאָגט. אָבער שפּעטער ווייזט זיך אַרויס, אז שאול האָט שלעכט נביאות געזאָגט, ד. ה. ער האָט שלעכט דורכגעפיהרט זיין ראָלע; ווייל עס ווערט געזאָגט, אז אַ „שלעכטער גייסט פון גאָט (רוח רעה מאת ה׳)*) איז געקומען אויף שאול׳ן און ער האָט נביאות געזאָגט.“

ווען מיר וואָלטען נישט געהאַט מער, ווי אָט־די איינע שטעל פון דער ביבעל, וואָס זאָל אונז ווייזען, אז מיר האָבען פאַרלאָרען די לכתחילה׳דיגע באַטייטונג פון דעם וואָרט נביאות און זי פאַרביטען אויף אַן אַנדער באַטייטונג, וואָלט עס אויך גענוג געווען; ווייל עס איז אוממעגליך צו באַנוצען און אַנווענדען דאָס וואָרט נביאות אַזוי, ווי עס ווערט דאָ באַנוצט און אַנגעווענדט, אויב מיר וועלען איהם צוגעבען דעמזעלביגען זין, וואָס איז איהם צוגע־

---

*) אַזוי ווי די לויט, וואָס רופען זיך טעאָלאָגען און מפרשים, האָבען זעהר ליב צו פאַרגעבען איינער דעם צווייטען רעטעניִשען, לאָז איך איבער צו זיי צו מתוכח זיין זיך איבער דער באַטייטונג פון דעם ערש־טען טייל פון דעם זאַץ, פון די ווערטער „רוח רעה מאת ה“. איך האַלט זיך ביי מיין אויסטייטשונג פון דעם וואָרט נביאות.

געבען געווארען אין די שפעטערדיגע צייטען. דער שטייגער, ווי דאס ווארט ווערט דא באנוצט, נעמט פון איהם אוועק יעדען רע־ליגיעזען זין און וועיזט, אז א מענש האט דעמאלט געקאנט זיין א נביא אדער נ ב י א ו ת ־ ז א ג ע ן, פונקט ווי ער קאן איצט זיין א פאעט אדער מוזיקער, גאר אפגעזעהן פון דער מאראלישקייט אדער אוממאראלישקייט פון זיין כאראקטער. דאס ווארט איז לכתחילה געווען א קונסט־טערמין, וואס איז צוגלייך אנגעווענדט געווארען אי צו פאעזיע און אי צו מוזיק, ניט באשרענקט מיט וואס־ער־עס־איז באזונדערען טייל פון דער קונסט.

דבורה און ברק ווערען אנגערופען נביאים ניט דערפאר, ווייל זיי האבען עפים פאראויסגעזאגט, נאר דערפאר, ווייל זיי האבען פארפאסט די פאעמע אדער דעם שיר, וואס טראגט זייער נאמען, צום אנדענק פון א שוין געשעהענער זאך. דוד ווערט פאררעכענט צווישען די נביאים, ווייל ער איז געווען א מוזיקער און איז אויך אנגענומען געווארען (הגם אפשר גאנץ נישט ריכטיג) פאר'ן מחבר פון תהלים. אבער אברהם, יצחק און יעקב ווערען נישט אנגערופען נביאים; און פון קיין שום זאך, וואס ווערט וועגען זיי דערציילט, זעהען מיר נישט, אז זיי זאלען האבען געקענט זינגען, שפילען אדער שאפען פאעזיע.

מען דערציילט אונז וועגען די גרעסערע און קלענערע נביאים, מען וואלט אונז פונקט אזוי געקאנט דערציילען וועגען דעם גרעסע־רען און קלענערען גאט; ווייל לויט דעם מאדערנעם זין פון נביאות־זאגעריי, קאן אין דעם נישט זיין קיין גראדען. עס זיינען אבער פאראן גראדען אין פאעזיע, און אט־דער אויסדרוק האט א זין נאר דאן, ווען מיר פארשטייען אונטער איהם די גרעסערע און די קלע־נערע פאעטען.

נאך דעם איז אינגאנצען איבעריג אפצושטעלען זיך דערויף, וואס די דאזיגע מענשען, די אזוי־אנגערופענע נביאים, האבען גע־שריבען. דער ענין ווערט מיטאמאל דערלעדיגט, ווען מיר ווייזען אן, אז דער אנפאנגליכער זין פון דעם ווארט איז פארגרייזט גע־ווארען, און ממילא פארלירען שוין יעדען אינטערעס די אלע אויס־פירען, וואס ווערען געמאכט פון אט־די ספרים, דער הדור־הכבוד,

וואס ווערט זיי געגעבען, און די אלע פירושים, וואס זיינען איבער זיי אנגעשריבען געווארען. אין פיל פרטים פארדיינען אבער די כתבים פון די אידישע פאעטען א בעסערען מזל, ווי צו זיין צו־נויפגעמישט מיט די אלע נישטיגע זאכען, וואס באלייטען זיי אונ־טער דעם נישט־פאסיגען נאמען ד א ס ו ו א ר ט פ ו ן ג א ט.

אויב מיר ווילען האבען אמת'דיגע פארשטעלונגען וועגען זא־כען, מוזען מיר זיך ארייננעמען אין קאפ, אז דאס, וואס מיר בא־ערען מיט'ן נאמען ד א ס ו ו א ר ט פ ו ן ג א ט, איז אומ־פארענדערליך; קיין שום מיטלען אדער צופאלען קאנען אין דעם נישט אריינברייננגען אפילו די קלענסטע ענדערונג; און מחמת דעם קאן דאס ווארט פון גאט נישט עקזיסטירען אין וואסער־עס־איז גע־שריבענער אדער מענשליכער שפראך.

די ענדערונג, וואס מוז שטענדיג און נאכאנאנד פארקומען אין דער באטייטונג פון ווערטער, דאס פעלען פון אן אוניווערסא־לער שפראך, וואס דאס מאכט אומפארמיידליך דאס איבערזעצען, די גרייזען, וואס קומען געוויינטליך ארויס פון איבערזעצונגען, די גרייזען פון איבערזעצער און דרוקער, אינאיינעם מיט דער מעגליכ־קייט פון בכיון'דיגע ענדערונגען, — דאס אלץ איז א גוטער בא־וויין, אז די מענשליכע שפראך, סיי די גערעדטע און סיי די גע־שריבענע, איז א שלעכט מיטעל אויף איבערגעבען גאט'ס ווארט. דאס ווארט פון גאט עקזיסטירט אין עפּיס אן אנדער זאך.

וואלט אפילו די ביבעל איבערגעשטייגט אין ריינקייט פון אי־דעען און אויסדרוק אלע ביכער, וואס זיינען איצט בנמצא אין דער וועלט, וואלט איך זי אויך דאן נישט אנגענומען באמונה שלמה פאר גאט'ס ווארט, ווייל די מעגליכקייט צו ווערען פארפירט, וואלט דאך פאר מיר אויך דאן נישט געווען אויסגעשלאסען. אבער ווען איך זעה, אז דער גרעסטער טייל פון אט־דעם בוך איז נישט מער, ווי א געשיכטע פון די שענדליכסטע זינד און א זאמלונג פון די געמיינס־טע און נידעריגסטע מעשיות, קאן איך נישט ארויסווייזען אזוי ווע־ניג אכטונג צו מיין באשעפער און אנרופען עס מיט זיין נאמען.

דאס אלץ איז געזאגט געווארען וועגען דער ביבעל; איך וועל

איצט איבערגיין צום בוך, וואס ווערט אנגערופען דער נייער טעס־טאמענט. דער נייער טעסטאמענט! ד. ה., דער נייער ווילען, גלייך ווי עס וואלטען מעגליך געווען צוויי ווילענס פון דעם באשעפער.

וואלט ישו הנוצרי געהאט די כונה צו גרינדען א נייע רעליגיע, וואלט ער געוויס אליין געווען אנשרייבען זיין סיסטעם, אדער געלאזט זי אנשרייבען ביי זיין לעבען. עס איז אבער נישט בנמצא קיין שום פארפאסונג, וואס זאל זיין באמת פארבונדען מיט זיין אייגענעם נאמען. אלע ביכער, וואס ווערען אנגערופען דער נייער טעסטאמענט, זיינען גע־שריבען געווארען נאך זיין טויט. ער איז געווען א איד, סיי לויט זיין געבורט און סיי לויט זיין גלויבען; און ער איז געווען גאט'ס זון אויף דעמזעלביגען שטיינער, ווי יעדער אנדערש מענש— ווייל גאט איז דער פאטער פון אלע מענשען.

די ערשטע פיר ביכער, וואס ווערען אנגערופען מתי, מרקוס, לוקאס און יוחנן, גיבען נישט איבער די געשיכטע פון ישו הנוצרי'ס לעבען, נאר מער נישט, ווי איינציגע מעשיות וועגען אים. פון אט־די ביכער זעהט עס אויס, אז ארום און ארום האט ער געפרעדיגט נישט מעהר, ווי אין פארלויף פון אכצען חדשים; און טאקע נאר אין משך פון אט־דער קורצער צייט האבען די דאזיגע לייט זיך באקענט מיט איהם. זיי דער־ציילען, ווי ער איז, אין עלטער פון צוועלף יאר, געזעסען צווישען אידישע געלערנטע, שטעלענדיג און פארענטפערענדיג זיי אלערליי פראגעס. אזוי ווי דאס איז פארגעקומען מיט עטליכע יאר פאר דעם, ווי זיי האבען זיך מיט איהם באקענט, האבען זיי אט־דאס מעשה'לע געמוזט אודאי הערען פון זיינע עלטערען. פון דער צייט אן ביז נאך אן ערך זעכצען יאר ווערט וועגען איהם קיין זאך נישט דערציילט. עס איז נישט באוואוסט, וואו ער האט פאר דער צייט געלעבט און מיט וואס ער האט זיך באשעפטיגט. ער האט אודאי געמוזט זיך פארנעמען מיט סטאלעריי, וואס דאס איז אויך געווען זיין פאטער'ס מלאכה. עס זעהט נישט אויס, אז ער זאל זיך האָ־בען געלערנט אין א שולע; ער האט מן הסתם נישט געקאנט שריי־

בען, ווייל זיינע עלטערען זיינען געווען זעהר אָרעם, ווי דאָס איז צו זעהן פון דעם, וואָס זיי האָבען ביי זיין געבוירען נישט געהאַט צו באַצאָלען פאַר אַ בעטעל.

עס איז אַ מאָדנע זאַך, וואָס די דריי מענשען, וועלכע האָבען אַזאַ שם איבער דער וועלט, זיינען פון אַ זעהר טונקעלער אָפּשטאַמונג. משה איז געווען אַ געפונען קינד; ישו הנוצרי איז געבוירען געוואָרען אין אַ שטאַל; און מחמד איז געווען אַן אַנטרייבער פון אייזלען. דער ערשטער און דער לעצטער פון אָט־די דריי מענשען זיינען געווען גרינדער פון פאַרשיידענע רעליגיעזע שטות; אָבער ישו הנוצרי האָט קיין שום שטה נישט געגרינדעט. ער האָט גערופען די מענשען צו לעבען מיט גערעכטיגקייט און צו גלויבען אין דעם איין־איינציגען גאָט. דער וויכטיגער שטריך אין זיין כאַראַקטער איז געווען ליבע צו מענשען.

דער אופן, ווי ער איז פאַרהאַפּט געוואָרען, ווייזט, אַז ער איז אין יענער צייט ניט געווען פיל באַוואוסט, אַז די פאַרזאַמלונגען, וואָס ער האָט געהאַלטען מיט זיינע נאָכפאָלגער, זיינען פאַרגעקומען אין געהיים און אַז ער האָט אויפגעגעבען אָדער אָפּגעלייגט דאָס עפענטליכע פּרעדיגען. יהודה האָט איהם אַנדערש נישט געקאָנט אויסגעבען, ווי נאָר לאָזענדיג וויסען, וואו ער האָט זיך געפונען, און אָנווייזענדיג אויף איהם די פאָלדאַטען, וואָס זיינען געקומען איהם אַרעסטירען; און דאָס, וואָס מען האָט זיך באַנוצט מיט יהודה'ן און איהם באַצאָלט פאַר דער מסירה, האָט געקאָנט אַרויסגערופען ווערען נאָר דורך דער דערמאָנטער סבה, דורך דעם, וואָס ישו הנוצרי איז נישט געווען פיל באַוואוסט און האָט זיך אויסבאַהאַלטען.

זיין אויסבאַהאַלטען זיך שטימט זעהר שלעכט מיט זיין אָנגענומענער געטליכקייט און גיט אָנצוהערעניש אויף זיין קליינמוטיגקייט; און דאָס, וואָס מען האָט איהם אויסגעגעבען, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, דאָס, וואָס מען האָט איהם פאַרהאַפּט אויף דער מסירה פון איינעם פון זיינע נאָכפאָלגער, ווייזט, אַז ער האָט גאָרנישט געוואָלט פאַרהאַפּט ווערען און ממילא אויך נישט שטאַרבען אויפ'ן קרייץ.

די קריסטליכע מיטאלאגיסטען זאגען אונז, אז ישו איז גע־שטארבען פאר די זינד פון דער וועלט און איז געקומען טאקע נאר. כדי צו שטארבען. אויב אזוי, וואלט עס דען נישט געווען אלץ איינס, צי ער וואלט געשטארבען פון פיבער אדער פון פאקען־קראנקהייט, פון עלטער אדער פון וואס־עס־איז?

די התראה, וואס איז געגעבען געווארען אדמ'ען נישט צו עסען פונ'ם עץ הדעת, האט, ווי די מיטאלאגיסטען דערציילען אונז, געלויטעט, אז אין פאל ער וועט אויף אט־דעם געבאט עובר זיין, וועט ער שטארבען (ומעץ הדעת טוב ורע לא תאכל ממנו, כי ביום אכלך ממנו מות תמות). אבער נישט אז ער וועט געקרייציגט ווערען, ד. ה. עס איז איהם ארויסגעזאגט געווארען דער טויט־אורטייל, אבער נישט דער אופן פון שטארבען. די קרייציגונג, אדער וואסער־עס־איז אנדער מין אופן פון שטארבען, איז דעריבער נישט געווען קיין טייל פון דער שטראף, וואס אדם האט באדארפט אפקומען, און ממילא האט עס, אפילו לויט זייער אייגענעם גאנג, אויך נישט געקאנט זיין קיין טייל פון דער שטראף, וואס ישו הנוצרי האט באדארפט אפקומען אויף אדמ'ס ארט. פיבער וואלט דא פונקט אזוי גוט געווען, ווי דאס קרייציגען, אויב נאר אזא זאך איז בכלל נויטיג געווען.

די שטראף פון טויט, וואס איז, ווי זיי דערציילען אונז, ארויס־געלייגט געווארען אויף אדמ'ן, האט געהייסען אדער דאס נאטיר־ליכע שטארבען, ד. ה. דאס אויפהערען לעבען, אדער דאס, וואס די מיטאלאגיסטען רופען אן די פארדאמונג צו אייביגע יסורים; און מחמת דעם האט ישו הנוצרי באַ־דארפט, לויט זייער סיסטעם, פארמיידען מיט זיין טויט איינס פון די ביידע זאכען, וואס קומען פאר מיט אונז און מיט אדמ'ן.

אז זיין טויט האט אונז נישט פארהיט פון שטארבען, — דאס איז גאנץ קלאר, ווייל מיר אלע שטארבען; און מכח דער אמת'־דיגקייט פון דעם, וואס זיי דערציילען וועגען לאנג־לעבען, שטאר־בען דאך מענשען נאך דער קרייציגונג גיכער, ווי פאר דעם; און בנוגע צו דער צווייטער דערקלערונג (וואס שליסט אויך איין דעם

נאטירליכען טויט פון ישו הנוצרי, ווי אַן ערזאַץ פאַר דעם איביגען טויט אָדער איביגע יסורי גיהנום פון אַלע מענשען), איז עס גאַרנישט פּאַסיג פאַרצר־שטעלען דעם בורא, ווי ער וואָלט זיך ארויסגעדרייט פון דעם אור־טייל אָדער איהם צוריקגערופען דורך א פשט'ל איבער'ן וואָרט טויט. דער הייליגער פּולוס, אָט־דער פאַבריצירער פון וואָרט־שפּילען, אויב ער האָט נאָר געשריבען די ביכער, וואָס טראָגען זיין נאָמען, האָט געהאָלפען ארויסברייגנען אָט־דעם פשט'ל, מאַכענדיג אַן אַנדער פשט'ל איבער'ן וואָרט אדם. ער מאַכט דאָרט, אַז עס זאָלען זיין צוויי אדמ'ס; איינער, וואָס זינדיגט אַליין און אי־מיצער אַנדערש קומט פאַר דעם אָפּ; און דער צווייטער, וואָס זינ־דיגט דורך אימיצען אַנדערש און קומט פאַר דעם אַליין אָפּ. א רעליגיע, וואָס איז פול מיט פשט'לעך, וואָרט־שפּילען און קונציגע דריידלעך, האָט די טענדענץ צו לערנען איהרע אַנהענגער די זעל־ביגע קונסט. זיי ווערען אין דעם איינגעווינט, ניט וויסענדיג אַליין פון וואַנען דאָס איז צו זיי געקומען.

אויב ישו הנוצרי איז טאַקע געווען דאָס, וואָס די מיטאָלאָ־גיסטען זאָגען אונז, אַז ער איז געווען, און אויב ער איז געקומען אויף דער וועלט צו ליידען (זיי באַנוצען צייטענווייז דאָס דאָזיגע וואָרט אַנשטאָט שטאַרבען), וואָלט ער געקאָנט אויסשטיין אמת'דיגע לייד נאָר ביים לעבען. זיין עקזיסטענץ איז געווען א מין אָפּקומען גלות אויף דער ערד, און דער וועג צוריק צו זיין לכתחילה'דיגען לאַנד, צום הימעל, איז געווען דורכ'ן טויט. מיט איין וואָרט, אַלצדינג אין אָט־דער מאָדערנער רעליגיעזער סיס־טעם איז דער היפּוך דערפון, וואָס זי פּרעטענדירט צו זיין. זי איז דער היפּוך פון אמת, און עס ווערט מיר אַזוי דערעסען אויסצו־פאַרשען דעם דאָזיגען אומזין, אַז איך אייל זיך דאָס צו שליסען, כדי צו קאָנען איבערגיין צו עפּיס בעסערס.

וויפיל אָדער וואָסערע טיילען פון די ביכער, וואָס ווערען אָנ־גערופען דער נייער טעסטאַמענט, זיינען אָנגעשריבען געוואָרען פון די מענשען, וועמענס נעמען זיי טראָגען, — וועגען דעם קאָנען מיר גאַרנישט וויסען; מיר ווייסען אויך נישט אויף זיכער, אין וואָסער

שפּראַך זיי זיינען אָריגינעל געשריבען געוואָרען. דער מאַטעריאַל, וואָס זיי אַנטהאַלטען איצט, קאָן קלאַסיפיצירט ווערען אונטער צוויי קעפּלעך — מ ע ש י ו ת און ב ר י וו ו ל י כ ע ק א ר ע ס־פּ אָ נ ד ע נ ץ.

די פיר ביכער, וואָס זיינען שוין פריהער דערמאָנט געוואָרען, מתי, מרקוס, לוקאס און יוחנן, זיינען דורכאויס דערציילעריש. זיי דערציילען וועגען פּאַסירונגען נאָכדעם, ווי זיי זיינען פּאַרגעקומען. זיי דערציילען, וואָס ישו הנוצרי האָט געטון און געזאָגט, און וואָס אַנדערע האָבען איהם געטון און געזאָגט; און אין איינינע פאַלען דערציילען זיי וועגען איין־און־דערזעלביגער פּאַסירונג אין פאַר־שיידענע נסחאות. וועגען אַנטפלעקונג קאָן דאָ גאָר קיין רייד ניט זיין; ניט נאָר דערפאַר, ווייל די שרייבער שטימען נישט צווישען זיך, נאָר אויך דערפאַר, ווייל אַנטפּלעקונג קאָן נישט אָנגעווענדט ווערען אויף פאַקטען, דערציילט פון איינעם, וואָס האָט זיי אַליין געזעהען, אָדער אויף אַ געשפּרעך, דערציילט אָדער פאַרצייכענט פון איינעם, וואָס האָט איהם אַליין געהערט. דאָס בוך, וואָס ווערט אָנגערופען ד י א פּ א ס ט ע ל־ג ע ש י כ ט ע (אַן אַנאָנים ווערק) געהערט אויך צו דעם דערציילערישען טייל.

אַלע איבעריגע טיילען פון דעם נייעם טעסטאַמענט, אַ חוץ דעם בוך פון רעטעגישען, וואָס ווערט אָנגערופען די אַ נ ט פּ ל ע־ק ו נ ג, זיינען אַ זאַמלונג פון בריוו, אונטער דעם נאָמען ע פּ י ס־ט ע ל ס; און דאָס פעלשען בריוו איז דאָך אַזאַ געוויינטליכע זאַך אין דער וועלט, אַז מען קאָן ווייניגסטענס פּונקט אַזוי פיל גלויבען אין זייער עכטקייט, ווי אין זייער געפעלשטקייט. איין זאַך איז אָבער זיכערער, און דאָס איז, אַז די קירך האָט פון דעם מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך אין אָט־די ביכער, און מיט דער הילף פון נאָך איינינע אַלטע מעשיות, אויפגעשטעלט אַ רעליגיעזע סיסטעם, וואָס איז זעהר ווידערשפּרעכיג צום כאַראַקטער פון דעם מענשען, וועמענס נאָמען זי טראָגט. זי האָט אויפגעשטעלט אַ רעליגיע פון פּראַכטיגקייט און הכנסות, פּרעטענדירענדיג נאָכצומאַכען דערמיט אַ מענשען, וואָס זיין לעבען איז געווען עניוות און אָרעמקייט.

דאָס אויסטראַכטען דעם גיהנום־פייער, אין וועלכען די נשמות

ווערען געלייטערט, און די מעגליכקייט אויסצולייזען זיי פון דאָר־טען דורך תפלות, געקויפט פאר געלט פון דער קירך, ווי אויך דאָס פארקויפען מחילות און היתרים, זיינען קוואלען פון הכנסה, הגם זיי טראגען נישט אָט־דעם נאָמען און ערשיינען נישט אין אָט־דער פארם. דער אמת אבער איז, אז אָט־די אלע זאכען שטאַמען אָפּ פון דער שוידערהאפטער קרייציגונג און פון דעם געדאנק, וואָס איז דערפון ארויסגעדרונגען געוואָרען, אז איין מענש קאָן פארטרעטען אן אנדערען און ביישטיין איהם מיט זיין זכות. עס איז דעריבער מעגליך, אז די גאנצע לערע פון דער אזוי־גערופענער ו ו ע ל ט־ד ע ר ל י י ז ו נ ג, (וואָס זאל האבען פארגעקומען דורך דער האנדלונג פון איין מענשען אויפ׳ן ארט פון אן אנדערען) איז לכתחילה פאבריצירט געוואָרען מיט׳ן ציל צו שאפען און אויפצו־בויען דערויף די אלע קלענערע מינים אויסלייזונגען דורך געלט; און אז די שטעלען אין די ביכער, אויף וועלכע דער געדאנק אדער די טעאָריע פון דערלייזונג איז אויפגעבויט, זיינען פאבריצירט געוואָרען טאקע צוליב אָט־דעם ציל. ווארום זאלען מיר דער דאָ־זיגער קירך גלויבען, ווען זי זאָגט אונז, אז אָט־די ביכער זיינען אמת׳דיג אין אלע זייערע טיילען, מעהר, ווי מיר גלויבען איהר אין אלע איבעריגע זאכען, וואָס זי דערציילט אונז, אדער אין די מופתים, וואָס זי האָט, לויט איהרע אייגענע ווערטער, כלומרשט באוויזען? אז זי האָט ג ע ק א נ ט פאבריצירען שריפטען, דאָס איז א זיכערע זאך, ווייל זי האָט געקאָנט שרייבען; און די שריפטען, וועגען וועלכע עס רעדט זיך דאָ, זיינען פון אזא סאָרט, וואָס יעדער איינער וואלט זיי געקאָנט פארפאסען; און אויב זי האָט אונז געקאָנט זאָגען, אז זי קאָן באווייזען און האָט באוויזען מופתים, ווארום זאל זי אויך נישט קאָנען פאבריצירען אָט־די שריפטען?

אזוי ווי קיין אויסערע ראיה קאָן, נאָך אזא לאנגער צייט, ניט געבראכט ווערען צו באווייזען, אויב די קירך האָט פאבריצירט די לערען פון ד ע ר ל י י ז ו נ ג אדער ניט (ווייל אזעלכע באַ־ווייזען, סיי פאר און סיי קעגען, וואלט מען דאָך פונקט אזוי געקאָנט חושד זיין אין געפעלשטקייט), קאָן מען זיך דאָ בארופען נאָר אויף

די אינעווענינסטע ראיות, וואָס די זאַך טראָגט אין זיך גופא; און דאָס גיט אונז אַ זעהר שטאַרקע השערה וועגען איהר געפעלשט־קייט. ווייל די אינעווענינסטע ראיה באַשטייט אין דעם, אַז די טעאָריע אָדער לערע פוּן וועלט־דערלייזונג איז געבויט אויף דער אויפפאַסונג פוּן גערעכטיגקייט בנוגע צו געלט־זאַכען, אָבער נישט אויף דער אויפפאַסונג פון מאָראַלישען יושר.

אויב איך בין שולדיג אַ מענשען געלט און בין נישט אימשטאַנד צו באַצאָלען, און ער סטראַשעט אריינצוזעצען מיך דערפאַר אין געפענגעניש, קאָן אימיצער אַנדערש נעמען אויף זיך דעם חוב און באַצאָלען איהם פאַר מיר; אויב אָבער איך בין באַגאַנגען אַ פאַר־ברעכען, איז די לאַגע שוין גאָר אַן אַנדערע; דער מאָראַלישער יושר קאָן ניט נעמען דעם אומשולדיגען פאַר דעם שולדיגען, אפילו ווען דער אומשולדיגער שלאָגט זיך אַליין פאָר. ווען די גערעכ־טיגקייט וואָלט אַזוי געהאַנדעלט, וואָלט דאָס געהייסען פאַרניכטען דעם סאַמע עיקר פוּן איהר עקזיסטענץ; דעמאָלט וואָלט עס שוין מעהר ניט געווען קיין גערעכטיגקייט, נאָר נקמה, וואָס מאַכט ניט קיין אונטערשייד צווישען איין מענשען און אַן אַנדערען. דאָס ווייזט, אַז די לערע פוּן דערלייזונג שטימט, לויט ווי זי ווערט אויפגעפאַסט, מיט דער אידעע וועגען אַ חוב, וואָס אימיצער אַנדערש קאָן באַצאָלען; און אַזוי ווי אַט־די אויפפאַסונג שטימט ווייטער מיט דער סיסטעם פוּן מחילות פאַר קלענערע זינד, וואָס מען קאָן פאַר געלט זיך קויפען ביי דער קירך, לעגט זיך עס אויפ'ן שכל, אַז די זעלביגע מענשען האָבען פאַבריצירט סיי די ערשטע און סיי די צווייטע טעאָריע און די גאַנצע געשיכטע איז אַן אויס־געטראַכטע, אַז אַזאַ זאַך, ווי אויסלייזונג פוּן זינד, איז באמת נישטאָ, און די פאַרהעלטענישען צווישען דעם מענשען און זיין באַשעפער זיינען פוּן אייביג אַן דיזעלביגע, וואָס אין דעם באַ־שטייט דעם מענשענ'ס גרעסטע טרייסט.

לאָזט דעם מענשען גלויבען אין דעם און ער וועט לעבען בע־סער און מאָראַלישער, ווי מיט וואָסער־עס־איז אַנדער גלויבען; און עס איז טאַקע צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס מען לערנט איהם צו קוקען אויף זיך, ווי אויף אַ פאַרברעכער, אַן אויסוואורף און אַ

בעטלער, ווי אויף איינעם. וואס איז אריינגעווארפען געווארען אין שטיב, אומענדליך־ווייט פון זיין באשעפער, צו וועלכען ער קאן זיך דערנעהענטערען נישט אנדערש, ווי נאר דורך חניפה און אונטערטעניגקייט צו פארמיטלער, וואס שטייען צווישען איהם און דעם באשעפער—צו פארדאנקען אט־דעם פאקט הויבט ער אן זיך באציהען מיט גרינגשעצונג און פאראכטונג צו אלץ, וואס האט נאר א שייכות מיט רעליגיע, אדער ער ווערט גלייכגילטיג, אדער ער ווערט גאר א פרומאק. אין דעם לעצטען פאל פארברייננגט ער זיינע טעג אין הוילע יסורים, אדער ער מאכט נאר אזא אנשטעל; זיינע תפלות זיינען פארוואורפען; זיין עניוות איז אומדאנקבארקייט; ער רופט זיך אליין ווארם, די פרוכטבארע ערד רופט ער א בערגעל מיסט, און אלע ברכות פון לעבען רופט ער הבל הבלים; ער פאראכט דעם בעסטען געשאנק, וואס גאט האט געגעבען דעם מענשען, דעם געשאנק פון שכל, און האבענדיג מיט געוואלט ארויפגעצוואונגען אויף זיך אזא גלויבען, וואס דער שכל רעוואלטירט קעגען איהם, רופט ער עם אבער אן מיט'ן נישט־פאסיגען נאמען מענשליכער שכל, גלייך ווי דער מענש קאן זיך אליין באשענקען מיט שכל

אבער מיט אט־דער גאנצער כלומר'שטיגער עניוות און מיט אט־דער פאראכטונג צום מענשליכען שכל דערוועגט ער זיך פונדעסטוועגען צו האבען געוואלטיגע השגות; ער געפינט אומעטום אוים חסרונות; זיין עגאאיזם ווערט קיינמאל ניט באפרידיגט; זיין אומדאנקבארקייט האט גאר קיין שיעור נים. ער נעמט אויף זיך אנצואווייזען דעם אלמעכטיגען, וואס ער זאל טון, אפילו בנוגע צו דער פירונג פון דער וועלט; ער איז באפעלעריש אין זיינע תפלות; ווען די זון שיינט, בעט ער אויף רעגען, און ווען עס רעגענט, בעט ער אויף זון; אזוי טוט ער אין אלע זיינע תפלות; און זיינען דען די תפלות זיינע אין לעצטען הך הכל ניט קיין פארזוך צו לאזען דעם אלמעכטיגען בייטען זיינע אפזיכטען און האנדלען אנדערש, ווי ער האט בדעה צו האנדלען? עס איז גלייך, ווי דער מענש וואלט איהם געזאגט: דו פארשטייסט נישט אזוי גוט, ווי איך.

אבער איינינע וועלען אפשר פרעגען: איז אונז טאקע גאר־

נישט באשערט צו האבען גאט'ס ווארט, אדער אן אנטפלעקונג? דערויף וועל איך ענטפערען: יא, עס איז פאראן א ווארט פון גאט; עס איז פאראן אן אנטפלעקונג.

ד א ס  ו ו א ר ט  פ ו ן  ג א ט  א י ז  ד י  ב א ש א־ פ ו נ ג,  ו ו א ס  מ י ר  ז ע ה ע ן: און מיט אט־דעם ווארט, וואס קיין שום מענשליכע פאנטאזיע קאן עס ניט פעלשען אדער איבעראנדערשען, רעדט גאט צו אלע מענשען גלייך.

די מענשליכע שפראך איז באשרענקט אין פלאץ און מסוגל געענדערט צו ווערען, און מחמת דעם קאן זי ניט באנוצט ווערען, ווי א מיטעל פאר אומפארענדערליכע מיטטיילונגען צו אלע מענ־שען.

דער געדאנק, אז גאט האט, ווי מען דערציילט אונז, געשיקט ישו הנוצרי אנצוזאגען די בשורות טובות צו אלע פעלקער פון איין עק וועלט ביז דער אנדערער, פאסט זיך טאקע נאר פאר דער אומ־וויסענקייט פון די מענשען, וואס האבען נישט געהאט קיין באגריף וועגען דער גרייס פון דער וועלט און האבען אין פארלויף פון עטליכע הונדערט יאר געגלויבט, אינאיינעם מיט אט־די וועלט־דערלייזער, אז די ערד איז פלאך, ווי א ברעט, און אז דער מענש קאן דערגיין ביז צו איהר סוף.

אבער ווי אזוי האט ישו הנוצרי געקאנט עטוואס לאזען ווי־סען אלע פעלקער? ער האט געקענט רעדען נאר אויף איין שפראך, און דאס איז געווען העברייאיש, בעת אין דער גאנצער וועלט גע־פינען זיך עטליכע הונדערט לשונות. עס געפינען זיך קוים צוויי פעלקער, וואס זאלען רעדען אויף איין שפראך און פארשטיין איינס ס'אנדערע. און וואס עס איז שייך צו איבערזעצונג, ווייס יעדער מענש, וואס האט נאר וואסער־עס־איז ידיעה אין שפראכען, אז עס איז אוממעגליך איבערצוזעצען פון איין שפראך אין אן אנ־דערער נישט נאר אזוי, אז דער אריגינאל זאל דערביי נישט פארלירען זעהר פיל, נאר אפטמאל אויך אזוי, אז דער זין פון די ווערטער זאל נישט פארגרייזט ווערען; און אחוץ דעם אלעמען, איז די קונסט פון דרוקעריי אינגאנצען נישט געווען באוואוסט אין דער צייט, ווען ישו הנוצרי האט געלעבט.

עס איז נויטיג, אז די מיטלען וואָס מען ווענדט אָן צו דער־גרייכען א געוויסען ציל, זאָלען אלע מאָל זיין אַנגעמאָסטען פאר אָט־דעם ציל, ווייל אנדערש קאָן מען קיין זאך נישט דערגרייכען. אין דעם קאָן מען זעהן די נפקא־מינה צווישען דער באַשרענקטער און אומבאַשרענקטער קראפט און חכמה. דעם מענשען געלינגט ציימענווייז ניט צו דערגרייכען זיינע צילען מחמת דער נאַטירלי־כער ניט־גענוגענדיגקייט פון די כחות, וואָס פאָדערען זיך דערויף, און אָפטמאָל אויך צוליב זיין נישט־ווייסען, ווי אזוי אויסצונוצען געהעריג די כחות, וואָס ער פאַרמאָגט. אבער די אומבאַגרענעצטע מאכט און חכמה קאָן נישט דורכפאַלען אזוי, ווי דער מענש פאַלט דורך, ווייל איהרע מיטלען זיינען אלע מאָל גלייך צום ציל. די מענשליכע שפּראַך, בפרט נאָך, ווען עס עקזיסטירט ניט קיין אַל־וועלטליכע שפּראַך, קאָן ניט באַנוצט ווערען. ווי א מיטעל פון אומ־פאַרענדערליכער און איינהייטליכער מיטטיילונג צו אלע מענשען, און מחמת דעם איז זי ניט דאָס מיטעל, וואָס גאָט באַנוצט צו אַנט־פּלעקען זיך.

נאָר אין דער גאַנצער באַשאַפונג אַליין קאָנען זיך פאַראייניגען אלע אונזערע השגות פון גאָט'ס וואָרט. די באַשאַפונג רעדט מיט אַן אוניווערסאַלער שפּראַך, וואָס ווענדט זיך נישט אָן די מענשליכע לשונות, ווי פאַרשיידענאַרטיג זיי זאָלען נישט זיין. דאָס איז אַן אייביגער אָריגינאַל, וואָס יע־דער מענש קאָן איהם לייענען. ער קאָן ניט געפעלשט ווערען; ער קאָן ניט נאָכגעמאכט ווערען; ער קאָן ניט פאַרלאָרען גיין; ער קאָן ניט געאַנדערשט ווערען; ער קאָן ניט ווערען אונטערדריקט. ניט אָן דעם מענשען'ס ווילען ווענדט זיך עס, צי זאָל ער פאַרעפענט־ליכט ווערען, אדער ניט; ער פּרעדיגט צו אַלע פעלקער און אַלע וועלטען; און אָט־דאָס וואָרט פון גאָט אַנטפּלעקט פאַר'ן מענשען אלץ, וואָס עס איז נאָר פאַר איהם נויטיג צו וויסען וועגען גאָט.

ווילען מיר זעהן גאָט'ס מאכט, זעהען מיר זי אין דער אומ־ענדליכקייט פון זיין באַשאַפונג. ווילען מיר זעהן זיין חכמה, זעהען מיר זי אין דער אומפאַרענדערליכער אָרדענונג, אין

וועלכער די סודות'דיגע וועלט ווערט געפירט. ווילען מיר זעהן זיין פרייגעביגקייט, זעהען מיר זי אין דער שפע, מיט וועלכער ער פילט אן די ערד. ווילען מיר זעהן זיין גנעדיגקייט, זעהען מיר זי אין דעם, וואס ער נעמט ניט אוועק אט־די שפע אפילו פון די אומדאנקבארע. ווילען מיר, מיט איינעם ווארט, וויסען, וואס עס איז אזוינס גאט, דארפען מיר עס ניט זוכען אין דעם ספר, וואס ווערט אנגערופען הייליגע שריפטען, אין דעם ספר, וואס יעדע מענשליכע האנט קאן איהם מאכען, נאר אין דעם ספר, וואס ווערט אנגערופען די באשאפונג.

דער איינציגער באגריף, וואס א מענש קאן צוגעבען צו גאט'ס נאמען, איז דער באגריף פון סבת כל הסבות, דער אורזאך פון אלע זאכען. און ווי שווער און אוממעגליך עס איז נישט פאר'ן מענשען צו באגרייפען, וואס עס איז אזוינס די ערשטע אורזאך, הויבט ער אבער אן סוף כל סוף גלויבען אין דעם מחמת דער פיל מאל גרעסערער שווערעקייט נישט צו גלויבען. עס איז געוואלטיג שווער פארצושטעלען זיך, אז דער רוים האט נישט קיין סוף; עס איז אבער נאך שווערער פארצושטעלען זיך, אז ער האט א סוף. עס איז איבער דעם מענשען'ס כחות פארצושטעלען זיך דאס אייביגע דויערען פון דעם, וואס מיר רופען אן צייט; עס איז אבער נאך אוממעגליכער פארצושטעלען זיך א צייט, ווען עס וועט ניט זיין גאר קיין צייט.

עס לייגט זיך אויך אויפ'ן שכל, אז אלץ, וואס מיר זעהען, טראגט אין זיך גופא דעם באווייז, אז עס האט זיך אליין נישט באשאפען. יעדער מענש איז א באווייז פאר זיך, אז ער האט זיך אליין נישט באשאפען; און אויך זיין פאטער, אדער זיין זיידע, אדער ווער־עס־איז פון זיין ראסע האט נישט געקאנט זיך אליין באשאפען; און פונקט אזוי האט אויך קיין שום בוים, פלאנץ, אדער חיה נישט געקאנט זיך אליין באשאפען: און די איבערצייגונג, וואס מיר באקומען פון אט־דעם באווייז, צווינגט אונז צו גלויבען אין אן אייביג־עקזיסטירענדיגער ערשטער אורזאך, אין א נאטור, וואס איז אינגאנצען אנדערש פון יעדען מאטעריעלען לעבען, ווי מיר קאנען דאס זעהן מיט אונזערע אויגען. און וואס

מיט איהר כח עקזיסטירען אלע זאכען; אין אט־די ע ר ש ט ע א ו ר ז א ך האט דער מענש א נאמען געגעבען ג א ט.

דער מענש קאן געפינען גאט נאר מיט דער הילף פון זיין שכל. נעמט פון איהם אוועק דעם שכל, און ער וועט ניט זיין ביכולת צו פארשטיין קיין זאך; און דאן וואלט געווען אלץ איינס פארצולייענען אפילו נאר אזא ספר, ווי די ביבעל, פאר א פערד, ווי פאר א מענשען. און אויב די זאך איז אזוי, ווי געשיקט זיך עס, וואס אט־די לייט פרעטענדירען אפצוזאגען זיך פון דעם שכל?

כמעט די איינציגע טיילען אין דער ביבעל, וואו עס ווערט אונז געגעבען עפּיס א באגריף וועגען גאט, זיינען איניגע קאפּיט־לען פון א י ו ב און דאס 19־טע קאפּיטעל פון ת ה ל י ם; אן אנדערע אזוינע שטעלען קאן איך זיך נישט דערמאנען. אט־די טיילען זיינען עכטע ד ע א י ס ט י ש ע פארפאסונגען, ווייל זיי באטראכטען גאט דורך זיינע ווערק. זיי נעמען אן דאס בוך פון דער ב א ש א פ ו נ ג פאר דאס ווארט פון גאט, זיי בארופען זיך נישט אויף קיין שום אנדער בוך, און די אלע אויספירען, וואס זיי מאכען, נעמען זיי ארויס נאר פון אט־דעם באנד.

(פון איבערזעצער: טאמאס פעין באמערקט דא, אז די אומשטענ־דען, אין וועלכע ער האט זיך געפונען, שרייבענדיג דאס, האבען איהם נישט געלאזט זיך באנוצען מיט א תנ"ך, און ער ציטירט דעריבער, אנ־שטאט דעם 19־טען קאפּיטעל פון תהלים, א געדיכט פון דריי סטראפען, וואס דער ענגלישער דיכטער אדיסאן האט אנגעשריבען אויף דעם ערש־טען פסוק פון דעם דאזיגען קאפּיטעל. עס פארשטייט זיך, אז אין דעם געדיכט איז דא נאר דער געדאנק פון דעם פסוק, אבער ניט די ווער־טער. דער פסוק לויטעט זיך: „השמים מספרים כבוד אל ומעשה ידיו מגיד הרקיע". אין אדיסאנ׳ס געדיכט זינגט די זון, די לבנה און די שטערען א לויב־געזאנג צום באשעפער, וואס הערט זיך איבער גאר דער וועלט, און עס ענדיגט זיך אזוי: „געטליך איז די האנט, וואס האט אונז באשאפען")

וואס דארף דער מענש נאך וויסען אויסער דעם, אז די האנט אדער די קראפט, וואס האט אלץ באשאפען, איז געטליך און אל־מעכטיג? זאל ער נאר אנהויבען גלויבען אין דעם מיט׳ן גאנצען

הארצען, אויב ער וויל נאר זיך לאזען פירען פון זיין שכל, און זיין לעבען וועט זיכער באקומען א מאראלישען אינהאלט.

די אנדייטונגען אין א י ו ב האבען אלע די אייגענע טענדענץ, וואס אט־דאס קאפיטעל פון ת ה ל י ם, און דאס איז, ארויסצודרינגען אדער צו באווייזען דורך אמת'ען, וואס זיינען שוין באוואוסט, אן אנדער אמת, וואס וואלט אנדערש ניט געקאנט באוואוסט ווערען.

איך געדענק ניט גענוג אט־די שטעלען פון א י ו ב, אז איך זאל זיי קאנען ברייננען, ווי זיי גייען; עס איז אבער פאראן צווישען זיי, דאכט זיך, איין שטעל, וואס קאן דא אנגעווענדט ווערען צו אונזער עניין. „קאנסטו דען, זוכענדיג, געפינען גאט? קאנסטו באנעמען דעם אלמעכטיגען אין ג א ר ז י י ן ג ר י י ס ק י י ט?"

איך ווייס נישט, ווי אזוי די דרוקערס האבען אט־די שטעל געגווי איבערגעגעבען, ווייל איך האב ניט ביי זיך קיין ביבעל; זי אנטהאלט אבער צוויי קלארע פראגען, וואס מען קאן געבען אויף זיי צוויי קלארע ענטפערס.

ע ר ש ט ע נ ס, — קאנסטו דען, זוכענדיג, געפינען גאט? יא; ווייל איך ווייס צו אלעם ערשטען, אז איך האב זיך אליין נישט באשאפען, און דאך עקזיסטיר איך; און נ א כ פ א ר ש ע נ ד י ג די טבע פון אנדערע זאכען, געפין איך ווייטער אויס, אז קיין שום זאך האט זיך אליין ניט געקאנט באשאפען; און דאך עקזיסטירען מיליאנען אנדערע זאכען; און דערפאר ווייס איך, דורך דעם פאזיטיווען אויספיר, וואס איך מאך פון דער דאזיגער פארשונג, אז עס איז פאראן א קראפט, וואס איז העכער פון אט־די אלע זאכען, און אט־די קראפט איז גאט.

צ ו ו י י ט ע נ ס, — קאנסטו באנעמען דעם אלמעכטיגען אין ג א ר ז י י ן ג ר י י ס ק י י ט? ניין; און ניט נאר דערפאר, ווייל די קראפט און די חכמה, וואס ער האט מאניפעסטירט אין דעם געביי פון זיין שאפונג, וועלכע איך זעה מיט מיינע אויגען, איז פאר מיר אומבאגרייפליך. נאר אויך דערפאר, ווייל אפילו אט־דער טייל פון זיין שאפונג, ווי גרויס ער זאל ניט זיין, איז מסתמא אויך נאר א קליינער אויסשטעל פון יענער אומענדליכער קראפט און חכמה.

מיט וועלכע מיליאנען אנדערע וועלטען, וואס איך קאן זיי צוליב זייער ווייטער דיסטאנץ ניט זעהן, זיינען באשאפען געווארען און האבען א קיום

עס איז קלאר, אז דיביידע פראגען זיינען געשטעלט געווארען צום פארשטאנד פון דער פערזאן, צו וועלכער זיי זיינען געווענדעט געוועזן; די צווייטע פראגע קאן פאלגען נאר דאן, ווען מיר וועלען געבען א באשטעטיגענדיגען ענטפער אויף דער ערשטער. עס וואלט געוועזן גאר איבעריג און אפילו אבסורד אוועקצושטעלען די צווייטע פראגע, וועלכע איז נאך שווערער, ווי די ערשטע, ווען עס וואלט אויף אט־דער ערשטער פראגע געגעבען געווארען א נעגאטיוו־ער ענטפער. די צוויי פראגען האבען פארשיידענע אביעקטען; די ערשטע באציהט זיך אויף דער עקזיסטענץ פון גאט, די צווייטע — אויף זיינע אטריבוטען; דער שכל קאן אנטדעקען די עקזיסטענץ פון גאט, ער איז אבער באין אופן ניט אימשטאנד צו אנטדעקען גאט׳ס אלע אטריבוטען.

איך געדענק נישט קיין שום שטעל אין אלע שריפטען, וואס גייען אונטער׳ן נאמען פון די אפאסטאלען. וואו עס זאל געזאגט ווערען עפּיס וועגען דעם, וואס עס איז אזוינס גאט. אט־די שריפ־טען באשטייען צום גרעסטען טייל פון ויכוחים; און דער אינהאלט זייערער, וואס איז א מעשה פון דעם, ווי אזוי א מענש גוסס׳ט אויף א קרייץ, פאסט זיך בעסער פאר׳ן שווערמוטיגען גייסט פון א מאָ־נאך אין א צעל, וואס עס איז גרייליך מעגליך, אז זיי זיינען טאקע פון אזא איינעם אנגעשריבען געווארען, ווי פאר א מענשען, וואס אטעמט מיט דער פרייער לופט פון דער ב א ש א פ ו נ ג.

די איינציגע שטעל, וועלכע ווייזט אן אויף די ווערק פון גאט, וואס נאר דורך זיי קאן מען ארויסזעהן זיין קראפט און חכמה, זיי־נען די ווערטער, אין וועלכע ישו הנוצרי זאל זיך האבען ארויסגע־זאגט קעגען דעם מענשענ׳ס זארגען פאר זיין לעבען. „קוקט אן די בלומען אין פעלד, ווי זיי וואקסען; זיי ארבייטען ניט און שפינען ניט“. אבער דאס איז אן אן ערך אומבאדייטענדער פון דעם, וואס ווערט געזאגט אין ספר א י ו ב און אין ת ה ל י ם, י ט; עס איז פארא פונדעסטוועגען אן ענליבקייט אין געדאנק, און די

באשיידענקייט פון אט־דעם בילד שטימט מיט דער באשיידענקייט פון דעם מענשען.

וואס עס איז שייך צו דער קריסטליכער אמונה, זעהט זי מיר אויס צו זיין א מין שטה פון אטעאיזם, א מין רעליגיעזע אפלייקע־נונג פון גאט. זי לערענט צו גלויבען אין דעם מענשען מעהר, ווי אין גאט. זי איז א צוזאמענמיש, וואס באשטייט דער עיקר פון דעם גלויבען אין א מענשען און פון נאר אביסעל גלויבען אין גאט. און איז אזוי נאהענט צו אטעאיזם, ווי דעמערונג צו פינסטערניש. זי שטעלט אוועק צווישען דעם מענשען און זיין באשעפער עפים א טונקעלען וועזען, וואס זי רופט אן דערלייזער, פונקט אזוי, ווי די לבנה שטעלט זיך אוועק מיט איהר טונקעלקייט צווישען דער ערד און דער זון; און אזוי ארום ווערט געשאפען א רעליגיעזע אדער אומרעליגיעזע לקוי חמה. די קריסטליכע רעליגיע האט אוועקגע־שטעלט אין שאטען דעם גאנצען ארבים (קרייז־זועג) פון שכל.

אט־די פינסטערניש האט געפירט דערצו, אז אלצדינג זאל איבערגעקערט ווערען מיט'ן קאפ אראפ, און צווישען אנדערע רע־ וואלוציעס, וואס זי האט געבראכט, ווי דורך א כשוף, איז אויך גע־ וועזן די רעוואלוציע אין דער טעאלאגיע

די אזוי־גערופענע נאטור־פילאזאפיע, וועלכע נעמט ארום דעם גאנצען קרייז פון וויסענשאפט און וואו די אסטראנאמיע פארנעמט דעם הויפט־פלאץ, איז ניט קיין אנדער זאך, ווי די שטודיע פון די ווערק פון גאט, — פון זיין קראפט און חכמה, וואס ווערט פאר אונז אנטפלעקט דורך זיינע ווערק; און אט־די נאטור־פילאזאפיע איז די אמת'ע טעאלאגיע.

וואס עס איז שייך צו דער טעאלאגיע, וועלכע ווערט איצט געלערנט אנשטאט דער נאטור־פילאזאפיע, איז עס די שטודיע פון מענשליכע מיינונגען און מענשליכע פאנטאזיעס וועגען גאט. דאס איז ניט די שטודיע פון גאט אין די ווערק, וואס ער אליין האט געשאפען, נאר אין די ווערק, וואס זיינען געשאפען געווארען מיט מענשליכע הענט; די קריסטליכע רעליגיע האט, איבערלאזענדיג די שענע סיסטעם פון טעאלאגיע, ווי א שעהן אומשולדיג מיידעל, אויף עלענד און שמאך, כדי צו פארבייטען זי אויף דער אלטער

מכשפה פון אבערגלויבען, געבראכט דער וועלט זעהר פיל שאדען.

דער ספר א י ו ב און ת ה ל י ם, י ט, וואס אפילו די קירך אליין גיט צו, אז זיי זיינען פיל עלטער, ווי עס ווייזט די כראָ־נאלאגישע ארדענונג, אין וועלכער זיי שטייען אין דער ביבעל, זייּ־נען טעאלאגישע רעדעס, וואס זיינען אין איינקלאנג מיט דער אורשפרינגליכער סיסטעם פון טעאלאגיע. דער אינהאלט פון אט־די רעדעס באווייזט אויפ'ן קלארסטען אופן, אז דאס שטודירען און פארטיפען זיך אין די ווערק פון גאט, אין זיין קראפט און חכמה, וואס ווערט פאר אונז אנטפלעקט אין אט־די ווערק זיינע, האט פארגעשטעלט מיט זיך א גאנץ וויכטיגען טייל פון דער רעליגיע פון יענע צייטען, ווען די דאזיגע רעדעס זיינען פארפאסט געוואָ־רען; אט־דאס גאטספארכטיגע שטודירען און פארטיפען זיך אין דער ב א ש א פ ו נ ג האט געפירט צו דער אנטדעקונג פון די פרינציפען, אויף וועלכע די וויסענשאפט איז איצט באגרינדעט: און מיט'ן אנטדעקען די פרינציפען פון דער וויסענשאפט זיינען געבוירען געווארען כמעט אלע קונסטען, וואס מאכען שענער און באקוועמער דעם מענשענ'ס לעבען. יעדע הויפט־קונסט שטאמט פון א געוויסען צווייג פון דער וויסענשאפט, כאטש ניט אלע מאל, און אפשר טאקע גאנץ זעלטען, זעהט אט־די פארבינדונג דער מענש, וואס טוט די ארבייט אויף א מעכאנישען אופן.

די קריסטליכע סיסטעם זאגט א ליגען, ווען זי רופט אן די וויסענשאפט מ ע נ ש ל י כ ע ע ר פ י נ ד ו נ ג; עס איז מענשליך נאר איהר אנווענדונג. יעדער צווייג פון דער וויסענ־שאפט איז באזירט אויף א סיסטעם פון פרינציפען, וואס זיינען פונקט אזוי פעסט און אומפארענדערליך, ווי די געזעצען, דורך וועלכע די וועלט ווערט איינגעארדענט און געפירט. דער מענש קאן ניט באשאפען קיין פרינציפען, ער קאן זיי נאר אנטדעקען.

צום ביישפיל, יעדער איינער קאן לייענען אין א קאלענדאר, אז עס וועט אין א געוויסען מאמענט פארקומען א לקוי חמה, און זיך דערנאך איבערצייגען, אז זי פארפעלט קיינמאל ניט פארצו־קומען פינקטליך אין דער אנגענעבענער צייט. דאס ווייזט, אז דער מענש וויים די געזעצען, וואס באוועגען די הימעל־קערפערס.

עס וואלט אבער געווען מעהר, ווי עם הארצות, מצד וואסער־עס־איז קירך אין דער וועלט צו זאגען, אז את־די געזעצען זיינען א מענשליכע ערפינדונג. עס וואלט אויך געווען עם הארצות, אדער נאך אן ערגערע זאך, צו זאגען, אז די וויסענשאפטליכע פרינציפען, וואס מיט זייער הילף איז דער מענש אימשטאנד אויסצורעכענען און צו וויסען פאראויס, ווען עס וועט פארקומען א לקוי חמה, זיינען א מענשליכע ערפינדונג.

א מענש קאן ניט ערפינדען א זאך, וואס איז אייביג און אומ־פארענדערליך; און די וויסענשאפטליכע פרינציפען, וואס ער באַנוצט פאר את־דעם צוועק, מוזען אומבאדינגט זיין פונקט אזוי אייביג און אומפארענדערליך, ווי די געזעצען, וואס באוועגען די הימעל־קערפערס, אנדערש וואלט מען זיי ניט געקאנט באנוצען אויף אויסצוגעפינען פאראויס די צייט און דעם אופן פון א לקוי חמה אדער א לקוי לבנה.

די וויסענשאפטליכע פרינציפען, וואס דער מענש באנוצט, כדי צו קאנען פאראויסזאגען, ווען עס וועט עפים פארקומען בנוגע צו דער באוועגונג פון די הימעל־קערפערס, געפינען זיך דער־הויפט אין יענעם טייל פון דער וויסענשאפט, וואס הייסט ט ר י־ג א נ א מ ע ט ר י ע, אדער די אייגענשאפטען פון א דריי־עק; ווען אנגעווענדט צום שטודירען די הימעל־קערפערס, הייסט את־די וויסענשאפט אסטראנאמיע; ווען אנגעווענדט צו ווייזען די ריכ־טונג פון א שיף אויפ'ן ים, הייסט זי נאוויגאציע; ווען אנגעווענדט צו מאכען פיגורען, וואס ווערען געצייכענט מיט א ווירע און א צירקעל, הייסט זי געאמעטריע; ווען אנגעווענדט צו מאכען פלאנען און געביידעס, הייסט זי ארכיטעקטור; ווען אנגעווענדט צו מעס־טען וואסער־עס־איז טייל פון דער אויבערפלאך פון דער ערד, הייסט זי פעלד־מעסטעריי. מיט איינעםווארט, זי איז די נשמה פון דער וויסענשאפט; זי איז אן אייביגער אמת; זי אנטהאלט אין זיך דאס, וואס דער מענש רופט אן מ א ט ע מ א ט י ש ע ב א ו ו י י ז ע ן. און מען קאן ניט וויסען, ווי ווייט זי קאן זיך נאך אויסברייטען.

מען קאן זאגען, אז אזוי ווי דער מענש קאן מאכען אדער

אנצייכענען אַ דריי־עק, איז אַ דריי־עק דעריבער אַ מענשליכע ער־פינדונג.

אבער דער דריי־עק, ווען אנגעצייכענט, איז ניט מעהר, ווי נאָר אן אפּבילדונג פון דעם פּרינציפּ; דערמיט ווערט נאָר געגעבען דעם אויג, און דורכ'ן אויג — דעם שכל, אַ סקיצירונג פון אַ פּרינ־ציפּ, וואס וואלט אנדערש ניט געקאָנט באַנומען ווערען. דער דריי־עק שאַפט דעם פּרינציפּ פּונקט אַזוי, ווי אַ ליכט, וואס מען טראָגט אריין אין אַ פינסטערען חדר, מאַכט די שטולען און די טישען, וועל־כע מען האט פריהער ניט געקאָנט זעהן. אַלע אייגענשאַפטען פון אַ דריי־עק עקזיסטירען פריי פון דער צייכענונג, און האבען עקזיס־טירט נאָך איידער אַ מענש האט געהאט אנגעצייכענט אַ דריי־עק, אדער נאָר געטראַכט וועגען איהם.

דער מענש האט פּונקט אַזוי אַ שייכות צו דער פאָרמירונג פון אט־די אייגענשאַפטען אדער פּרינציפּען, ווי ער האט אַ שייכות צו דער שאַפונג פון די געזעצען, וואס באַוועגען די הימעל־קער־פּערס; און דערפאַר מוזען די ערשטע זיין פון דעם אייגענעם געטליכען מקור, וואס די אנדערע.

פּונקט ווי מען קאָן זאָגען, אַז דער מענש קאָן מאַכען אַ דריי־עק, קאָן מען אויך זאָגען, אַז ער קאָן מאַכען דעם מעכאַנישען אינס־טרומענט, וואס ווערט אנגערופען הויבעל; אבער דער פּרינציפּ, וואס דורך איהם ארבייט דער הויבעל, איז גאָר פאַר־שיידען פון דעם אינסטרומענט גופא און וואלט עקזיסטירט אויך אָן איהם; ער ווערט פאַרבונדען מיט'ן אינסטרומענט ערשט נאָכ־דעם, ווי דער לײַצטער איז געמאַכט; דער אינסטרומענט קאָן דעריבער ניט ארבייטען אנדערש, ווי ער ארבייט; און קיין שום אנשטרענגונג פון דער מענשליכער פאַנטאַזיע קאָן ניט מאַכען, אַז ער זאָל ארבייטען אנדערש; דאָס, וואס דער מענש רופט אָן אין אַזוינע פאַלען די ווירקונג, איז ניט קיין אנדער זאַך, ווי אט־דער פּרינציפּ, וואס איז געוואָרען צוגענגליך פאַר די חושים.

און אויב דער מענש קאָן ניט באַשאַפען קיין פּרינציפּען, איז ווי אַזוי קומט עס צו איהם צו קענען זיי אַזוי גרינדליך, אַז ער זאָל זיין אימשטאַנד ניט נאָר אנצואווענדען זיי פאַר זאַכען אויף דער

ערד, נאר אויך פעסטצושטעלען די באוועגונגען פון די הימעל־קערפערס. וואס זיינען אזוי אומענדליך־ווייט פון איהם? ווי אזוי, פרעג איך, *קומט צו איהם* אזא מין וויסען, אויב ניט פון שטודירען די אמת'ע טעאלאגיע?

דאס געביי פון דעם אוניווערז האט עס געגעבען דעם מענשען אט־דעם וויסען. אט־דאס געביי איז אן אייביג־עקזיסטירענדיגע אויסשטעלונג פון אלע פרינציפען, וואס אויף זיי איז באגרינדעט די מאטעמאטישע וויסענשאפט. די מעכאניק איז אן אפצווייג פון דער דאזיגער וויסענשאפט; ווייל מעכאניק איז ניט קיין אנדער זאך, ווי נאר דאס פראקטישע אנווענדען די פרינציפען פון דער וויסענשאפט.

דער מענש, וואס ארבייט אויס די פראפארציעס פון עטליכע טיילען פון א מיל, באנוצט די זעלביגע וויסענשאפטליכע פרינציפען, ווי ווען ער וואלט געהאט די קראפט אויפצובויען אן אוניווערז; נאר אזוי ווי ער קאן ניט צוגעבען דער מאטעריע יענע אומזיכטבארע קראפט, וואס דורך איהר ווירקען אלע באשטאנד־טיילען פון דעם אומגעהויערען מעכאניזם פון דעם אוניווערז איינע אויף די אנדערע און ארבייטען אלע צוזאמען אין הארמאנישער באוועגונג, אבער אן וואסער־עס־איז מערקליכער בארירונג, און וואס דער מענש האט זי א נאמען געגעבען צוציהונגס־קראפט, שווער־קראפט (גראוויטאציע) און צוריקשטויס, — פארבייט ער אט־די קראפט דורך א באשיידענער נאכאמונג פון ציין (אין א ראד). אלע טיילען פון דעם מענשענ'ס מיקראקאזם מוזען זיך קעגענזייטיג בארירען אויף א זיכטבארען אופן; אבער האט דער מענש געקאנט אויפפאסען אט־די נאטור־קראפט אזוי, אז ער זאל זיין ביכולת אנצואווענדען זי אין דער פראקטיס, מוזען מיר זאגען, אז עס זיינען אנטדעקט געווארען נאך קאנאנישע ביכער ווענען דעם ווארט פון גאט.

ווען א מענש וואלט געקאנט ענדערען די אייגענשאפטען פון דעם הויבעל, וואלט ער אויך געקאנט ענדערען די אייגענשאפטען פון דעם דריי־עק, ווייל א הויבעל (נעמענדיג, צוליב קלארקייט, יענעם מין הויבעל, וואס ווערט אנגערופען שנעל־וואג), בעת ער איז

אין באוועגונג, שאפט א דריי־עק. די ליניע, וואס פ ו ן איהר לאזט ער זיך אראפ (איין פונקט פון אט־דער ליניע איז דער שטיץ־פונקט). די ליניע, וואס צ ו איהר לאזט ער זיך אראפ, און די כארדע*) פון דער ארק, וואס דער עק פון הויבעל מאכט אין דער לופטען, זיינען די דריי זייטען פון א דריי־עק. דער אנדערער ארעם פון דעם הויבעל באשרייבט אויך א דריי־עק; און די אנט־שפרעכענדיגע זייטען פון אט־די צוויי דריי־עקען, אויסגערעכענט וויסענשאפטליך, אדער אויסגעמאסטען געאמעטריש, ווי אויך די זינוסען, טאנגענטען און סעקאנטען**), וואס ווערען געשאפען דורך די ווינקלען, האבען די זעלביגע קענענזייטיגע פראפארציעס, ווי די פארשיידענע וואגען, וואס באלאנסירען איינע די אנדערע אויף דעם הויבעל, ארויסלאזענדיג פון חשבון די וואג פון דעם הויבעל גופא.

מען קאן אויך זאגען, אז דער מענש קאן מאכען א ראד און אן אקס; אז ער קאן צוזאמענשטעלען רעדער פון פארשיידענער גרייס און מאכען אזוי ארום א מיל. אבער אויך אין דעם פאל ווערט די לאגע ניט געביטען, און ניט דער מענש האט געשאפען דעם פרינציפ, וואס גיט די רעדער אט־די קראפט. דער פרינציפ איז דא פונקט אזוי אומפארענדערליך, ווי אין דעם פריהערדיגען פאל, אדער ריכטיגער געזאגט, עס איז דערזעלביגער פרינציפ, נאר ער ערשיינט אנדערש פאר'ן אויג.

דאס שטודירען די אמת'ע טעאלאגיע האט אונז געבראכט צו דער וויסענשאפט, וואס פון איהר זיינען ארויסגעקומען אלע קונס־טען.

אויסגעשטעלט די פרינציפען פון דער וויסענשאפט אין דעם געביי פון דעם אוניווערז, האט דער אלמעכטיגער לעקטאר דערמיט

*) די גראדע ליניע, וואס שניידט דורך א קרייז נידעריגער פון צענטער. — איבערז.

**) טערמינען אין דער טריגאנאמעטריע, וואס באציכענען געוויסע מאטעמאטישע פארהעלטענישען צווישען די זייטען און די ווינקלען פון א דריי־עק. — איבערזעצער.

פארגעשלאגען דעם מענשען צו שטודירען און נאכצומאכען. עס איז גלייך, ווי ער וואלט געזאגט צו די איינוואוינער פון דער ערד, וואס מיר רופען זי אונזער ערד: „איך האב באשאפען אן ערד פאר'ן מענשען צו וואוינען אויף איהר, און איך האב איהם געלאזט זעהן די אויסגעשטערנטע הימלען, כדי צו לערנען איהם וויסענשאפט און קונסט. ער קאן איצט זארגען פאר זיין אייגענער באקוועמליכקייט, און זיך לערנען פון מיין פרייגעביגקייט צו אלעמען צו זיין פריינדליך צו אנדערע מענשען“.

וואס וואלט דעם מענשען ארויסגעקומען דערפון, וואס זיין אויג איז באשאנקען מיט דער קראפט צו זעהן אויף אן אומבאגרייפליכען שטח אן אומענדליכע צאל וועלטען, וועלכע דרייען זיך אין דעם אוקינוס פון רוים, אויב ער זאל דערפון ניט לערנען עפּיס? וואס פאר א שייכות וואלט דער מענש געהאט מיט די פלעיאדען, מיט אריאן, סיריוס, מיט דעם שטערען, וואס ער רופט אן דער צפון־שטערען, מיט די וואנדער־שטערען, וואס ער האט א נאמען געגעבען סאטורן, יופיטער, מארס, ווענוס, מערקור, אויב עס זאל איהם קיין זאך ניט ארויסקומען דערפון, וואס ער קאן זיי זעהן? אויב נאר אויף צו פארלירען זיין בליק אין דער אומענדליכער וויסטעניש פון רוים, וואס פינקעלט און שימערירט מיט ליכט, וואלט פאר דעם מענשען געווען גענוג א קלענערע זעה־קראפט, ווי די אומגעהויערע קראפט, וואס ער פארמאגט איצט.

און נאר דאן, ווען ער באטראכט דאס, וואס ער רופט אן אויסגעשטערנטער הימעל, ווי א בוך און א שולע פון וויסענשאפט, אנטדעקט ער א זין אין דעם, וואס ער קאן זעהן די שטערען, אדער א נוצען, וואס קומט איהם ארויס פון זיין אומגעהויערער קראפט צו זעהן.

נאר דאן, ווען ער באטראכט די גאנצע זאך אין אזא ליכט, געפינט ער נאך א גרונט צו זאגען, אז קיין זאך איז ניט באשאפען געווארען אומזיסט; ווייל אט־די זעה־קראפט, וואס ער פארמאגט, וואלט געווען גאנץ איבעריג, ווען זי זאל איהם גארנישט לערנען.

ווי די קריסטליכע סיסטעם פון גלויבען האט געמאכט אַן איבערקערעניש אין דער טעאָלאָגיע, אזוי האט זי אויך געמאכט אַן איבערקערעניש אין דעם צושטאַנד פון בילדונג. דאָס, וואָס מען רופט היינט אַן בילדונג, איז ניט געווען קיין בילדונג פאַר־צייטענס, בילדונג באַשטייט ניט, ווי מען האט דאָס היינט איינ־געפירט אין די שולעס, אין קענען שפּראַכען, נאָר אין וויסען די זאכען, וואָס די שפּראַך גיט זיי נעמען.

די גריכען זיינען געווען א געבילדעט פאָלק, אבער זייער ביל־דונג איז פּונקט אזוי ניט באַשטאַנען אין רעדען גריכיש, ווי זי באַשטייט ניט אין דעם, וואָס א רוימער רעדט לאַטיין, אָדער א פראַנצויז — פראַנצויזיש, אָדער אַן ענגלישער — ענגליש.

פון דעם, וואָס מיר וויסען וועגען די גריכען, זעהט ניט אויס, אַז זיי זאָלען האָבען געקענט אָדער שטודירט נאָך א שפּראַך, אַחוץ זייער אייגענער, און דאָס איז געווען איינע פון די אורזאַכען, פאַרוואָס זיי זיינען געוואָרען אזוי געבילדעט; זיי האָבען געהאַט מעהר צייט צו פאַרנעמען זיך מיט שטודירען בעסערע זאכען. די שולעס פון די גריכען זיינען געווען שולעס פון וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע, אָבער ניט פון שפּראַכען; און די אמת'ע בילדונג באַ־שטייט טאַקע נאָר אין וויסען דאָס, וואָס עס לערנט אונז די ווי־סענשאַפט און די פילאָזאָפיע.

כמעט די גאַנצע וויסענשאַפטליכע בילדונג, וואָס עקזיסטירט ביי היינטיגען טאָג, איז צו אונז געקומען פון די גריכען, אָדער פון דעם פאָלק, וואָס האט גערעדט גריכיש. און מחמת דעם איז עס נויטיג געווען, אַז מענשען פון אַנדערע פעלקער, וואָס האָבען גע־רעדט אויף אַנדערע לשונות, זאָלען לערנען גריכיש, כדי באַקענט צו מאַכען די פעלקער מיט דער בילדונג פון די גריכען, איבערזע־צענדיג די גריכישע ביכער פון וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע אין דער מוטער־שפּראַך פון יעדען פאָלק.

דאָס שטודירען די גריכישע שפּראַך (און דאָס אייגענע אויך מיט לאַטיין) איז דעריבער געווען ניט מעהר, ווי די נודנע אַרבייט פון א לינגוויסט; און די שפּראַך, וואָס מען האט אויף אזא אופן שטודירט, איז געווען נאָר א מיטעל, אָדער א מין געצייג אויף

איבערצונעמען די בילדונג פון די גריכען. זי איז ניט געווען קיין טייל פון אט־דער בילדונג גופא, און איז אפילו געווען אזוי פארשיידען פון איהר, אז עס האט זיך געקאנט גרייליך טרעפען, אז די מענשען, וואס האבען גענוג שטודירט גריכיש צו קאנען איבערזעצען אזעלכע ווערק, ווי, למשל, אייקליד׳ס *עלעמענטען*, זאלען גארנישט פארשטיין פון דעם, וואס די דאזיגע ווערק אנטהאלטען.

אזוי ווי קיין ניים קאן מען מעהר ניט לערנען פון די טויטע שפראכען, ווייל אלע ניצליכע ביכער זיינען שוין איבערגעזעצט געווארען, זיינען אט־די שפראכען געווארען א נוצלאזע זאך און די צייט וואס מען ניט אוועק אויף זיי איז ארויסגעווארפען.

אויף וויפיל דאס שטודירען שפראכען קאן בייטראגען צום פארטשריט און פארשפרייטונג פון וויסען (ווייל *באשאפען* נייעם וויסען קאן דאס באין אופן ניט), קאן מען געפינען נייעם וויסען נאר אין די לעבעדיגע שפראכען; און בכלל וועט א קינדזיכער זיך אויסלערנען פון א לעבעדיגער שפראך מעהר אין איין יאהר, ווי פון א טויטער שפראך אין זיבען יאהר, און דערצו טרעפט עס נאך גאנץ זעלטען, אז דער לערער אליין זאל וויסען א סך פון דער טויטער שפראך.

די שוועריקייט צו לערנען די טויטע שפראכען קומט ניט פון זייער גרעסערער פארפלאנטערטקייט, נאר פון דעם, *וואס זיי זיינען טויט* און וואס די אויסשפראך זייערע איז אינגאנצען פארלארען געגאנגען. דאס אייגענע וואלט פארגעקומען מיט יעדער אנדער שפראך, ווען זי וואלט געווארען טויט.

דער בעסטער גריכישער לינגוויסט, וואס לעבט היינט, באר־שטייט ניט אזוי גוט גריכיש, ווי עס האט אמאל פארשטאנען א גריכישער אקערער אדער א גריכיש דארפסמיידעל; און דאס אייגענע איז אויך מיט לאטיין, ווען פארגליכען מיט אן אקערער אדער א דארפסמיידעל ביי די רוימער; עס וואלט דעריבער געווען זעהר גוט פאר דעם צושטאנד פון בילדונג, ווען דאס שטודירען טויטע שפראכען וואלט אפגעשאפט געווארען און מענשען וואלטען, ווי

אמאל, זיך ווידער פארנומען מיט אמת'ער בילדונג, וואס באשטייט אין שטודירען וויסענשאפט.

ווי א תירוץ פאר לערנען די טויטע שפראכען ווערט אמאל אנגעגעבען דאס, וואס מען לערענט זיי אין א צייט, ווען א קינד איז נאך ניט אימשטאנד אנצושטרענגען יעדע אנדערע אינטעלעקטועלע פעהיגקייט, אויסער דעם זכרון; אבער דאס איז אינגאנצען א טעות. דער מענשליכער שכל האט א נאטירליכע נייגונג צו וויסענשאפט און צו זאכען, וואס זיינען מיט איהר פארבונדען.

די ערשטע און באליבטע פארוויילונג פון א קינד, איידער עס הויבט נאך אפילו אן צו שפילען זיך, איז — נאכצומאכען די ארבייט פון גרויסע. עס בויט הייזער מיט קארטען אדער שטעקלער, עס לאזט שווימען א שיפעל, געמכאט פון פאפיר, איבער'ן קליינעם ים פון־א שיסעל וואסער, אדער פארהאלט מיט א מין דאמבע דעם שטראם פון א קאנאווע און שטעלט צונויף עפים אזוינס, וואס ער רופט עס אן מיל; און דאס אלץ טוט דאס קינד מיט א געוואלטיגען אינטערעס און ליבע. אבער שפעטער הויבט עס אן צו גיין אין שולע, וואו זיין גייסט ווערט אפגעטויט דורך דעם טרוקענעם שטודירען א טויטע שפראך, און דער פילאזאף אין איהם פארלירט זיך אין דעם לינגוויסט.

דער תירוץ, וואס ווערט איצט אנגעגעבען פאר לערנען די טויטע שפראכען, האט אין אנהויב ניט געקאנט זיין די אורזאך פון רעדוצירען דאס לערנען ביז צו דער שמאלער און ניט־וויכטיגער ספערע פון לינגוויסטיק; מען מוז דעריבער זוכען די אמת'ע אורזאך ערגעץ אנדערש. אין אלע אזוינע פארשונגען איז דער בעסטער באוויז, וואס מען קאן געפינען, דער אינעווענינגסטער באוויז, וואס די זאך טראגט אין זיך גופא, און אויך דער באוויז פון די אומשטענדען, וואס זיינען מיט איהר פארבונדען; אין אט־דעם פאל איז ניט שווער צו געפינעןביידע זאכען.

די עולה, וואס איז באגאנגען געווארען קעגען דער גערעכטיגקייט פון גאט, אננעמענדיג, אז ער האט געלאזט דעם אומשולדיגען אפקומען פאר'ן שולדיגען, די אוממאראלישקייט און געמיינהייט צו זאגען, אז גאט האט אנגענומען די געשטאלט פון א מענשען, כדי

צו באפרייען זיך פון דער פארפליכטונג אויסצופירען זיין אורטייל איבער אדמ'ען, — דאס זיינען זאכען, וואס דארפען באזונדער באהאנדעלט ווערען; אבער אפילו אן דעם איז אויך זיכער, אז די אזוי־גערופענע קריסטליכע סיסטעם פון גלויבען, צורעכענענדיג צו איהר די משונה'דיגע מעשה פון דער וועלט־באשאפונג, די מארנע נעשיכטע וועגען חוה'ן, דער שלאנג און דעם עפעל, דעם אומ־באשטימטען באגריף וועגען א גאט־מענש, דעם פיזישען באגריף וועגען דעם טויט פון א גאט, דעם מיטאלאגישען באגריף וועגען א פאמיליע פון געטער און די קריסטליכע סיסטעם פון אריטמעטיק, לויט וועלכער דריי איז איינס און איינס איז דריי, — עס איז זיכער, זאג איך, אז אט־די סיסטעם פון גלויבען שטימט נישט ניט נאר מיט דעם געטליכען געשאנק פון שכל, וואס גאט האט נעגעבען דעם מענשען, נאר אויך מיט דעם באגריף וועגען דער מאכט און חכמה פון גאט, וואס דער מענש באקומט מיט דער הילף פון דער וויסענשאפט און דורך שטודירען דעם געביי פון דער באשאפונג.

די צוזאמענשטעלער און אויפהאלטער פון דער קריסטליכער סיסטעם פון גלויבען האבען ניט געקאנט ניט פאראויסזעהן, אז דער אומויפהערליכער פראגרעס פון דעם מענשען'ס באגריפען וועגען דער מאכט און חכמה פון גאט, ווי זי ווערט אנטפלעקט אין דעם געביי פון דער באשאפונג, וועט מוזען סותר זיין און שטע־לען אונטער א פראגע־צייכען די אמת'דיגקייט פון זייער סיסטעם; און מחמת דעם איז עס געווארען נויטיג פאר זייער ציל אראפצו־שניידען דאס לערנען ביז אזא גרייס, וואס זאל זיין פאר זיי וועניגער געפערליך, און זיי האבען דאס דורכגעפירט, רעדוצירענדיג דאס לערנען ביז צו דער טויטער שטודיע פון טויטע שפראכען.

זיי האבען ניט נאר באזייטיגט פון די קריסטליכע שולען דאס שטודירען די וויסענשאפט, נאר זיי האבען זי אויך פארפאלגט. דאס דאזיגע שטודירען איז ווידער אויפגעלעבט געווארען ערשט מיט אן ערך צוויי הונדערט יאהר צוריק.

אין יאהר 1610 האט גאליליי, א פלארענטינער, ערפונדען און אריינגעפירט אין געברויך די טעלעסקאפען; באנוצענדיג זיך מיט זיי צו שטודירען די באוועגונגען און דאס ערשיינען פון די הימעל־

קערפּערס, האָט ער דערמיט געשאַפען נאָך א מיטעל פּעסטצושטע־לען דעם אמת'ן געביי פון דער וועלט. אַנשטאָט צו באַערען איהם פאר אַט־דער ערפינדונג, האָט מען גאָר פון איהם געפאָדערט, אַז ער זאָל פון איהר און פון די רעזולטאַטען, וואָס קאָנען פון איהר אַרויסקומען, זיך אָפּזאָגען, ווי פון א שוידערליכער אפּיקורסות. און פריהער פאר דעם איז וויגיליוס פאַרמשפּט געוואָרען צום פאַר־ברענען דערפאר, וואָס ער האָט אַנערקענט די אַנטיפּאָדען, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, אַז די ערד איז קיילעכדיג און באַוואוינט אומעטום, וואו עס געפינט זיך נאָר לאַנד; אַט דער אמת איז איצט שוין צו גוט באַקענט, אַז מען זאָל גאָר וועגען איהם דאַרפען רעדען.

אויב דער גלויבען אין טעותים, וואָס זיינען ניט מאָראַליש שלעכט, בריינגט ניט קיין שאדען, דאַרף עס ניט זיין דעם מענ־שען'ס מאָראַלישער חוב זיי קעגענצושטעלען זיך אָדער צו באַזיי־טיגען. עס איז קיין ביין ניט געווען צו גלויבען, אַז די ערד איז פלאַך, ווי א ברעטעל, פונקט ווי עס איז ניט קיין טוגענד צו גלויבען, אַז זי איז קיילעכדיג, ווי א קויל; עס איז אויך קיין ביין ניט געווען צו גלויבען, אַז דער ב א ש ע פ ע ר האָט קיין שום אַנדער וועלט ניט באַשאַפען, אויסער דער ערד, פונקט ווי עס איז ניט קיין טוגענד צו גלויבען, אַז ער האָט באַשאַפען מיליאָנען וועל־טען, וואָס די אומענדליכקייט פון רוים איז מיט זיי אָנגעפילט.

ווען מען לאָזט אָבער א רעליגיעזע סיסטעם אַרויסוואַקסען פון אַן אַנגענומענער סיסטעם פון וועלט־באַשאַפונג, וואָס איז ניט אמת, און זיך מיט איהר אַזוי פאַראייניגען, אַז עס זאָל זיין כמעט אוממעגליך זיי פאָנאַנדערצוטיילען, ווערט די לאַגע גאָר אַן אַנדערע. דעמאָלט קאָנען אַזוינע טעותים, וואָס זיינען פאר זיך אַליין אפילו ניט מאָראַליש־שלעכט, אויך בריינגען שאַדען. דעמאָלט ווערט דער אמת, וואָס וואָלט ביי אַנדערע אומשטענדען פאר זיך אַליין געווען גאַנץ אומוויכטיג, זעהר וויכטיג, ווי א פּראָווּרשטיין, וואָס קאָן באַשטעטיגען אָדער אָפּלייקענען די אמת'דיגקייט פון דער רעליגיע גופא, לויט דעם צי ער שטימט מיט איהר אָדער ער ווידערשפּרעכט איהר. פון דעם שטאַנדפּונקט איז עס די מאָראַלישע פליכט פון

דעם מענשען צו באקומען יעדען מעגליכען באווייז בנוגע צו רעליגיעזע סיסטעמען, וואס עס גיט איהם נאר דאס געביי פון די הימלען אדער וואסער־עס־איז אנדער טייל פון דער באשאפונג.

אבער די אונטערשטיצער און אנהענגער פון דער קריסטליכער סיסטעם האבען זיך שטענדיג נעשטעלט קעגען דעם, גלייך ווי זיי וואלטען זיך געשראקען פאר די רעזולטאטען, און האבען נים נאר צוריקגעוויזען די וויסענשאפט, נאר אויך פארפאלגט איהרע נאכפאלגער. וואלטען ניוטאן און דעקארט געלעבט מיט דריי אדער פיר הונדערט יאהר צוריק און זיך פארנומען מיט זייערע שטודיעס, וואלטען זיי העכסט־ווארשיינליך נים אויסגעלעבט זייערע יאהרען צו פארענדיגען זיי; און וואלט פראנקלין אין דער אייגענער צייט געצויגען בליצען פון די וואלקענס, וואלט ער געוועז איינגעשטעלט אויסצוהויכען דערפאר זיין נשמה אויפ'ן שייטערהויפען.

אין דער שפעטערער צייט האט מען די גאנצע שולד ארויפגעלייגט אויף די גאטען און די וואנדאלען; אבער ווי די אנהענגער פון דער קריסטליכער סיסטעם זאלען נים וועלען אין דעם גלויבען אדער זיך מודה זיין, איז עס דאך אמת, אז די צייט פון אומוויסענקייט האט זיך אנגעהויבען מיט דער קריסטליכער סיסטעם. די וועלט האט פארמאגט פאר דעם מעהר וויסען, ווי מיט פיל הונדערטער יאהרען שפעטער; און וואס עס איז שייך צו רעליגיעזען וויסען, איז די קריסטליכע סיסטעם, ווי שוין געזאגט, געוועזען נים מעהר, ווי אן אנדער בארם פון מיטאלאגיע. און די אוראלטע מיטאלאגיע, וואס האט געהערשט פאר דער קריסטליכער, איז געוועזען א פארדארבונג פון אן אוראלטער סיסטעם פון טעאיזם*).

*) מיר קאנען איצט נישט וויסען, ווען עס האט זיך אנגעהויבען די הוידנישע מיטאלאגיע; עס איז אבער זיכער פון דעם אינעווענינסטען באווייז, וואס זי טראגט אין זיך, אז זי האט זיך נישט אנגעהויבען אין דעמזעלביגען צושטאנד, ווי זי האט זיך געענדיגט. אלע געטער פון אטער מיטאלאגיע, א חוץ סאטורנ'ען, זיינען געשאפען געווארען אין דער שפעטערער צייט. די אנגענומענע הערשאפט פון סאטורנ'ען איז געוועזען פאר דעם וואס ווערט אנגערופען ה י י ד נ י ש ע מ י ט א ל א ג י ע, און איז אויף אזוי פיל געוועזען א מין טעאיזם, אז זי האט דערלויבט דעם גלויבען נאר אין איין־איינציגען גאט. סאטורן, ווערט דערציילט, האט איבערגעגעבען זיין הערשאפט צו זיינע דריי זין און איין טאכטער,

עס איז צו פאַרדאַנקען אַט־דער לאַנגער צווישען־הערשאַפט פון דער וויסענשאַפט, **און ניט קיין אַנדער זאַך**, וואָס מיר מוזען איצט קוקען צו די גרויסאַרטיגע פּערזענליכקייטען, וועלכע מיר רופען אוראַלטע, אריבער א תהום פון פיל הונדערטער יאָרען. וואָלט דער סכום פון וויסען, וואָס האָט עקזיסטירט פרי־ער, פּראָגרעסירט רעגעלמעסיג דורך אַלע צייטען, וואָלט אַט־דער תהום געווען אַנגעפילט מיט פּערזענליכקייטען, וואָס וואָלטען איינע די אַנדערע איבערגעשטייגט אין וויסען, און אַט־די אוראַלטע, וואָס מיר באַוואונדערען זיי איצט אַזוי פיל, וואָלטען מיט כבוד ערשינען אין הינטערגרונט פון דער בינע. אָבער די קריסטליכע סיסטעם האָט פון אַלץ א תל געמאַכט; און אויב מיר ווילען זיך אָוועקשטע־לען ביים אָנהויב פון דעם זעכצענטען יאָרהונדערט, ווילען מיר קו־קען צוריק צו די צייטען פון די אוראַלטע דורך אַט־דעם ברייטען תהום, ווי אריבער אַן אומענדליכען זאַמדיגען מדבר, וואו אונזער בליק, ציהענדיג זיך צו די פרוכטבאַרע בערג אויף יענער זייט, וועט נישט טרעפען אפילו קיין בוימעל.

---

יופּיטער, פּלוטאָ, נעפּטון און יונאָ; נאָך דעם האָט די פאַנטאַזיע באַשאַ־פען מויזענטער אַנדערע געטער און האַלב־געטער, און די רשימה פון גע־טער איז געוואַקסען אַזוי שנעל, ווי די רשימה פון הייליגע.

די גאַנצע פאַרדאָרבענקייט, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער טעאָלאָגיע און אין דער רעליגיע, איז געקומען פון אָננעמען דאָס, וואָס דער מענש רופט אָן **געטליכע אַנטפּלעקונג**. די מיטאָלאָגיסטען האָבען פּרעטענדירט אויף אַט־דער **געטליכער אַנטפּלעקונג** נישט מער, ווי די קריסטען טוען עס. זיי האָבען געהאַט זייערע אָראַ־קעלס און פּריסטער, וואָס זאָלען כמעט ביי יעדער געלעגענהייט האָבען באַקומען דאָס **וואָרט פון גאָט** און עס פּינקטליך איבערגע־געבען צו די מענשען.

אַזוי ווי די גאַנצע מאָראַלישע פאַרדאָרבענקייט פון מולכ'ן ביז דעם מאָדערנעם גלויבען אין דער געטליכער השגחה, פון די מענשליכע קרבנות פון די געצענדינער ביז דעם קריסטליכען קרבן פון דעם **באַשעפער**, איז אַרויסגעקומען פון אָננעמען די אַזוי־גערופענע **געטליכע אַנטפּלעקונג**, איז דאָס ווירקזאַמסטע מיטעל צו פאַרמיידען אַזוינע שווינדלען און פאַרבלענדענישען — ניט צוצולאָזען קיין שום אַנדער אַנטפּלעקונג, אויסער דער אנטפּלעקונג פון **דעם בוך פון דער באַשאַפונג**, און צו באַטראַכטען די באַשאַפונג פאַר דאָס איינציג־אמת'ע וואָרט פון גאָט, וואָס איז געווען און וועט זיין, און אַלע אַנדערע זאַכען, וואָס ווערען אָנגערופען דאָס וואָרט פון גאָט, פאַר ליגען און פאַרפירונג.

עס גלויבט זיך קוים, אז עס זאל קאנען גאר עקזיסטירען אזא זאך אונטער'ן נאמען רעליגיע, וואס זאל האלטען פאר א ו מ ר ע־ ל י ג י ע ז דאס שטודירען און פארטיפען זיך אין דעם געביי פון גאט'ס באשאפונג. אבער דער פאקט איז צו קלאר, אז מען זאל איהם קאנען אפלייקענען.

די פאסירונג, וואס האט מער פון אלץ געהאלפען צו צעברע־כען דעם ערשטען רינג אין אט־דער לאנגער קיים פון דעספאטי־שער אומוויסענקייט, איז געווען דאס, וואס איז באקענט אונטער'ן נאמען ל ו ט ע ר'ס ר ע פ א ר מ א צ י ע. פון יענער צייט אן, כאטש עס זעהט נישט אויס, אז דאס זאל זיין איינע פון די צילען, וואס לוטער, אדער די אזוי־גערופענע רעפארמאטארס, האבען זיך גע־שטעלט, האט די וויסענשאפט אנגעהויבען אויפלעבען, און אינאיי־נעם מיט איהר האט זיך אויך באוויזען דער פרייער געדאנק, איהר נאטירליכער באליטער. דאס איז געווען די איינציגע גוטע זאך, וואס די רעפארמאציע האט אויפגעטון פאר'ן כלל; און וואס עס איז שייך צו איהרע רעליגיעזע אויפטואונגען, וואלטען זיי גלייכער געמעגט ניט פארקומען. די מיטאלאגיע איז אלץ פארבליבען און מיט'ן פאלען פון דעם פ ו י פ ס ט פ ו ן ק ר י ס ט ע נ־ ט ו ם איז אויסגעוואקסען א גרויסע צאל נ א צ י א נ א ל ע פ ו י פ ס ט ע ן.

געוויזען אויף אזא אופן די אורזאך, וואס האט געבראכט אן ענדערונג אין דעם צושטאנד פון לערנען, און ווארום דאס שטודירען וויסענשאפט איז פארביטען געווארען אויף שטודירען טויטע שפראכען, וועל איך ווייטער פארגלייכען דעם באווייז, וואס עס גיט אונז דאס געביי פון דעם אוניווערז, מיט דער קריסטליכער סיסטעם פון רעליגיע, ווי איך האב עס שוין טיילווייז געטון פריי־הער. אבער אזוי ווי איך קאן דאס נישט טון אויף א בעסערען אופן, ווי דורך איבערגעבען די געדאנקען, וואס זיינען מיר אויפגעפאלען אין מיין יוגענד, און וועלכע, איך בין זיכער, קומען פריהער אדער שפעטער כמעט צו יעדען מענשען, וועל איך דא דערציילען, אין וואס אט־די געדאנקען זיינען באשטאנען, און וועל צו דעם מוסיף זיין נאך אנדערע זאכען, וואס וועלען דערפון ארויסוואקסען.

אזוי ווי מיין פאטער איז געוועזן א קווייקער, האב איך דעריבער געהאט דאָס גליק צו באקומען אַן אויסערגעוויינטליך־גוטע מאָראַלישע דערציהונג און א נישקשה'דיגען אוצר פון ביבלישען וויסען. כאטש איך בין געגאַנגען אין אַ לאטיינישולע („גרעמער־סקול"), האב איך פונדעסטוועגען ניט געלערנט קיין לאטיין, און ניט נאָר ווייל איך האב ניט געהאט קיין נייגונג צו לערנען שפּראַכען, נאָר אויך דערפאַר, ווייל די קווייקערס זיינען קעגען די ביכער, אין וועלכע די שפּראַך ווערט געלערנט. דאָס האט מיר אָבער נישט געשטערט צו זיין באקענט מיט'ן אינהאַלט פון אַלע לאטיינישע ביכער, וואָס זיינען באנוצט געוואָרען אין דער שולע.

איך האב געהאט א נאַטירליכע נייגונג צו וויסענשאַפט. איך האב אויך געהאט א געוויסע נייגונג און, איך גלויב, א געוויסען טאַלאַנט צו פּאָעזיע; אבער דאָס האב איך גיכער אונטערדריקט, איידער דערמוטיגט, ווי אַ זאַך, וואָס פירט צופיל אוועק אין דער וועלט פון פאַנטאַזיע. אזוי גיך, ווי עס האט זיך נאָר געמאַכט פאַר מיר א געלעגענהייט, האב איך זיך געקויפט א פּאַר גלאָבוסען און האב געהערט די פילאָזאָפישע לעקציעס פון מאַרטין און פערגוסאָן; שפּעטער האב איך זיך אויך באקענט מיט דר. בעוויס פון דער קיניגליכער געזעלשאַפט, — ער האט דעמאָלט געוואוינט אין דעם טעמפּעל און איז געוועזן אַן אויסגעצייכענטער אסטראָנאָם.

איך האב נישט געהאט קיין שום נייגונג צו דעם, וואָס מען רופט פּאָליטיק. זי האט אין מיין מח זיך אַלעמאָל צוזאַמענגעבונדען מיט'ן באַגריף פון דעם וואָרט Jockeyship ווען איך האב אָבער געווענדט מיינע געדאַנקען צו דעם ענין פון שטאַט, האב איך געפילט, אַז איך דאַרף פאַר זיך אַליין שאַפען אַן אידעאַלע רעגירונגס־סיסטעם, וואָס זאָל שטימען מיט די מאָראַלישע און פילאָזאָפישע פּרינציפּען, אויף וועלכע איך בין דערצויגען געוואָרען. איך האב געזעהען, אדער עס האט זיך מיר ווענינגסטענס אויסגעוויזען, אַז איך האב געזעהען, ווי די דעמאָלטדיגע אַמעריקאַנער געשעהענישען עפענען פאַר דער גאַנצער וועלט אַ ברייט פעלד; און עס האט מיר אויסגעזעהען, אַז אויב די אַמעריקאַנער וועלען נישט ענדערען

זייער טאקטיק בנוגע צו דער ענגלישער רעגירונג און וועלען זיך נייט דערקלערען אומאפהענגיג, וועלען זיי דערמיט נישט נאר ברייננען אויף זיך אן א שיעור נייע שוועריקייטען, נאר אויך מאכען אן עק צו די אויכזיכטען, וואס האבען, צו פארדאנקען זיי, זיך גע־עפענט פאר דער גאנצער מענשהייט.

אט־דאס זיינען געווען די מאטיווען, וואס האבען מיך באוועגט צו פארעפענטליכען מיין ערשטע ארבייט, וועלכע איז באקענט אונ־טער'ן נאמען „פשוט'ער שכל"; און איך גלויב, ווי ווייט איך אליין קאן נאר וועגען דעם אורטיילען, אז איך וואלט קיינמאל ניט געווען באקענט פאר דער וועלט, ווי א שרייבער, ווען נישט די אמערי־קאנער געשעהענישען. איך האב אנגעשריבען דאס ווערק "פשוט'ער שכל" צום סוף פון 1775 און עס פארעפענטליכט דעם 1־טען יאנואר, 1776. די אמעריקאנער אומאפהענגיגקייט איז דערקלערט געווא־רען דעם 4־טען יולי, 1777.

יעדער מענש, וואס האט אויף זיך אליין באאבאכטעט דעם צו־שטאנד און פראגרעס פון דעם מענשליכען שכל, האט געמוזט בא־מערקען, אז עס זיינען פאראן צוויי באזונדערע מינים פון דעם, וואס מיר רופען אן געדאנקען: אזוינע, וואס מיר רופען אין זיך ארויס דורך רעפלעקסיע און דעם פראצעס פון דענקען און אזוינע, וואס פון זיך אליין פארלירען זיי זיך אין אונזער מח.

איך האב זיך פארגענומען צו באהאנדלען אלע מאל מיט העפ־ליכקייט אט־די נישט געבעטענע געסט, און האב געזעהען אויסצור־פארשען, ווי ווייט איך האב נאר געקאנט, צי עס איז כדאי גע־ווען צו פארנעמען זיך מיט זיי, — און פון אט־די געדאנקען האב איך באקומען כמעט מיין גאנצען וויסען, וואס איך האב איצט. די בילדונג, וואס א מענש קריגט אין א שולע, איז נאר א קליינער קא־פיטאל, וואס גיט איהם אבער א מעגליכקייט צו לערנען זיך שפע־טער אליין. יעדער געבילדעטער מענש איז כוף כל סוף זיין איי־גענער לערער, — דאס איז דערפאר, ווייל פרינציפען קאנען נישט אפגעשטעמפעלט ווערען אויפ'ן זכרון און זיינען קיינמאל נישט אזוי דויערהאפטיג, ווי דאן, ווען דער מענש באנעמט זיי מיט זיין אייגענעם שכל.

פון דער צייט אן, ווען איך בין נאר געוואָרען פעהיג צו באַ־נעמען אן אידעע און נאָכצודענקען איבער איהר, האָב איך שוין געצווייפעלט אין דעם אמת פון דער קריסטליכער סיסטעם, אדער באטראכט זי פאר עפּיס א מאָדנער זאך; איך האָב די זאך ניט באגריפען גאַנץ קלאָר; עס געדענקט זיך מיר אבער גוט, ווי איך, א קינד פון אן ערך זיבען אדער אכט יאָר, האָב געהערט א דרשה פון מיינעם א קרוב, א הייסען אָנהעננגער פון דער קירך, אויף דער טעמע: „די דערלייזונג דורך דעם טויט פון גאָט'ס זון“. נאָך דער דרשה בין איך ארויסגעגאַנ־גען אין גאָרטען; גייענדיג אזוי איבער די גאָרטען־טרעפּ (איך געדענק זעהר קלאָר דעם פּלאַץ), בין איך געוואָרען שרעקליך אויפ־געבראַכט פון דעם, וואָס איך האָב נאָר וואָס געהערט. איך האָב געטראַכט, אז דאָס האָט געהייסען צו לאָזען דעם אלמעכטיגען האַנדלען, ווי א היציגען מענשען, וואָס האָט גע'הרג'עט זיין איי־גענעם זון, ווען ער האָט אויף אן אַנדער מין אופן נישט געקאָנט נעמען נקמה; און אזוי ווי איך בין געווען זיכער, אז א מענש וואָלט פאר אזא זאך אויפגעהאַנגען געוואָרען, האָב איך נישט גע־קאָנט פאַרשטיין, צוליב וואָס מען האַלט עס אזוינע דרשות.

דאָס איז נישט געווען איינער פון יענע געדאַנקען, וואָס האָ־בען אין זיך די קינדישע לייכטזיניגקייט; עס איז געווען פאר מיר אן ערנסטע רעפלעקסיע, וואָס איז נעקומען פון מיין פאַרשטעלען זיך גאָט פאר א צו־גוטען צו קאָנען טון אזא זאך און פאר א צו־אלמעכטיגען צו זיין גאָר דערצו געצוואונגען. אויך איצט גלויב איך אין דעם אויף דעמזעלביגען שטייגער; און איך גלויב אויך, אז יעדע סיסטעם פון רעליגיע, וואָס האָט אין זיך עפּיס אזוינס, וואָס ווירקט שלעכט אויף דער נשמה פון א קינד, קאָן ניט זיין קיין אמת'־דיגע סיסטעם.

עס זעהט אויס, ווי די פאָטערס פון קריסטליכען גלויבען וואָל־טען זיך געשעמט צו דערציילען זייערע קינדער וועגען די פּרינצי־פּען פון זייער רעליגיע. זיי גיבען זיי צייטענווייז איבער מאָראַ־לישע כללים און רעדען מיט זיי וועגען דער גוטסקייט פון דעם, וואָס זיי רופען אַן געטליכע השגחה (פּראָווידענץ). (די קריסטליכע

מיטאלאגיע האט פינף גאטהייטען: גאט דער פאטער, גאט דער זון, גאט דער היילינער גייסט, די געטליכע השגחה און די געטין־נאטור). אבער די קריסטליכע מעשה וועגען גאט דעם פאטער, וואס האט אומגעבראכט זיין זון, אדער געלאזט מענשען טון דאס פאר איהם (וייל אזוי ווערט די מעשה אונז איבערגעגעבען) קאן נישט דערציילט ווערען פון עלטערען צו א קינד; און צו דערציילען אז דאס איז געטון געווארען מיט'ן צוועק צו מאכען די מענשהייט גליקליכער און בעסער, הייסט מאכען נאך ערגער די גאנצע מעשה, — גלייך ווי די מענשהייט קאן ווערען בעסער דורך דעם ביישפיל פון א מארד; און צו דערציילען, אז די גאנצע זאך איז א מיסטעריע וואלט נאר געהייסען צו פארענטפערען איהר אומגלויבינקייט.

ווי פארשיידען דאס איז פון דעם ריינעם און איינפאכען גלויבען אין דעאיזם! דער אמת'ער דעאיסט האט נאר איין גאט, און זיין רעליגיע באשטייט אין זעהן די מאכט, חכמה און גוטסקייט פון גאט אין זיינע ווערק, און צו שטרעבען איהם נאכצוטון אין יעדער מאראלישער, וויסענשאפטליכער און מעכאנישער זאך.

די רעליגיע, וואס דערנעהענטערט זיך מעהר פון אלע אנדערע צום עכטען דעאיזם אין דעם פרט פון אנערקענען גאט'ס גוטסקייט, איז די רעליגיע פון די קוויקערס; אבער זיי האבען זיך צופיל באשרענקט, ארויסלאזענדיג אינגאנצען פון זייער סיסטעם די ווערק פון גאט. כאטש איך פיל גרויס אכטונג צו זייער מענשענליבע, מוז איך אבער א שמייכעל טון, ווען איך שטעל זיך פאר, ווי שטיל און גרוי די וועלט וואלט געווען, ווען זי וואלט באשאפען געווארען נאכ'ן געשמאק פון א קוויקער! קיין בלום וואלט נישט דערפרייט דאס אויג מיט איהר בליהונג און קיין שום פייגעל וואלט נישט דערלויבט געווען צו זינגען.

נאכדעם, ווי איך האב זיך גוט אויסגעלערנט צו באנוצען זיך מיט א גלאבוס און אן א ר ע ר י*), און האב זיך געשאפען א באגריף וועגען דער אומענדליכקייט פון רוים און דער אייביגער

*) אזוי ווי דאס דאזיגע בוך קאן ארייגפאלען אין די הענט פון מענשען, וועלכע וויסען נישט, וואס עס איז אזוינס אן א ר ע ר י, וועל איך דא צוגעבען פאר זיי די דאזיגע באמערקונג. די ארערי האט איהר

טיילבאַרקייט פון מאטעריע און באקומען וועניגסטענס אַלגעמיינע ידיעות אין דעם. וואָס ווערט אנגערופען נאַטור־פילאָזאָפיע. האב איך אנגעהויבען פארגלייכען דעם איביגען באוויז, וואָס אַט־די זאַכען טראגען אין זיך, מיט דער קריסטליכער סיסטעם פון גלויבען.

כאָטש עס איז נישט קיין דירעקטער פונקט פון דער קריסטליכער סיסטעם, אַז די וועלט, וואָס מיר באַוואוינען, שטעלט פאַר מיט זיך די גאַנצע באשאַפונג, איז אבער די זאַך אַזוי באַאַרבייט דורך דער אַזוי־גערופענער מאָזאַאישער דערציילונג פון דער באַשאַפונג, דורך דער מעשה מיט חוה'ן און דעם עפּעל, און דעם טויט פון גאָט'ס זון, אַז צו גלויבען אַנדערש, ד. ה. צו גלויבען, אַז גאָט האָט באשאַפען אַ סך וועלטען, וועניגסטענס אַזוי פיל. וויפיל עס זיינען פאַראַן שטערען אויפ'ן הימעל, וואָלט די קריסטליכע סיסטעם פון גלויבען געמאַכט צוגלייך אי קליין און אי לעכערליך און זי געלאָזט פאַנאַנדערפליהען זיך אין דער מענשליכער נשמה, ווי פעדערען אין דער לופט. די ביידע גלויבענס קאָנען זיך נישט האַלטען אין איין־און־דערזעלביגער נשמה, און דער, וואָס מיינט, אַז ער גלויבט אין ביידע זאַכען, האָט בכלל זיך וועניג פאַרטראַכט איבע' דעם.

כאָטש דער גלויבען אין דער עקזיסטענץ פון פיל וועלטען איז באַקאַנט געוועזען אויך צו די אוראַלטע, איז אבער די אמת'ע גרייס און ברייט פון דער ערד אויסגעפאָרשט געוואָרען ערשט אין פאַרלויף פון די לעצטע דריי הונדערט יאָהר. עטליכע שיפען, פאָלגענדיג נאָכ'ן לויף פון דעם אָקעאַן, זיינען אַרומגעשוואומען אַרום דער וועלט, ווי אַ מענש גייט אַרום אַ קרייז און קומט דורך דער אַנדער־

נאָמען פון דעם מענשען, וואָס האָט זי ערפונדען. עס איז דער מעכאַניזם פון אַ זייגער, וואָס שטעלט פאָר דעם אוניווערז אין מיניאַטור: עס ווערט דאָ פאָרגעשטעלט, ווי דאָס קומט פאָר באמת אויף דעם אַזוי־גערופענעם הימעל, דאָס דרייען זיך פון דער ערד אַרום זיך אַליין און אַרום דער זון, דאָס דרייען זיך פון דער לבנה אַרום דער ערד, דאָס דרייען זיך פון די פּלאַנעטען אַרום דער זון, זייערע רעלאַטיווע דיסטאַנצען פון דער זון, דעם צענטער פון דער גאַנצער סיסטעם, די רעלאַטיווע דיסטאַנצען פון איינער צו דער אַנדערער און זייערע פאַרשיידענע גרויסען.

רער זייט צוריק צום ארט, פון וואנען ער איז ארויסגעגאנגען. דער אומקרייז פון אונזער וועלט אין איהר ברייטסטען טייל, ווי א מענש וואלט אויסגעמאכטען דעם ברייטסטען קרייז פון אן עפעל אדער א פילקע, איז נאר פינף־און־צוואנציג טויזענט און צוואנציג ענגלישע מייל, רעכענענדיג ניין־און־זעכציג און א האלבען מייל פאר א גראד פון דעם עקוואטאר, און קאן ארומגערייזט ווערען מיט'ן וואסער אין אן ערך דריי יאר צייט*).

אזא וועלט קאן אונז אין אנהויב אויסזעהן צו זיין גאנץ גרויס; אבער אויב מיר וועלען זי פארגלייכען מיט דער אומענדליכקייט פון רוים, וואו זי הענגט, ווי א בלעזעל אדער א באלאן אין דער לופט. איז זי פראפארציאנעל אומענדליך־קלענער, ווי דאס קלענסטע זעמדעל איז אנטקעגען איהר, אדער ווי דאס קלענסטע טיילכעל טוי איז אנטקעגען דעם גאנצען אקעאן, — און וועט דעמאלט אויסזעהן אין אונזערע אויגען צו זיין גאנץ קליין; ווי איך וועל עס שפעטער ווייזען אין אונזער וועלט נאר איינע פון א גאנצער סיסטעם פון וועלטען, וואס פון זיי באשטייט די באשאפונג.

עס איז נישט שווער צו שאפען זיך א שוואכען באגריף וועגען דער אומענדליכקייט פון רוים, אין וועלכען אונזער און אלע אנדערע וועלטען הענגען, אויב מיר וועלען נאר נאכפאלגען א שטיינערונג (פראגרעסיע) פון אידעען. ווען מיר טראכטען וועגען דער גרייס פון א צימער, דערגייט אונזער געדאנק ביז צו די ווענט און שטעלט זיך דארט אפ; אבער ווען אונזער אויג אדער אונזער פארשטעלונג לאזט זיך אוועק איבער'ן רוים, ד. ה., ווען מיר קוקען ארויף צו דעם, וואס מיר רופען אן פרייער הימעל, קאנען מיר זיך גארנישט פארשטעלען, אז עס זאלען דארט זיין וואסערע־עס־איז ווענט אדער גרענעצען; און אויב מיר נעמען אפילו אן, אז עס איז פאראן עפיס א

*) ווען מיר זאלען לאזען א שיף שווימען דורכשניטליך דריי מייל א שעה, וואלט זי געמאכט איהר גאנצע רייזע ארום דער וועלט אין וועניגער פון א יאר צייט, ווען זי וואלט נאר געקאנט שווימען אין א גלייכען קרייז; זי איז אבער געצוואונגען צו פאלגען נאכ'ן לויף פון דעם אקעאן.

גרענעץ, כדי מיר זאלען קאנען אפשטעלען אונזער געדאנק, קומט אונז באלד ווידער אויף א נייע פראגע: וואס אזוינס געפינט זיך איבער יעניער גרענעץ? און אזוי ווייטער, ביז די מיד־געווארענע פארשטעלונג קערט זיך צוריק אום און זאגט: ע ס א י ז נ י ש ט א ק י י ן ס ו ף. עס קאן דאך נישט זיין קיין צווייפעל אין דעם, אז נישט דערפאר, ווייל דער באשעפער איז געווען באַ־שרענקט אין רוים, האט ער עס באשאפען את־די וועלט נישט גרע־סער, ווי זי איז, און מיר דארפען זוכען די אורזאך דערפון אין עפּיס אן אנדער זאך.

אויב מיר וועלען באטראכטען אונזער אייגענע וועלט, אדער ריכטיגער, די וועלט, וואס דער באשעפער האט אונז געלאזט זיך באנוצען מיט איהר, ווי מיט אונזער טייל אין דער אומענדליכער סיסטעם פון דער באשאפונג, וועלען מיר געפינען, אז יעדער טייל איהרער — די ערד, די וואסערען, און די לופט, וואס רינגעלט זי ארום — איז פול און אפילו איבערגעפילט מיט לעבען, אנהויבענ־דיג פון די גרעסטע חיות, וואס מיר ווייסען פון זיי, ביז די קלענסטע אינזעקטען, וואס דאס נאקעטע אויג קאן זעהן, און ווייטער ביז די נאך קלענערע, וואס מען קאן גארנישט זעהן אן דער הילף פון דעם מיקראסקאפ.

יעדער בוים, יעדע פלאנץ און יעדעס בלעטעל דינט נישט נאר פאר א וואוינוּנג, נאר פאר א גאנצער וועלט פון עפּיס א צאלרייכען שטאם, און די אנימאלישע עקזיסטענץ דערגייט ביז צו אזא אויסער־געוויינטליך־קליינעם גראד, אז א פוילענדיג גרעזעל קאן פארשטעלען מיט זיך שפּייז פאר טויזענטער.

אזוי ווי קיין שום טייל פון אונזער ערד בלייבט נישט לעדיג, איז ווארום זאלען מיר אננעמען, אז די אומענדליכקייט פון רוים איז פוסט און לער, אן אייביגע וויסטעניש? עס איז פאראן פלאץ פאר מיליאנען וועלטען, אזוי גרוים אדער נאך גרעסער פון אונזע־רער, וואס יעדערע פון זיי איז אויף מיליאנען מייל אפגעטיילט פון דער אנדערער.

אויב מיר וועלען פון דעם פונקט אן פירען אונזערע אידעען נאך אויף איין נעדאנק ווייטער, וועלען מיר אפשר זעהן די אמת'ע

אורזאַך, אָדער וועניגסטענס אַ זעהר גוטע אורזאַך, צו פילען זיך גליקליך, וואָס דער באַשעפער, אַנשטאַט צו מאַכען איין אומענדליכע וועלט, וואָס זאָל זיך אויסשפּרייטען איבער אַן אומענדליכען רוים, האָט בעסער אויסגעקליבען צו צעטיילען אַט־די גאַנצע מאַטעריע אויף באַזונדערע וועלטען, וואָס מיר רופען אַן פּלאַנעטען און וואָס אונזער ערד איז איינע פון זיי. אבער איידער איך וועל קלאָר מאַכען מיינע געדאַנקען איבער אַט־דעם ענין, איז פריהער נויטיג (נישט פאַר די, וואָס ווייסען שוין דאָס, נאָר פאַר די, וואָס ווייסען עס נישט) צו ווייזען, וואָס עס איז אַזוינס די סיסטעם פון דעם אוניווערז.

יענער טייל פון דעם אוניווערז, וואָס ווערט אָנגערופען די זונ־נען־סיסטעם (באַטייטענדיג די סיסטעם פון וועלטען, וואָס אונזער ערד געהערט צו זיי און וואָס די זון איז זייער צענטער), באַשטייט, אויסער דער זון, פון זעקס באַזונדערע הימעל־קערפּערס, אָדער פּלאַ־נעטען, אָדער וועלטען, אויסער די סעקאַנדאַרע קערפּערס, וואָס ווע־רען אָנגערופען נעבען־פּלאַנעטען אָדער לבנות; אונזער ערד האָט איינע אַזאַ לבנה, וואָס באַלייט זי אין איהר יערליכער אומדרייאונג ארום דער זון, פּונקט ווי די אַנדערע נעבען־פּלאַנעטען באַלייטען די פּלאַנעטען אָדער וועלטען, צו וועלכע זיי געהערען, ווי מען קאָן דאָס זעהן מיט דער הילף פון דעם טעלעסקאָפּ.

די זון איז דער צענטער, ארום וועלכען אַט־די זעקס וועלטען אָדער פּלאַנעטען דרייען זיך אויף פאַרשיידענע דיסטאַנצען און אין קרייזען, וואָס זיינען קאָנצענטריש איינע צו די אַנדערע. יעדע איינע פון אַט־די וועלטען האַלט זיך שטענדיג כמעט אויף דעמזעלביגען וועג ארום דער זון און דרייט זיך אין דערזעלביגער צייט ארום זיך אליין אין אַ כמעט־ווערטיקאַלער פּאָזיציע, ווי אַ דריידעל, וואָס דרייט זיך ארום זיך אליין און בייגט זיך אין דערזעלביגער צייט אביסעל איין אין דער זייט.

אַט־דאָס אָנבייגען זיך פון דער ערד (23½ גראַדען) שאַפט זומער און ווינטער און די פאַרשיידענע לענג פון טאָג און נאַכט. ווען די ערד וואָלט זיך געדרייט ארום זיך אליין אין אַ פּאָזיציע, וואָס וואָלט געווען פּערפּענדיקולאַר צו דער פלאַך פון דעם קרייז,

אין וועלכען זי דרייט זיך ארום דער זון, ווי א דריידעל דרייט זיך. בעת עס איז אויפגעשטעלט גלייך, וואלטען די טעג און די נעכט געהאט די זעלביגע לענג — צוועלף שעה טאג און צוועלף שעה נאכט — און די צייטען פון יאר וואלטען זיך קיינמאל נישט גע־ביטען.

יעדען מאל, ווען א פלאנעט (אונזער ערד, צום ביישפיל) דרייט זיך ארום זיך אליין, מאכט זי דאס, וואס מיר רופען טאג און נאכט; און יעדען מאל, ווען זי גייט דורך איהר גאנצען וועג ארום דער זון, מאכט זי דאס, וואס מיר רופען אן יאר; דאס הייסט, אז אונזער וועלט דרייט זיך דריי הונדערט פינף און זעכציג מאל ארום זיך אליין אין דער צייט, ווען זי גייט איינמאל ארום ארום דער זון*).

די נעמען, וואס די אוראלטע האבען געגעבען אט־די זעקס וועל־טען און וואס די לעצטע טראגען זיי נאך עד היום, זיינען: מערקור, ווענוס, די וועלט, וואס מיר רופען זי אונזערע, מארס, יופיטער און סאטורן. זיי ערשיינען פאר'ן אויג גרעסער, ווי די אנדערע שטערען, און דאס איז דערפאר, ווייל זיי זיינען אויף פיל מיליאנען מייל נע־הענטער צו אונזער ערד, ווי וואסער־עס־איז שטערן. די פלאנעט ווענוס איז די, וואס ווערט אנגערופען דער אווענט־שטערן און אמאל דער מארגען־שטערן, ווייל זי פארגייט שפעטער פון דער זון און גייט אויף פריהער, און איןביידע פאלען קיינמאל נישט מער, ווי אויף דריי שעה.

די פלאנעט אדער די וועלט, וואס איז צום נעהענטסטען פון דער זון, איז מערקור; זיין דיסטאנץ פון דער זון איז פיר־און־דריי־סיג מיליאן מייל, אין דער קרייז, אין וועלכען ער דרייט זיך, גע־פינט זיך אלעמאל אויף אט־דער דיסטאנץ פון דער זון. ווי מען קאן זיך פארשטעלען א דריידעל, וואס זאל זיך דרייען אין דעם וועג.

*) די, וואס האבען גערעכענט, אז די זון גייט ארום דער ערד יעדע 24 שעה, האבען געהאט דעמזעלביגען טעות, ווי א קוכער, וואס וואלט געפירט דאס פייער ארום דעם פלייש, אנשטאט צו דרייען דאס פלייש איבער'ן פייער.

וואס א פערד גייט ארום אין א מיל. די צווייטע וועלט איז ווענוס; זי איז זיבען־און־פופציג מיליאן מייל ווייט פון דער זון, און דער קרייז, אין וועלכען זי דרייט זיך איז דריבער פיל גרעסער, ווי דער קרייז פון דער פלאנעט מערקור. די דריטע וועלט איז די, אין וועלכער מיר וואוינען; זי איז אכט־און־אכציג מיליאן מייל ווייט פון דער זון, און דער קרייז, אין וועלכען זי דרייט זיך, איז דעריבער גרעסער, ווי דער קרייז פון דער פלאנעט ווענוס. די פערטע וועלט איז מארס; ער איז הונדערט און פיר־און־דרייסיג מיליאן מייל ווייט פון דער זון, און דער קרייז, אין וועלכען ער דרייט זיך, איז דעריבער גרעסער, ווי דער קרייז פון דער ערד. די פינפטע וועלט איז יופּי־טער; ער איז פינף הונדערט און זיבען־און־פופציג מיליאן מייל ווייט פון דער זון, און זיין קרייז איז דעריבער גרעסער, ווי דער קרייז פון דער פלאנעט מארס. די זעקסטע וועלט איז סאטורן; ער איז זיבען הונדערט און דריי־און־זעכציג מיליאן מייל ווייט פון דער זון, און דער קרייז אין וועלכען ער דרייט זיך, רינגעלט דערי־בער ארום די קרייזען, אדער ארביטען, פון אלע אנדערע וועלטען אדער פלאנעטען.

דער שטח, וואס אונזער זונען־סיסטעם פארנעמט אין דער גלייכער ליניע פון דעם גאנצען דיאמעטער פון דעם קרייז, אין וועלכען סאטורן באוועגט זיך ארום דער זון, איז פופצען הונדערט און זעקס־און־צוואנציג מיליאן מייל, וואס דאס איז צוויי מאל אזוי פיל, ווי סאטורנ'ס דיסטאנץ פון דער זון; דער קרייז, וואס אט־די סיסטעם איז אין איהם איינגעשלאסען, דערגרייכט אן ערך פינף טויזענט מיליאן מייל, און איהר מאסע אין דער פארם פון א גלא־בוס דערגרייכט כמעט דריי טויזענט פינף הונדערט מיליאן מאל דריי טויזענט פינף הונדערט מיליאן קוואדראט־מייל*).

*) אויב מען זאל פרעגען, ווי אזוי קאן א מענש וויסען אט־די אלע זאכען, וועל איך דערויף גיבען אן איינפאכען ענטפער, און דאס איז, אז דער מענש וועיס, ווי אזוי אויסצורעכענען א לקוי חמה, און אויך אויס־צורעכענען צו דער מינוט ווען די פלאנעט ווענוס, דרייענדיג זיך ארום דער זון, וועט קומען אין א גלייכער ליניע צווישען אונזער ערד און דער זון און וועט ערשיינען פאר אונז אין דער גרייס פון א גרויסען ארבעס, וואס גייט דורך איבער'ן אנגעזיכט פון דער זון. דאס טרעפט נאר צוויי

אָבער דאָס אַלץ, ווי אומגעהויער־גרויס עס זאָל נישט זיין, איז נאָר איין סיסטעם פון וועלטען. אויף אַן אומענדליכער דיסטאַנץ פון אַט דער סיסטעם. אויף א דיסטאַנץ, וואָס דער מענשליכער מח קאָן עס גאַרנישט באַנעמען, געפינען זיך די שטערען, וואָס ווערען אַנגערופען די פ י ק ס ־ ש ט ע ר ע ן. זיי ווערען אַזוי אַנגערופען, ווייל זיי באַוועגען זיך נישט אַזוי, ווי די זעקס וועלטען אָדער פּלאַנעטען, וואָס איך האָב נאָר וואָס באַשריבען. די דאָזיגע פיקס־שטערען האַלטען זיך שטענדיג אויף איין־און־דערזעלביגער דיסטאַנץ איינע פון די אַנדערע און געפינען זיך שטענדיג אויף איין־און־דעמזעלביגען פּלאַץ, ווי די זון געפינט זיך שטענדיג אין דעם צענטער פון אונזער סיסטעם. מען רעכענט, דעריבער, אַז יעדער איינער פון די דאָזיגע שטערען איז אויך אַ זון, וואָס אַרום איהר דרייט זיך אַן אַנדער סיסטעם פון וועלטען, אָדער פּלאַנעטען, ווי אונזער סיסטעם פון וועלטען דרייט זיך אַרום אונזער זון, ווי אַרום אַ צענטער; אָבער אַט־די סיסטעמען זיינען שוין צו וויים פון אונז, אַז מיר זאָלען זיי קאָנען אַנטדעקען.

דורך אַט־דער לייכטער שטייגערונג פון אידעען זעהען מיר, אַז די גאַנצע אומענדליכקייט פון רוים איז אָנגעפילט מיט סיסטעמען פון וועלטען און אַז קיין שום טייל זיינער איז נישט לער, פּונקט אַזוי ווי קיין שום טייל פון אונזער ערד־קויל איז נישט פאַרבליבען נישט־פאַרנומען.

באַמיהט זיך צו געבען אויף א לייכטען און פּאָפּולערען אופן א השגה פון דעם געביי פון דעם אוניווערז, וועל איך איצט זיך

מאָל אין אַן ערך פון הונדערט יאָר, און פון איינמאָל ביז'ן אַנדערען געדויערט אַרום אַכט יאָר; אין אונזער צייט האָט עס שוין געטראָפען צוויי מאָל, און ביידע מאָל זיינען פאָראויסגעזאָגט געוואָרען דורך אויסרעכענונג. מען קאָן אויך וויסען, ווען דאָס וועט פּאַסירען אויף אַ טויזענט יאָר פאָראויס, אָדער אויף וואָסער־עס־איז אַנדער לענג פון צייט. אַזוי ווי דער מענש וואָלט נישט געווען אימשטאַנד צו טון דאָס, ווען ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען די זונען־סיסטעם און ווי אַזוי עס קומען פאָר די אומדרייאונגען פון איניגע פּלאַנעטען, איז דאָס אויסרעכענען פון א לקוי חמה, אָדער דאָס דורכגיין פון דער פּלאַנעט ווענוס פאַרביי דער זון, א באַווייז, אַז אַט־דער וויסען עקזיסטירט; ביי אַזוינע אומענדליכע דיסטאַנצען קאָנען עטליכע טויזענט אָדער אפילו עטליכע מיליאָן מייל קוים האָבען עפּעס א ווירקונג אויף דעם גאַנג פון די הימעל־קערפּערס.

אומקערען צוריק צו דעם, אויף וואס איך האב שוין געהאט פריהער אנגעדייט, און דאס איז — צו דעם נוצען, וואס עס קומט דעם מענשען ארויס דערפון, וואס דער באשעפער האט בעסער אויסגע־קליבען צו באשאפען א מ ע ר ה י י ט פון וועלטען, ווי דאס איז אונזער סיסטעם, וועלכע באשטייט פון א צענטראלער זון און זעקס וועלטען, אחוץ נעבען־פלאנעטען, אנשטאט צו באשאפען נאר איין וועלט פון אן אומגעהויערער גרייס.

איך האב קיינמאל נישט ארויסגעלאזט פון אויג דעם געדאנק, אז אונזער גאנצער וויסען נעמט זיך פון די אומדרייאונגען (ווי זיי ווערען באנומען פון אונזער ראיה, און פון דער ראיה — איבער־געגעבען צום פארשטאנד), וואס די עטליכע פלאנעטען אדער וועל־טען פון אונזער סיסטעם מאכען אין זייער קרייז־באוועגונג ארום דער זון.

ווען די גאנצע מאטעריע, וואס אט־די זעקס וועלטען אנטהאל־טען, וואלט געווען צוזאמענגעמישט אין איין־איינציגען גלאבוס, וואלט דאן נישט עקזיסטירט אט־די אומדרייאונג, אדער זי וואלט געווען נישט גענוג צו געבען אונז דעם וויסען, וואס מיר האבען איצט; און פון אט־דעם וויסען וואקסען דאך ארויס די מעכאנישע קונסטען, וואס בייטראגען אזוי פיל צו אונזער ערדישען גליק און באקוועמליכקייט.

אזוי ווי דער באשעפער האט קיין זאך ניט באשאפען אומזיסט, דארף מען דעריבער אויך גלויבען, אז ער האט איינגעארדענט די וועלט ווי צום בעסטען פאר דעם מענשען; און אזוי ווי מיר זעהען און פילען פון אונזער ערפארונג דעם נוצען, וואס קומט אונז ארויס פון דעם געבוי פון דעם אוניווערז, ווי ער איז, און וואס מיר וואל־טען ניט געקאנט האבען, ווען דער אוניווערז, אויף וויפיל דאס איז שייך צו אונזער סיסטעם, וואלט באשטאנען פון איין־איינציגען גלאבוס, — קאנען מיר אנטדעקען וועניגסטענס איין גרונד, וואר־רום עס איז באשאפען געווארען א מ ע ר ה י י ט פון וועלטען, און אט־דער גרונד רופט ארויס ביים מענשען א געפיל פון דאנק־בארקייט, איבערגעבענקייט און פארערונג צום באשעפער.

אבער אט־דער נוצען פון א סך וועלטען קומט ארויס ניט נאר

אונז, די איינוואוינער פון דער ערד. די איינוואוינער פון יעדע־איינער פון די וועלטען, וואס פון זיי באַשטייט אונזער סיסטעם, האבען אלע די זעלביגע געלעגענהייט, וואס מיר, צו באקומען וויסען. זיי זעהען די באַוועגונגען פון אונזער ערד, ווי מיר זעהען זייערע. יעדע פּלאַנעט דרייט זיך אזוי, אז זי קאן געזעהען ווערען פון אלע איבעריגע פּלאנעטען; און דעריבער איז פאר זיי אלע אפען די זעלביגע אוניווערסאַלע שולע פון וויסען.

אבער דער וויסען בלייבט נאך דערביי ניט שטיין. די סיסטעם פון וועלטען, וואס געפינט זיך נאך אונזערער, דעקט אויף די זעלביגע פּרינציפּען און שטעלט פאר מיט זיך א שולע פון וויסען פאר אירע איינוואוינער, אזוי ווי אונזער סיסטעם — פאר אונז; און דאס אייגענע קומט איך פאר אין דער גאנצער אומענדליכקייט פון רוים.

אונזערע באגריפען וועגען דער אלמעכטיגקייט, ווי אויך וועגען דער חכמה און גוטסקייט פון דעם באשעפער, ווערען אלץ ברייטער, וואס מעהר מיר פארטיפען זיך אין דער גרויסקייט פון דעם אוניווערז און אין זיין געביי. אנשטאט דער ניט־פרייליכער פארשטעלונג פון אן איינזאמער וועלט, וואס באוועגט זיך אדער שטייט רוהיג אין דעם אומענדליכען אקעאן פון רוים, האבען מיר די דערמוטיגענדיגע פארשטעלונג פון א גאנצער געזעלשאפט פון וועלטען, וואס זיינען אזוי איינגעאָרדענט, אז שוין מיט זייער באַוועגונג אליין קלערען זיי אויף דעם מענשען. מיר זעהען, ווי אונזער אייגענע ערד איז פול מיט שפע, אבער מיר פארגעסען צו נעמען אין אכט, וויפיל פון אט־דער שפע מיר האבען צו פארדאנקען די וויסענשאפטליכע קענטעניש, וואס דער אומגעהויערער מעכאניזם פון דעם אוניווערז האט פאר אונז אויפגעדעקט.

וואס פאר א מיינונג קאנען מיר נאך דעם האבען וועגען דער קריסטליכער סיסטעם פון גלויבען, וואס ווערט באגרינדעט אויף דעם באגריף פון בלויז איין וועלט, און נאך פון אזא וועלט, וואס איז, ווי מיר האבען פריהער געוויזען, ניט גרעסער פון פינף־און־צוואנציג טויזענט מייל? א וועלט, וואס א מענש, גייענדיג דריי מייל א שעה, צו צוועלף שעה א טאג, וואלט זי אינגאנצען ארומ־

געגאנגען אין ווייניגער פון צוויי יאהר, ווען ער וואלט נאר געקאנט זיך האלטען די גאנצע צייט אין א קרייז־פארמיגער ריכטונג. וואס פאר א באטרעף האט עס אנטקעגען דעם מעכטיגען אקעאן פון רוים און דער אלמעכטיגקייט פון דעם באשעפער?

פון וואנען זשע האט זיך עס געקאנט נעמען די מאדנע אויפפא־סונג, אז דער אלמעכטיגער, וואס האט אונטער זיין רשות מיליאנען וועלטען, זאל אויפהערען זארגען פאר אלע איבעריגע וועלטען און קומען שטארבען אין אונזער וועלט, ווייל, ווי מען דערציילט אונז, א מאן און א פרוי האבען געגעסען אן עפעל? אדער זאלען מיר, פון דער אנדער זייט, אננעמען, אז יעדע וועלט אין דער גרענעצ־לאזער באשאפונג האט געהאט א חוה, אן עפעל, א שלאנג און א דערלייזער? אין דעם פאל וואלט דער מענש, וואס ווערט מיט אזא לייכטקייט אנגערופען גאט'ס זון, און צייטענווייז גאט אליין, ניט געהאט קיין אנדער זאך צו טון, ווי נאר ארומצואוואנדערען אייביג פון וועלט צו וועלט און האלטען אין איין שטארבען, ניט האבענדיג גאר קיין צייט צו לעבען.

אזוי פיל משונה'דיג־ווילדע סיסטעמען פון גלויבען האבען גע־קאנט באבריצירט ווערען נאר דורך אפזאגען זיך פון דעם קלא־רען באווייז, וואס דאס ווארט אדער די ווערק פון גאט, ווי דאס ווערט אנטפלעקט אין דער באשאפונג, גיבען אונזערע חושים, און פון דער ווירקונג, וואס אונזער שכל האט אויף אט־דעם באווייז. עס קאנען זיין פיל רעליגיעזע סיסטעמען, וואס זיינען נישט מא־ראליש־שלעכט און אין פיל פרטים אפילו מאראליש־גוט; אבער אן אמת'דיגע סיסטעם קאן זיין נאר א י י נ ע; און אט־די איינע וועט מוזען אלע מאל און אין אלץ שטימען מיט דעם אייביג־עקזיסטירענדיגען ווארט פון גאט, ווי מיר זעהען עס אין זיינע ווערק. אבער די קאנסטרוקציע פון דער קריסטליכער סיס־טעם פון גלויבען איז אזא, אז יעדער באווייז, וואס די ה י מ ל ע ן גיבען דעם מענשען, ווידערשפרעכט איהר אויף א דירעקטען אופן אדער דעקט אויף איהר אומזיניגקייט.

מען קאן גלויבען, און איך וויל טאקע אין דעם אלע מאל גלוי־בען, אז עס זיינען פאראן אויף דער וועלט מענשען, וואס רעדען זיך

אליין אייך, אז אַן אַזוי־געראָפענער פ ר ו מ ע ר ל י ג ע ן קאַן, וועניגסטענס אונטער באַזונדערע אומשטענדען, ברייענגען מיט זיך אויך עפּיס גוטס. ווען אָבער דער ליגען ווערט אייגמאָל באַפעסטיגט, קאָן מען איהם שוין שפּעטער ניט דערקלערען, ווייל מיט א פרומען ליגען איז ווי מיט א שלעכטער האנדלונג, — עס ווערט אַן אוממגליקליכע נויטווענדיגקייט אליז ווייטער אַנצוגיין מיט איהם.

די מענשען, וואָס האָבען אין אַנהויב געפּרעדיגט די קריסטליכע סיסטעם פון גלויבען און האָבען זי אין א געוויסער מאָס פאַראייניגט מיט דער מאָראַליטעט, וואָס ישו הנוצרי האָט געפּרעדיגט, האָבען געקאָנט איינרעדען זיך אליין, אַז זי איז געווען בעסער פון דער היידנישער מיטאָלאָגיע, וואָס האָט אין יענער צייט געהערשט.

פון די ערשטע פּרעדיגער איז דער ליגען אריבער צו די צווייטע, פון זיי — צו די דריטע, ביז וואַנען די אידעע, אַז אַט־די סיסטעם איז א פרומער ליגען, האָט זיך פאַרלאָרען אין דעם גלויבען, אַז זי איז אמת'דיג; און דער דאָזיגער גלויבען איז ווייטער אויפגעהאַלטען געוואָרען פון די מענשען, וואָס האָבען פון איהם געצויגען זייער חיונה.

כאָטש אזא גלויבען האָט געקאָנט דורך אַזוינע מיטלען גאַנץ גוט פאַרשפּרייט ווערען צווישען וועלטליכע מענשען, איז אָבער כמעט אוממעגליך אַנדערש צו דערקלערען די אומאויפהערליכע פאַרפאָלגונגען, וואָס די קירך האָט אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָהרען אַנגעפירט קעגען דער וויסענשאַפט און איהרע אַנהענגער, ווי נאָר מיט דעם, אַז עס איז פאַראַן אין דער קירך א טראַדיציע וועגען איהרע פאַלשע יסודות, אָדער זי האָט פאַראויסגעזעהען, אַז זי וועט ניט קאָנען אויסהאַלטען קעגען דער אויפקלערונג, וואָס דער מענש באַקומט דורך דעם געבייי פון דעם אוניווערז.

געוויזען דעם אומפאַרמיידליכען ווידערשפּרוך צווישען דעם אמת'דיגען וואָרט פון גאָט, ווי עס ווערט אַנטפּלעקט אין דעם אוניווערז, און דעם אַזוי־גערופענעם ו ו אָ ר ט פ ו ן ג אָ ט, ווי עס ווערט אונז געוויזען אין א געדרוקטען בוך, וואָס יעדער מענש קאָן עס פאַרפאַסען, וועל איך איצט איבערגיין צו די דריי

הויפט־מיטלען, וואס זיינען באנוצט געווארען אין אלע צייטען איז אפשר אויך אין אלע לענדער, צו פארפירען די מענשהייט.

די דאזיגע דריי מיטלען זיינען: מיסטעריע, וואונדער און נביאות. די ערשטע צוויי שטימען ניט מיט אמת'ער רעליגיע און דאס דריטע דארף אלע מאל געשטעלט ווערען אונטער א צווייפעל.

בנוגע צו מיסטעריע, איז אלץ, וואס מיר זעהען, פאר אונז אין איין זין א מיסטעריע. אונזער אייגענע עקזיסטענץ איז א מיס־טעריע; די גאנצע פלאנצען־וועלט איז א מיסטעריע. מיר קאנען ניט דערקלערען, ווי אזוי אן אייכעל־נוס, ווען אריינגעלייגט אין דעם באדען, אנטוויקעלט זיך און ווערט א דעמב. מיר ווייסען ניט, ווי אזוי די זאמען, וואס מיר פארזייען, אנטוויקלען זיך און פאר־מערען זיך און גיבען אונז אזא געוואלטיגען פראצענט אויף אזא קליינעם קאפיטאל.

אבער דער פאקט אליין, אפגעזעהען פון דער ווירקענדיגער אורזאך, איז ניט קיין מיסטעריע, ווייל מיר זעהען איהם און ווייסען אויך די מיטלען, וואס מיר דארפען באנוצען, און דאס איז ניט קיין אנדער זאך, ווי ארייגלייגען זאמען אין דעם באדען. מיר ווייסען, הייסט עס, אזוי פיל, וויפיל עס איז פאר אונז נויטיג צו וויסען; און יענעם טייל פון דעם פראצעס, וואס מיר ווייסען ניט, און וואס מיר וואלטען ניט געקאנט דורכפירען, ווען מיר וואלטען איהם אפילו געוואוסט, — יענעם טייל נעמט דער באשעפער אויף זיך און פירט איהם דורך פאר אונז. עס איז דעריבער פאר אונז בעסער אזוי, ווי ווען מיר וואלטען איבערגעלאזט געווארען אין דער פינסטער און באדארפט אלץ טון אליין.

און כאטש יעדע באשאפענע זאך איז אין אט־דעם זין א מיס־טעריע, קאן אבער דאס ווארט מיסטעריע ניט אנגעווענדט ווערען אויף א מאראלישען אמת פונקט אזוי, ווי פינס־טערניש קאן ניט אנגעווענדט ווערען אויף ליכטיגקייט. דער גאט, אין וועלכען מיר גלויבען, איז א גאט פון מאראלישען אמת און ניט א גאט פון מיסטעריע און פינסטערניש. מיסטעריע איז דער שונא פון אמת. עס איז א נעפיל, וואס דער מענש האט אויסגע־טראכט צו פארטונקלען און פארדארבען דעם אמת. דער אמת ווי־

קעלט זיך אַליין קיינמאָל ניט איין אין אַ מיסטעריע, און די מיסטעריע, וואָס דער אמת ווערט צייטענווייז אין איהר איינגע־וויקעלט, איז אַלע מאָל די אַרבייט פון זיין שונא און ניט פון איהם אַליין.

די רעליגיע, וואָס איהר תוך איז צו גלויבען אין גאָט און צו לעבען אין מאָראַלישען אמת, קאָן דעריבער ניט האָבען קיין שום שייכות מיט מיסטעריע. דער גלויבען אין אַ גאָט, וואָס איז פריי פון יעדער מיסטעריע, איז פון אַלע גלויבענס דער לייכטסטער, ווייל מיר קומען צו איהם, ווי עס איז פריהער באַמערקט געוואָרען, דורך דער נויטווענדיגקייט. און דאָס לעבען אין פּראַקטישען אמת, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, דאָס פּראַקטישע נאָכטון דער מאָ־ראַלישער גוטסקייט פון גאָט איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי באַגיין זיך מיט מענשען אַזוי מילד, ווי גאָט באַגייט זיך מיט אונז. מיר קאָנען ניט דינען גאָט אויף דעמזעלביגען שטייגער, ווי מיר דינען די, וואָס קאָנען זיך אָן אונזער דינסט ניט באַגיין; און דע־ריבער קאָנען מיר גאַרנישט דינען גאָט אויף אַן אַנדער אופן, ווי נאָר דורך בייטראָגען צום גליק פון די לעבעדיגע וועזענס, וואָס גאָט האָט באַשאַפען. דאָס קאָן אָבער נישט געטון ווערען, ווען מיר גייען אַוועק פון דער וועלט און פירען אַן אָפּגעזונדערט לעבען אין ענגהאַרציגער איבערגעבענקייט צו גאָט.

די טבע אַליין און דאָס ציל פון רעליגיע, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, ווייזען אויפ'ן קלאָרסטען אופן, אַז זי מוז זיין דורכאויס פריי פון אַלץ, וואָס איז מיסטעריעז. רעליגיע, באַ־טראַכט, ווי אַ פליכט, ווערט גלייך אַרויפגעלייגט אויף יעדער לע־בעדיגער נשמה און מוז דעריבער זיין קלאָר און באַגרייפליך פאַר אַלעמען. דער מענש לערנט נישט רעליגיע אַזוי, ווי ער לערנט די סודות און מיסטעריעס פון אַ פאַך. ער לערנט די טעאָריע פון רעליגיע דורך נאָכדאַכטונג. זי וואַקסט אַרויס דורך דער ווירקונג פון זיין אייגענעם פאַרשטאַנד אויף די זאַכען, וואָס ער זעהט, אָדער אויף דעם, וואָס עס קאָן אים אויסקומען צו הערען אָדער לייענען. און די רעליגיעזע האַנדלונג קומט שוין דערנאָך אַליין.

ווען מענשען האָבען צוליב אַ געוויסער ערליכער אָדער ניט־

ערליכער פאליטיק געגרינדעט סיסטעמען, וואס האבען ניט געקאנט שטימען מיט'ן ווארט, אדער מיט די ווערק פון גאט, ווי דאס ווערט אנטפלעקט אין דער באשאפונג, און זיינען אפילו געווען אפשטויסענד פאר'ן מענשליכען פארשטאנד, ווער רעדט שוין וועגען זיין איבער איהם, זיינען זיי געווען נעצוואונגען אויסצוטראכטען אדער אנצונעמען א ווארט, וואס זאל זיין א מחיצה פאר אלע פראגעס, פארשונגען און ספעקולאציעס. דאס ווארט מ י ס ט ע ר י ע האט זיך פאר דעם זעהר גוט געפאסט, און אזוי ארום האט עס פאסירט, אז די רעליגיע, וועלכע איז פאר זיך אליין גארנישט מיסטעריעז, זאל פארהילט ווערען מיט א גאנצען נעפיל פון מיסטעריעס.

די מ י ס ט ע ר י ע האט געדינט פאר אלע אלגעמיינע צוועקען; דער ו ו א ו נ ד ע ר האט געפאלגט נאך איהר, ווי א צופעליג הילפס־מיטעל. די ערשטע האט געדינט צו פארטומלען דעם שכל, דער צווייטער — צו פארווירען די חושים.

אבער איידער מיר וועלען ווייטער אנגיין מיט אונזער ענין, וועט זיין גאנץ פאסיג צו זעהען פריהער, וואס עס ווערט פארשטאנען אונטער'ן ווארט ו ו א ו נ ד ע ר.

פונקט ווי מען קאן זאגען, אז יעדע זאך איז א מיסטעריע, קאן מען אין דעם אייגענעם זין אויך זאגען, אז יעדע זאך איז א וואונדער און אז קיין זאך איז נים קיין גרעסערער וואונדער, ווי אן אנדערע. דער העלפאנט, כאטש ער איז גרעסער, איז אבער ניט קיין גרעסערער וואונדער פאר א מילב, ווי א בארג איז נים קיין גרעסערער וואונדער פאר אן אטאם.

פאר אן אלמעכטיגער קראפט איז פונקט אזוי ניט שווער צו באשאפען דאס ערשטע, ווי דאס צווייטע, און א מיליאן וועלטען, ווי נאר איין־איינציגע וועלט. יעדע זאך איז דעריבער אין איין זין א וואונדער, בעת אין דעם אנדערען זין איז גאר נישטא אזא זאך, ווי א וואונדער. עס איז א וואונדער, ווען פארגליכען צו אונזער קראפט און אונזער תפיסה; עס איז נישט קיין וואונדער, ווען פארגליכען צו דער קראפט, וואס פירט עס אויס; אבער אזוי ווי דאס גיט נאך אלץ ניט קיין השגה פון דעם, וואס עס ווערט פאר־

שטאנען אונטער׳ן װארט װאונדער, װעלען מיר פירען אונזער פאר־שונג װייטער.

די מענשען האבען געפאסט פאר זיך אליין געװיסע געזעצען, װאס דורך זיי, נעמען זיי אן, װירקט די אזוי־גערופענע נאטור; און א װאונדער איז עפיס אזוינס, װאס איז להפוך צו דער װיר־קונג פון אט־די געזעצען; אבער אויב מיר קענען ניט אט־די גע־זעצען, אדער דאס, װאס װערט געװיינטליך אנגערופען נאטור־קרעפטען, אין זייער גאנצער גרייס, זיינען מיר ניט אימשטאנד צו אורטיילען, אויב א זאך, װאס קאן אונז אויסזעהן װאונדערליך, געפינט זיך אין אדער אויסער די גרענעצען אדער איז גאר דער הפוך פון אט־די קרעפטען.

דאס אויפהויבען זיך פון א מענשען אין דער לופטען אויף עטליכע מייל די הייך װאלט געקאנט באטראכט װערען פאר א װאונדער, װען עס װאלט ניט געװען באװאוסט, אז מען קאן פראָ־דוצירען א מין לופט, װאס איז עטליכע מאל לייכטער פון דער גע־װיינטליכער אטמאספערישער לופט און דאך גענוג עלאסטיש ניט צו דערלאזען, אז דער באלאן, װאס האט אין זיך אט־די לייכטע לופט, זאל צונויפגעפרעסט װערען פון דער געװיינטליכער לופט, װאס רינגעלט איהם ארום.

אויף דעמזעלביגען אופן װאלט מען געקאנט באטראכטען פאר א װאונדער דאס ארויסקריגען פון דעם מענשליכען קערפער פונקען פייער, װאס מען קאן זיי זעהן פונקט אזוי גוט, װי די פונקען, װאס װערען מיט א שטיין ארויסגעשלאגען פון שטאל, און דאס באַ־װעגען אייזען אדער שטאל אן יעדען זיכטבארען מיטעל, װען מיר װאלטען גארנישט געװאוסט פון עלעקטריציטעט און מאגנעטיזם. און דאסזעלביגע װאלט אויך געװען מיט פיל אנדערע עקספערי־מענטען אין דער נאטור־פילאזאפיע פאר מענשען, װאס זיינען ניט באקענט מיט׳ן ענין.

דאס צוריקברענגען צום לעבען מענשען, װאס זעהען אויס טויט, װי דאס װערט געטון מיט דערטרונקענע, װאלט אויך געװען א װאונדער, װען עס װאלט נישט געװען באװאוסט, אז דאס לעבען קאן אויפהערען, נישט זייענדיג אינגאנצען אויסגעלאשען.

א חוץ דעם ווערען פון שווארצקינסטלער און פון מענשען, וואס רעדען זיך צוזאמען, פארגעשטעלט כלומר'שט וואונדערליכע זאכען, וואס פארלירען אבער יעדען אינטערעס, וויבאלד נאר מען דערוואוסט זיך, ווי אזוי זיי ווערען געמאכט. עס זיינען אויך פאראן מעכאנישע און אפטישע אילוזיעס.

אין פאריז קומט איצט פאר אן אויסשטעלונג פון גייסטער אדער געשפענסטער; הנם דאס ווערט נישט אויסגעגעבען פאר'ן עולם, ווי א פאקטישע זאך, זעהט עס אבער אויס, ווי א וואונדער.

אזוי ווי מיר ווייסען נישט, ווי ווייט די נאטור אדער די קונסט קאנען אוועקגיין, האבען מיר דעריבער נישט קיין זיכערע מאס צו באשטימען, וואס עס איז אזוינס א וואונדער, און די מענשען, גלויבענדיג אין אלערליי ערשיינונגען, ווייל זיי שטעלען זיך פאר, אז עס זיינען פאראן וואונדער, וועלען שטענדיג פון אימיצען קאנען פארפירט ווערען.

און ווייל ערשיינונגען קאנען אזוי אפנארען און ווייל ניט רעאלע זאכען קאנען האבען א שטארקע ענליכקייט צו זאכען, וואס עקזיסטירען, איז ווי אזוי קאן מען גאר אננעמען, אז דער אלמעכטיגער זאל זיך באנוצען מיט אזוינע מיטלען, ווי די אזוי־גערופענע וואונדער, וואס קאנען ארויסרופען א חשד, אז די פערזאן, וואס ווייזט זיי, איז א שווינדלער, אז די פערזאן, וואס דערציילט זיי, זאגט א ליגען, און אז די גאנצע לערע, וואס דארף דורך אט־די מיטלען אויפגעהאלטען ווערען, איז ניט מעהר, ווי אן אויסגעטראכטע זאך.

פון אלע מיני באווייזען, וואס זיינען ווען־עס־איז אויסגעטראכט געווארען, כדי צו לאזען מענשען גלויבען אין עפיס א רעליגיעזער סיסטעם, איז דער באווייז דורך וואונדער, ווי געלונגען אט־די אפנארעריי זאל אין אנהויב נישט זיין, וועניגער פון אלין זיכער. ווייל ווי נאר מען ווענדט זיך צו וואונדער, כדי ארויסצורופען דערמיט ביי מענשען אט־דעם גלויבען, פילט זיך שוין א שוואכקייט אין דער לערע, וואס ווערט געפרעדיגט; א חוץ דעם לאזט מען דערמיט ארונטער דעם אלמעכטיגען צו דער ראלע פון איינעם, וואס ווייזט קונצען, כדי צו אמוזירען מענשען און לאזען

זיי זיך וואונדערען און שטוינען. אט דער מין באוויז איז אויך דער סאמע צווייפעלהאפטער — ווייל דער גלויבען ווענדט זיך דאָ נישט אַן דעם אַזוי־גערופענעם וואונדער, נאָר אַן דעם, ווי ווייט עס ווערט באגלויבט דער מענש, וואָס זאָגט, אז ער האָט איהם אליין געזעהען; און דעריבער ווענט די זאַך, מעג זי אפילו זיין אַ אמת, פּונקט אזוי ווייניג באגלויבט זיין, ווי ווען זי וואָלט געווען א ליגען.

ווען איך וואָלט, א שטייגער, געזאָגט, אז ווען איך האָב זיך אוועקגעזעצט שרייבען אָט־דאָס בוך, האָט זיך א האַנט באַוויזען אין דער לופט, האָט גענומען די פּען און אנגעשריבען יעדעס וואָרט פון בוך — וואָלט דען אימיצער מיר געגלויבט? געוויס ניט. און וואָלט מען דען מיר געגלויבט מעהר, ווען די זאַך וואָלט אפילו געווען אַן אמת? געוויס ניט. און אויב אַן אמת'ער וואונדער, ווען אזא זאַך וואָלט געקאָנט טרעפען, וואָלט געהאַט דעמזעלביגען מזל, וואָס אַן אויסגעטראַכטע זאַך, איז ווי קאָן מען גאָר נאָך דעם אַנ־נעמען, אז דער אַלמעכטיגער זאָל זיך באנוצען מיט מיטלען, וואָס קאָנען ניט דערגרייכען דעם ציל, פאַר וועלכען זיי זיינען באַשטימט, אפילו דאַן, ווען זיי וואָלטען געווען אמת'דיג?

אויב מיר נעמען אַן, אז אַ וואונדער איז עפּיס אַזוינס, וואָס קאָן אנדערש ניט געשעהן, סיידען נאָר די אַזוי־גערופענע נאַטור טרעט פולשטענדיג ארויס פון איהר געוויינטליכען גאַנג, און מיר הערען אין דערזעלביגער צייט א דערציילונג וועגען אזא וואונדער פון א מענשען, וואָס זאָגט, אז ער האָט דאָס אליין געזעהען, שווימט אין אונזער געדאַנק גלייך אויף א פראַגע, און דאָס איז, צי זאָלען מיר גלויבען, אז די נאַטור איז טאַקע ארויסגעטראָטען פון איהר געוויינטליכען גאַנג, אָדער אז דער מענש האָט געזאָגט א ליגען? מיר האָבען אין אונזער צייט קיינמאָל ניט געזעהען, אז די נאַטור זאָל ארויסטרעטען פון איהר געוויינטליכען גאַנג; מיר האָבען אבער א גוטען גרונט צו גלויבען, אז עס זיינען אין דערזעלביגער צייט געזאָגט געוואָרען מיליאָנען ליגענס; און דעריבער איז עס מיליאָ־נען מאָל זיכערער, אז דער, וואָס דערציילט וועגען א וואונדער, זאָגט א ליגען.

די מעשה מיט דעם וואלפיש, וואס האט איינגעשלונגען יונח׳ן. כאטש א וואלפיש איז נענוג גרויס צו קאנען דאס טון, איז גאנץ נאהענט צו א וואונדער; אבער נאך מעהר וואונדער וואלט עס גע־ווען, ווען יונה וואלט איינגעשלונגען דעם וואלפיש. און אין דעם, ווי אין אלע אנדערע פאלען פון געשעהענע וואונדער, וואלט מען געקאנט פרעגען, וואס איז זיכערער: אז א מענש זאל איינשלינגען א וואלפיש אדער ער זאל זאגען א ליגען?

שטעלט זיך אבער פאר, אז יונה האט אויף אן אמת׳ען איינ־געשלונגען דעם וואלפיש, איז אוועק מיט איהם קיין נינוה, און כדי צו איבערציינגען די מענשען, אז עס איז געווען אמת, האט ער איהם פאר זייערע אויגען ארויסגעווארפען פון זיך אין זיין פולער לענג און גרייס, — וואלטען דען די מענשען נישט געגלויבט אויף איהם, אז ער איז גיכער א טייוועל, איידער א נביא? אדער ווען דער וואלפיש וואלט געבראכט יונה׳ן קיין נינוה און וואלט איהם אויף דעמזעלבינגען אופן ארויסגעווארפען פון זיך פאר מענשען אין די אויגען, וואלטען זיי דען נישט אנגענומען דעם וואלפיש פאר׳ן טיי־וועל און יונה׳ן פאר איינעם פון זיינע קינדער?

דער אויסערגעוויינטליכסטער פון אלע וואונדער, וואס ווערען דערציילט אין דעם נייעם טעסטאמענט, איז דער וואונדער ווענען דעם טייוועל, וואס איז אוועקגעפלויגען מיט ישו הנוצרי און האט איהם געבראכט אויפ׳ן שפיץ פון א הויכען בארג, און דערנאך אויפ׳ן העכסטען שפיץ פון דעם בית המקדש, פון וואנען ער האט איהם געוויזען און צוגעזאגט א ל ע ק י נ י ג ר י י כ ע ן פ ו ן ד ע ר ו ו ע ל ט. ווי אזוי האט עס געטראפען, וואס ער האט ניט אנטדעקט אמעריקע, אדער זאלען מיר זאגען, אז ער אינטערע־סירט זיך נאר מיט ק י נ י ג ר י י כ ע ן?

איך האב צופיל רעספעקט פאר דעם מאראלישען כאראקטער פון ישו הנוצרי צו גלויבען, אז דאס האט ער אליין דערציילט אט־דעם אוממעגליכען וואונדער. עס איז ניט לייכט אויסצוגעפינען, צוליב וועלכען צוועק ער איז פאבריצירט געווארען, — אפשר האט מען דורך דעם געוואלט אפנארען די קענער פון וואונדער פונקט אזוי, ווי דאס ווערט אמאל געטון מיט מבינים אויף אלטע מטבעות

און זאַמלער פון אנטיקען; אָדער אפשר האָט מען דאָ אומיסטנע איבערגעבלאָזט די מאָס, ווי דאָן־קיכאָט האָט איבערגעבלאָזט די מאָס אין זיין ריטערליכקייט, כדי פאַרצווישטעלען דעם גלויבען אין וואונדער אין א לעכערליכען ליכט; אָדער אפשר איז דאָס געטון געוואָרען מיט'ן צוועק צו שטערען דעם גלויבען אין וואונדער. ארויסרופענדיג א צווייפעל אין דעם, צי די אזוי־גערופענע וואונדער ווערען געטון מיט גאָט'ס אָדער מיט דעם טייוועל'ס כח. מען דאַרף פונדעסטוועגען האָבען א היבש ביסעל גלויבען אין דעם טייוועל, כדי צו גלויבען אין אָט־דעם וואונדער.

פון וועלכען שטאַנדפּונקט מען זאָל ניט באַטראַכטען אָט־די זאַכען, וואָס ווערען אָנגערופען וואונדער, קאָן מען ניט גלויבען אין זייער רעאַליטעט, אָדער באַרעכטיגען זייער עקזיסטענץ. ווען זיי וואָלטען אפילו געווען אמת'דיג, וואָלטען זיי, ווי איך האָב שוין פריהער באַמערקט, אויך ניט געדינט פאַר עפּיס א ניצליכען ציל; ווייל עס איז שווערער ארויסצורופען דעם גלויבען אין א וואונדער, ווי דעם גלויבען אין א פּרינציפּ, וואָס זיין מאָראַלישקייט איז קלאָר אַן יעדען וואונדער. א מאָראַלישער פּרינציפּ רעדט פאַר זיך אַליין צו אַלעמען גלייך. א וואונדער קאָן זיין נאָר א מאָמענטאַנע זאַך און געזעהען ווערען נאָר פון יחידים; נאָך דעם מוז שוין דער גלויבען איבערגיין פון גאָט צום מענשען, כדי צו גלויבען אין א וואונדער, ווי ער ווערט איבערגעגעבען דורך א מענשענס מויל. און דערפאַר, אַנשטאָט אָנצונעמען די וואונדער־מעשיות, ווי באַווייזען פון דער אמת'דיגקייט פון וועלכער־עס־איז רעליגיעזער סיסטעם, דאַרפען זיי גאָר באַטראַכט ווערען, ווי סימנים פון דעם, אַז די סיסטעם איז א פאַנטאַסטישע. דער אמת, וואָס איז קלאָר און אָפען פאַר אַלעמען, נויטיגט זיך ניט אין קיין זייטיגער מיטהילף, בעת דער ליגען זוכט די מיטהילף פון דעם, וואָס דער אמת ווייזט צוריק.

בעת די מיסטעריע און דער וואונדער האָבען זיך באַצויגען אויף דער פאַרגאַנגענהייט און דער געגענוואַרט, האָט די נביאות זיך באַצויגען אויף דער צוקונפט. עס איז ניט גענוג געווען צו וויסען, וואָס עס איז געטון געוואָרען. — מען האָט נאָך באַדאַרפט

וויסען, וואס עס וועט געשען ווערען. דער אזוי־גערופענער נביא איז כלומר'שט געווען דער היסטאריקער פון די צוקונפטיגע צייטען; און אויב ער האט, שיסענדיג מיט א לאנגען בויגען פון א טויזענט יאר, געטראפען ערגעץ אין די גרענעצען פון א טויזענט מייל, האבען שוין די נאכקומענדיגע דורות זיך נעקליגט צו מאכען אזוי, אז עס זאל הייסען, ווי ער וואלט געטראפען פונקט אין ציל; און אויב עס האט זיך געמאכט, אז ער האט לחלוטין ניט געטראפען, האט מען נאר בעדארפט אננעמען, ווי אין דעם פאל מיט יונה'ן און נינוה, אז גאט האט חרטה באקומען און געענדערט זיין אפזיכט. ווי נאריש די פאנטאסטישע סיסטעמען פון רעליגיע מאכען דעם מענשען!

איך האב פריהער אנגעוויזען, אז דער לכתחילה'דיגער זין פון די ווערטער נביא און נביאות־זאגען איז געענדערט געווארען און אז א נביא, אין דעם איצטיגען זין פון ווארט, איז א פאנטאסטישער פראדוקט פון דער מאדערנער צייט; צו פארדאנקען אט־דער ענדערונג אין דעם זין פון די ווערטער, זיינען די פאנטאזיעס און מליצות פון די אידישע פאעטען, ווי אויך די פראזען און אויסדריקען, וואס זיינען פאר אונז מעהר ניט־קלאר, ווייל עס זיינען אונז מעהר ניט באקענט די לאקאלע אומשטענדען, אויף וועלכע זיי האבען זיך באצויגען אין דער צייט, ווען זיי זיינען ארויסגעזאגט געווארען, — איז דאס אלץ דערהויבען געווארען צו נביאות־זאגעריי און איבערגעגעבען אויף הפקר כל'ערליי מפרשים און אויסטייטשער צו מאכען אויף דעם זייערע דערקלערונגען. יעדע טונקעלע זאך איז געווארען פראפעטיש, און אלץ, וואס האט נישט קיין זין, איז געווארען סימבאליש.

אויב מיר זאלען אננעמען, אז א נביא איז א מענש, וואס דער אלמעכטיגער האט איהם מיטגעטיילט א געוויסע געשעהעניש, וואס דארף ערשט פארקומען, — איז אדער אזוינע מענשען האבען געלעבט, אדער ניט. אויב יא, דארף מען גלויבען, אז די געשעהענישען, וואס זיינען זיי אויף אזא אופן מיטגעטיילט געווארען, זיינען איבערגעגעבען געווארען אין גאנץ־קלארע ווערטער און ניט אזוי אומבאשטימט און טונקעל, אז די מענשען, וואס

האבען דאס געהערט, זאלען דערפון גארניט פארשטיין, און ניט אזוי צווייטייטיג, אז עס זאל זיך פאסען כמעט צו אלץ, וואס עס וועט שפעטער פאסירען. אנגעמען, אז דער אלמעכטיגער האט געהאנדעלט מיט דער מענשהייט אויף אזא שפאטישען אופן, הייסט ארויסווייזען זעהר ווענינ אכטונג צו גאט'ס נאמען. און דאך איז אלץ, וואס ווערט אין דער ביבעל אנגערופען נביאות, פון אט־דעם סארט.

אבער מיט נביאות איז דאס אייגענע, וואס מיט וואונדער; זי וואלט ניט געקאנט דינען דעם ציל, פאר וועלכען זי איז באַשטימט, ווען זי וואלט אפילו געווען אמת'דיג. די, וואס וואלטען אויסגעהערט די נביאות, וואלטען ניט געקאנט וויסען, צי דער מענש האט אויף אן אמת'ען נביאות־געזאגט, אדער ער האט זיי דערציילט א ליגען, צי איז די זאך פאר איהם אנטפלעקט געווארען, אדער ער האט זי זיך אליין איינגעבילדעט; און ווען די זאך, וואס ער האט פאראויסגעזאגט, אדער געהאט בדעה פאראויסצוזאגען, וואלט פארגעקומען, ווי ער האט זי פארגעשטעלט, אדער אויף עפּיס אן ענליכען אופן, צווישען די פילע זאכען, וואס קומען פאר יעדען טאג, וואלט אויך קיינער ניט געקאנט וויסען, צי ער האט זי פאראויסגעוואוסט, אדער ער האט גראד געטראפען, אדער זי איז געווען א צופאל. א נביא איז דעריבער א נוצלאזע און ניט נויטיגע פערזאן; און די בעסטע זאך איז ניט צו גלויבען אין אזוינע מעשיות, כדי צו זיין זיכער ניט פארפירט צו ווערען.

פון דעם אלעם ווערט קלאר, אז מיסטעריע, וואונדער און נביאות זיינען צוזאצען, וואס געהערען צו דער פאנטאסטישער און ניט צו דער אמת'דיגער רעליגיע. זיי זיינען מיטלען, וואס דורך זיי האט מען פארווירט די מענשליכע מחות איבער דער גאנצער וועלט, און פון דער רעליגיע איז געווארען א פאך. דער ערפאלג פון איין שווינדלער האט צוגעגעבען מוט אן אנדערען, און דער בארוהיגענדיגער תירוץ פון אויפטון א גוטע זאך דורך אויפהאלטען א פרומען ליגען האט זיי באשיצט פון האבען חרטה אויף זייערע מעשים.

דער סך הכל פון דעם גאנצען ענין, וועלכער האט זיך אנגב

פארצויגען לענגער, ווי איך האב אין אנהויב אין זינען געהאט, קאן אין קורצען איבערגעגעבען ווערען אזוי:

ע ר ש ט ע נ ס — אז די השגה פון גאט'ס ווארט אדער דער גלויבען אין דעם, ווי עס עקזיסטירט אין שריפט אדער אין ווארט, איז פאר זיך אליין ניט אויסגעהאלטען צוליב טעמים, וואס זיינען שוין אויבען אנגעגעבען געווארען. אט די טעמים, צווישען פיל אנדערע, זיינען: דאס פעלען פון אן אוניווערסאלער שפראך, די פארענדערליכקייט פון דער מענשליכער שפראך; די טעותים, וואס ווערען געמאכט דורך איבערזעצען; די מעגליכקייט פון אונטער־דריקען אינגאנצען דאס ווארט פון גאט; די מעגליכקייט פון ענדע־רען עס, אדער גאר אויסטראכטען און ארויפצווינגען עס אויף דער מענשהייט.

צ ו ו י י ט ע נ ס — אז די באשאפונג, וואס מיר זעהען, איז דאס אמת'ע און אייביג־עקזיסטירענדיגע ווארט פון גאט, וואס מיר קאנען זיך אין דעם ניט אפנארען. עס פראקלאמירט גאט'ס מאכט, ווייזט זיין חכמה און אנטפלעקט זיין גוטסקייט און מילד־קייט.

ד ר י ט ע נ ס — אז דעם מענשען'ס מאראלישע פליכט בא־שטייט אין נאכטון דער מאראלישער גוטסקייט און מילדקייט פון גאט בנוגע צו אלע זיינע באשעפענישען, ווי דאס ווערט אנט־פלעקט אין דער באשאפונג. אז די גוטסקייט פון גאט צו אלע מענשען, וואס מיר זעהען זי יעדען טאג, רופט זיי צו באנעמען זיך אויף דעמזעלביגען שטייגער איינער צום אנדערען, און אז דער־פאר איז יעדער מין פארפאלגונג אדער נקמה צווישען מענש און מענש און יעדער מין גרויזאמקייט בנוגע צו חיות א פארלעצונג פון א מאראלישער פליכט.

---

איך קימער זיך גארניט איבער דעם אופן פון מיין צוקונפטי־גער עקזיסטענץ. עס איז גענוג פאר מיר צו גלויבען, אפילו ביז פעסטער איבערצייגונג, אז די קראפט, וואס האט מיר געגעבען

לעבען, איז אימשטאנד פארמצוזעצען עס אין דער פארם און אויף דעם אופן, וואס עס וועט איהר נאר געפעלען, צי אינאיינעם מיט מיין קערפער אדער אן איהם; און מיין ווייטערע עקזיסטענץ נאך דעם דאזיגען לעבען זעהט מיר אוים זיכערער, ווי מיין עקזיסטענץ פאר דעם, ווי אט־דאס לעבען מיינס האט זיך אנגעהויבען.

---

עס איז א זיכערע זאך, אז אלע פעלקער פון דער ערד און אלע רעליגיעס שטימען איין אין איין פונקט — אלע גלויבען אין א גאט; די זאכען, וואס אין זיי גייען זיי זיך פאנאנדער, זיינען די איבעריגקייטען, וואס ווערען צוגעזעצט צו אט דעם גלויבען; און דערפאר, אויב אן אוניווערסאלע רעליגיע וועט אמאל באהערשען די וועלט, וועט עס ניט פארקומען דורך גלויבען אין עפים נייס, נאר דורך פטור ווערען פון אט־די איבעריגקייטען און דורך אנ־הויבען צוריק גלויבען אזוי, ווי דער מענש האט לכתחילה געגלויבט. אדם, אויב נאר אזא מענש האט אמאל געלעבט, איז באשאפען גע־ווארען א דעאיסט; אבער אין דערזעלביגער צייט זאל יעדער מענש פאלגען, ווי דאס איז זיין רעכט, די רעליגיע, וואס איז איהם צום הארצען.

## צווייטער טייל

# פאָרוואָרט

איך האָב דערמאָנט אין דעם ערשטען טייל פון דעם דאָזיגען ווערק, אַז איך האָב שוין פון לאַנג געהאַט בדעה צו פאַרעפענטלי־כען מיינע געדאַנקען איבער רעליגיע און אַז איך האָב עס אָפּגעלייגט אויף אַ שפּעטערער צייט פון לעבען, רעכענדיג, אַז דאָס זאָל זיין מיין לעצטע אַרבייט, וואָס איך זאָל אונטערנעמען. אָבער די אומ־שטענדען, וואָס האָבען עקזיסטירט אין פראַנקרייך צום סוף פון 1793, האָבען מיך צוגעאיילט אָנצוהויבען גלייך די דאָזיגע אַר־בייט.

די יושר׳דיגע און מענשליכע פּרינציפּען פון דער רעוואָלוציע, וואָס זיינען פריהער פאַרשפּרייט געוואָרען פון דער פילאָזאָפיע, זיי־נען איצט פאַרלאָזען געוואָרען. די אידעע, אַז פּריסטער קאָנען פאַר־געבען זינד, אַט־די אידעע, וואָס איז שטענדיג געווען אַ געפאַר פאַר דער געזעלשאַפט און אַ דערנידערונג פאַר גאָט׳ס נאָמען, האָט פאַר־טעמפּט די מענשליכע געפילען און צוגעגרייט די מענשען צו באַגיין אַלע מיני פאַרברעכענס. דער אומטאָלעראַנטער גייסט פון די קירך־פאַרפאָלגונגען איז איבערגעטראָגען געוואָרען אויף דער פּאָליטיק; דער טריבונאַל, וואָס האָט זיך גערופען רעוואָלוציאָנערער טריבו־נאַל, האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון אַן אינקוויזיציע; די גילאָטינע און דער מאַרטער־סלופּ האָבען איבערגעטראָפען דעם פייער און די בינטלעך ריטער פון דער קירך. איך האָב געזעהען, ווי מען האָט פיל פון מיינע נאָהענטסטע פריינד אומגעבראַכט און אַנדערע אוועק־געפירט יעדען טאָג אין געפענגעניש, און איך האָב דעריבער גע־

האט א גרונט צו גלויבען און האב אויך באקומען אז אפיציעלע אנצוהערעניש, אז עס ערווארט מיך דיזעלביגע געפאר.

אונטער אזוינע נישט־גינציגע אומשטענדען האב איך עס אנ־געהויבען דעם ערשטען טייל פון אט־דעם בוך; איך האב נישט גע־האט ביי זיך נים קיין ביבעל און נים קיין טעסטאמענט, הגם איך האב געשריבען קעגען אט־די ביכער; איך האב אויך נישט געהאט קיין מעגליכקייט זיי צו באקומען — און דאך האב איך פארפאסט א ווערק, וואס קיין שום פארטיידיגער פון דער ביבעל, מעג ער שרייבען אן איילעניש און מיט א גאנצער ביבליאטעק פון טעאלא־גישע ביכער ארום זיך, וועט עס נישט קאנען באשטרייטען.

אין סוף דעצעמבער פון יענעם יאהר איז געמאכט געווארען און דורכגעפירט א פארשלאג אויסצושליסען אלע אויסלענדער פון דער קאנווענציע. אזוינע זיינען דארט געווען נאר צוויי — אנא־קארסים קלאאטס און איך; און איך האב געזעהען, אז בורדאן דע ל'אואז האט אין זיין רעדע איבער אט־דעם פארשלאג באזונדערס געצילט אין מיר.

פארשטאנען נאך דעם, אז עס זיינען מיר פארבליבען נאר גע־ציילטע טעג פון פרייהייט, האב איך זיך אוועקגעזעצט און פארענ־דיגט דאס ווערק אזוי שנעל, ווי מעגליך; און עס זיינען נישט אריבער קיין זעקס שעה נאכדעם, ווי איך האב געענדיגט דאס ווערק אין דעם צושטאנד, ווי עס איז שפעטער ערשינען, ווי עס איז געקומען צו מיר (ארום דריי אזייגער פארטאג) א וואך מיט א באפעל צו ארעסטירען מיך, ווי אן אויסלענדער, און האט מיך אוועקגעפירט אין דער געפענגעניש פון לוקסענבורג. אויף מיין וועג אהין האב איך געפונען אן אויסרייד צו באזוכען יואל בארלאוו און אים איבערגעבען מיין מאנוסקריפט, רעכענדיג עס פאר מער זיכער, ווי האלטען אים ביי זיך אין געפענגעניש; און אזוי ווי איך האב נים געוואוסט, וואס עס קאן טרעפען אין פראנקרייך מיט'ן שרייבער אדער מיט זיין ווערק, האב איך אין מיין פארווארט עס איבערגעגעבען אונטער'ן שוץ פון די בירגער פון די פאראיי־ניגטע שטאטען.

מען דארף געבען רעכט דער וואך, וואס האט אויסגעפירט אט־דעם באפעל, ווי אויך דעם דאלמעטשער, וואס האט באלייט די וואך איבערצוקוקען מיינע פאפירען, אז זיי האבען מיך באהאנ־דעלט נישט נאר מיט העפליכקייט, נאר אויך מיט רעספעקט. דער אויפזעהער פון ל ו ק ס ע נ ב ו ר ג, בענוא, א מענש מיט א גוט הארץ, ווי אויך זיין גאנצע פאמיליע, האבען מיר ארויסגע־וויזען יעדע פריינדליכקייט, וואס זיי האבען נאר געקאנט; שפע־טער האט מען איהם אוועקגענומען פון אט־דעם פאסטען, ארעס־טירט און פארגעבראכט פאר'ן געריכט אויף א פארלוימדערישער באשולדיגונג; מען האט איהם אבער פריינעשפראכען.

נאכדעם, ווי איך בין אפגעזעסען אין לוקסענבורג אן ערך דריי וואכען, זיינען די אמעריקאנער, וואס האבען זיך דאן געפונען אין פאריז, אוועק צו דער קאנווענציע און האבען געפאדערט, אז מען זאל מיך, זייער לאנדסמאן און פריינט, באפרייען; אבער דער פרעזידענט וואדיע, וואס איז אויך געווען פרעזידענט פון דעם קאמיטעט פון עפענטליכער זיכערקייט און האט אונטערגעשריבען דעם באפעל צו ארעסטירען מיך, האט זיי נעענטפערט, אז איך בין געבוירען געווארען אין ענגלאנד. נאך דעם האב איך שוין מער גארנישט געהערט פון קיינעם ביז ראבעס־פיער'ס פאלען, וואס איז פארגעקומען דעם 9־טען טערמידאר — יולי 27, 1794.

ארום צוויי חדשים פאר אט־דער געשעהעניש האב איך באַ־קומען פיבער, וואס האט שפעטער ארויסגעוויזען אלע סימפטאמען פון א טויטליכער קראנקהייט. און דעמאלט האב איך זיך אליין גראטולירט, וואס איך האב אנגעשריבען דעם ערשטען טייל פון „דער צייט פון פארשטאנד". איך האב דעמאלט געהאט ווייניג האָ־פענונג צו בלייבען לעבען, און נאך ווייניגער האפענונג האבען גע־האט די מענשען, וואס זיינען געווען ארום מיר. איך האב דעריבער געהאט די ערפארונג, וואס מיינע פרינציפען זיינען אויסגעשטאנען דעם פרואוו פון מיין געוויסען.

עס זיינען געזעסען מיט מיר צוזאמען דריי חברים: יאזעף וואנהועל, פון ברוגע, קארל באסטיני און מיקעל רובינס, פון לואווען.

איך דערמאָן איצט מיט דאַנקבארקייט און פאַרגעניגען די אויפ־מערקזאַמקייט און איבערגעגעבענקייט, וואָס אַט־די דריי פריינט האָבען אַרויסגעוויזען צו מיר בייטאָג און ביינאַכט. עס האָט גראָד פּאַסירט, אַז אַ דאָקטאָר (דר. גרעהעם) און אַ כירורג (טר. באָנד), וואָס האָבען געהערט צו דער סוויטע פון גענעראַל אָ'האראַ, האָבען זיך דעמאָלט געפונען אין לוקסענבורג. איך ווייס נישט, צי עס וועט זיין גוט פאַר זיי, ווי פאַר מענשען, וואָס געפינען זיך אונטער דער ענגלישער רעגירונג, אַז איך זאָל זיי דאָ אויסדריקען מיין דאַנק, אָבער איך וואָלט זיך נישט געקאָנט מוחל זיין, ווען איך וואָלט דאָס נישט געטון; איך דריק דאָ אויך אויס מיין דאַנק צום דאָקטאָר פון לוקסענבורג, דר. מאַרקאָסקי.

איך האָב אַ געוויסען גרונט צו גלויבען, ווייל אַנדערש האָב איך זיך דאָס נישט געקאָנט דערקלערען, אַז צו פאַרדאַנקען אַט־דער קראַנקהייט מיינער האָט מען מיר געשענקט דאָס לעבען. צווי־שען ראָבעספּיער'ס פּאַפּירען, וואָס אַ קאָמיטעט פון דעפּוטאַטען האָט דורכגעקוקט און באַריכטעט וועגען זיי צו דער קאָנווענציע, איז אויך געווען אַ נאָטיץ, געשריבען אין ראָבעספּיער'ס אייגענער האַנטשריפט, וואָס האָט זיך געלייענט: „פאַרלאַנגען אַ באַשולדיגונגס־דעקרעט קעגען טאָמאַס פעין, אין די אינטערעסען פון אַמעריקע און פראַנקרייך.

איך ווייס נישט און קאָן אויך נישט אויסגעפינען, וואָרום אַט־דער פאַרלאַנג זיינער איז נישט אויסגעפירט געוואָרען, און דערי־בער רעכען איך, אַז ער האָט דאָס נישט געקאָנט טון צוליב מיין קראַנקהייט.

כדי צו מאַכען גוט, ווי ווייט דאָס איז נאָר געווען מעגליך, די אומגערעכטיגקייט, וואָס איז קעגען מיר באַגאַנגען געוואָרען, האָט די קאָנווענציע עפענטליך און איינשטימיג מיך איינגעלאַדען צוריקצוקומען; איך האָב דאָס אָנגענומען, כדי צו ווייזען, אַז איך האָב געקאָנט פאַרטראָגען אַ באַליידיגונג, נישט דערלאָזענדיג אָבער, אַז מיינע פּרינציפּען אָדער סימפּאַטיעס זאָלען פאַרלעצט ווערען.

נוטע פרינציפען דארפען נישט פארלאזען ווערען דערפאר, ווייל אימיצער האט זיי פארלעצט.

זינט איך בין באפרייט געווארען, האב איך געזעהען עטליכע ענטפערס אויף דעם ערשטען טייל פון „דער צייט פון פארשטאנד,“ געדרוקט אין אמעריקע און אין ענגלאנד. אויב די פארפאסער פון אט־די זאכען האבען דערפון הנאה, וועל איך זיי נישט שטערען. זיי מעגען שרייבען קעגען דעם ווערק און קעגען מיר, וויפיל זיי ווילען נאר אליין; זיי טוען מיר דערמיט א גרעסערע טובה, ווי זיי אליין ווילען עס, און עס קען מיר גארנישט ארען, אז זיי וועלען ווייטער שרייבען. זיי וועלען אבער פון אט־דעם טייל, וואס איז אגב נישט געשריבען געווארען, ווי אן ענטפער צו זיי, אויסגעפינען, אז זיי מוזען זיך צוריקקערען צו זייער ארבייט און זיך נעמען ווידער אמאל צו שפינען זייער שפינוועבס, ווייל דאס ערשטע איז על פי צופאל אוועקגערוימט געווארען.

זיי וועלען איצט זעהן, אז איך האב זיך באזארגט מיט א ביבעל און א טעסטאמענט; און איך קאן זיי אויך זאגען, אז איך האב אויסגעפונען, אז דאס זיינען פיל ערגערע ביכער, ווי איך האב עס פריהער גערעכענט. אויב איך האב אין דעם ערשטען טייל פון „דער צייט פון פארשטאנד“ געהאט אין עפים א טעות, איז עס געווען אין דעם, וואס איך האב וועגען אייניגע טיילען פון אט־די ביכער זיך אויסגעדריקט בעסער, ווי זיי האבען דאס פארדינט.

איך באמערק, אז אלע מיינע אפאנענטען ווענדען זיך נאך הילף צו דעם, וואס זיי רופען אן די באווייזען פון די הייליגע שריפטען און די אויטאריטעט פון דער ביבעל, — אייניגע מער, אייניגע וועניגער. זיי פארשטייען אזוי וועניג דעם גאנצען ענין, אז זיי מישען צונויף דעם ויכוח איבער דער עכטקייט פון דער ביבעל מיט א ויכוח איבער דעם, וואס די ביבעל לערנט אונז; איך וועל זיך דעריבער אזוי אפרעכענען מיט זיי, אז אויב זיי וועלען נאך האבען חשק צו שרייבען ווייטער, זאלען זיי וועניגסטענס וויסען, ווי אזוי אנצוהויבען.

אקטאבער, 1795.

**מען הערט אפט זאגען, אז יעדע זאך קאן באוויזען ווערען** דורך דער ביבעל; אבער איידער מען לאזט צו, אז עפּיס איז באַוויזען געוואָרען דורך דער ביבעל, מוז מען פריהער באווייזען, ווי ווייט די ביבעל אליין איז אמת'דיג; ווייל אויב די ביבעל וועט זיך ארויסווייזען צו זיין נישט־אמת'דיג, אדער איהר אמת וועט גע־שטעלט ווערען אונטער א צווייפעל, וועט זי פארלירען איהר אויטאַ־ריטעט און קיין זאך וועט דורך איהר נישט קאָנען באוויזען ווערען.

עס איז די געוואוינהייט פון אלע קריסטליכע קאמענטאטארס פון דער ביבעל און פון אלע קריסטליכע גייסטליכע און פּרעדיגער ארויפצוצווינגען אויף מענשען די ביבעל, ווי א מאסע פון לויטער אמת און ווי דאס ווארט פון גאט; זיי דיספּוטירען און אמפּערען זיך, און זיינען איינער דעם אנדערען מחרים איבער דעם ;ין פון געוויסע טיילען און שטעלען פון דער ביבעל; איינער זאגט און באשטייט דערויף, אז די און די שטעל באטייט דאס און דאס; אן אנדער זאגט, אז עס באטייט פונקט דעם הפוך דערפון; און א דריטער זאגט, אז עס באטייט נישט דאס ערשטע און נישט דאס צווייטע, נאר עפּיס גאר אן אנדער זאך; און דאס הייסט ביי זיי פ א ר ש ט י י ן די ביבעל.

אלע ענטפערס אויף דעם ערשטען טייל פון דער „צייט פון פארשטאנד," וואס עס איז מיר אויסגעקומען צו לייענען, זיינען גראד געשריבען געוואָרען פון גייסטליכע; און אט־די פרומע לייט ויכוח'ען זיך און שטרייטען פונקט אזוי, ווי זייערע פארגייער, און פּרעטענ־דירען צו פ א ר ש ט י י ן די ביבעל; יעדערער פון זיי פאר־שטייט זי אויף זיין שטייגער, וואס איז אויך, נאטירליך, דער בעסטער; און זיי שטימען צווישען זיך אין קיין זאך נישט, א חוץ אין דעם, וואס זיי זאגען זייערע לעזער, אז טאמאס פּעין פארשטייט נישט די ביבעל.

אבער אנשטאט צו פארלירען אומזיסט די צייט און זיך ארומ־

רייסען אין שארפע ויכוחים איבער טעארעטישע פונקטען, וואס זיי נעמען ארויס פון דער ביבעל, וואלטען די דאזיגע לייט באדארפט וויסען, און אויב זיי ווייסען נישט, וואלט מען זיי דאס באדארפט לאזען וויסען, אז די ערשטע זאך, וואס עס איז נויטיג צו פארשטיין, איז — צי איז פאראן גענוג זיכערקייט אנצונעמען די ביבעל פאר גאט'ס ווארט, אדער נישט.

עס זיינען אין אט־דעם בוך פאראן זאכען, וואס זיינען, ווי עס ווערט דארט אויסדריקליך געזאגט, געטון געווארען אויפ'ן באַפעל פון גאט; און דאך זיינען זיי אזוי אפשטויסענד פאר אונזער געפיל פון מענשליכקייט און פאר יעדען באגריף, וואס מיר האבען וועגען מאראלישען יושר, ווי די מעשים, וואס זיינען אפגעטון געווארען פון ראבעספיער'ן, קאריער'ן און זשאזעף לע־באן — אין פראנקרייך, פון דער ענגלישער רעגירונג — אין אסט־אינדיע, אדער פון וואסער־עס־איז אנדער מערדער פון די מאדערנע צייטען.

ווען מיר לייענען אין די ביכער, וואס ווערען צוגעשריבען צו משה'ן, יהושע'ן און אנד., אז זיי (די קינדער פון ישראל) זיינען אומגעריכט אנגעפאלען אויף פעלקער, וואס האבען זיי גאר קיין שלעכטס נישט געטון; אז זיי האבען אט־די אלע פעלקער דערשלאגען מיט'ן שווערד; אז זיי האבען נישט געשוינט קיין עלטער און קיין יוגענד; אז זיי האבען אויסגעראטען מענער, פרויען און קינדער; אז זיי האבען נישט איבערגעלאזט קיין לעבעדיגען וועזען — אויסדריקען, וואס ווערען אזוי פיל מאל איבערגע'חזר'ט אין אט־די ביכער מיט א מין טריאומפירענדיגער גרויזאמקייט — ווען מיר לייענען וועגען אט־די זאכען, זיינען מיר דען זיכער, אז זיי זיינען פאקטען? זיינען מיר דען זיכער, אז דער, וואס האט באשאפען דעם מענשען, האט דאס אלץ געהייסען טון? און זיינען מיר זיכער, אז די ביכער, וואס דערציילען אונז דאס, זיינען אנגעשריבען געווארען מיט זיין הסכמה?

דאס, וואס א מעשה איז אלט, איז גארנישט קיין באווייז פון

איהר אמת'דיגקייט; עס איז, פארקערט, גאר א סימן פון איהר פאבעלהאפטיגקייט; ווייל וואס עלטער א מעשה איז, אלץ מער זעהט זי אויס, ווי א פאבעל. דער אפשטאם פון יעדען פאלק איז פארבארגען אין פאבעלהאפטע לעגענדעס, און מען קאן זיך גאנץ גוט משער זיין, אז דאס אייגענע איז אויך מיט דעם אפשטאם פון די אידען. ארויפצולייגען אויפ'ן אלמעכטיגען די שולד פאר מעשים, וואס זיינען אין זייער טבע און לויט יעדען כלל פון מאראלישען יושר פארברעכענס, ווי עס איז יעדער מין מארד און דערהויפט קינדער־מארד, איז גארנישט קיין קלייניגקייט. די ביבעל זאגט אונז, אז די דאזיגע מארדען זיינען באגאנגען געווארען אויפ'ן אויסדריקליכען באפעל פון גאט. און דער־פאר, ווען מיר וואלטען געגלויבט, אז אלץ, וואס די ביבעל זאגט, איז אמת, וואלטען מיר געמוזט אויפהערען גלויבען אין דעם מאראלישען יושר פון גאט (ווייל מיט וואס וואלטען וויינענדיגע אדער שמייכלענדיגע קינדער זיך געקאנט פארזינדי־גען?) און וואלטען געמוזט אויסווארצלען פון דעם מענשליכען הארץ יעדען געפיל פון צערטליכקייט, ליבע און גוטסקייט כדי צו קאנען לייענען די ביבעל אן שרעק. ווען איך וואלט נישט געהאט קיין אנדער באווייז, אז די ביבעל איז פאבעלהאפט, אויסער דעם קורבן, וואס איך מוז ברייגגען, כדי צו גלויבען אין איהר אמת'דיג־קייט, וואלט דאס אליין שוין געווען גענוג צו באשטימען מיין אויס־וואל.

אבער אחוץ די אלע מאראלישע באווייזען, וואס רעדען קעגען דער ביבעל, וועל איך אין לויף פון דעם דאזיגען ווערק ברייננען נאך אנדערע באווייזען, וואס אפילו א גייסטליכער וועט זיי נישט קאנען אפלייקענען, און וועל דערמיט קלאר מאכען, אז מען קאן נישט אננעמען די ביבעל פאר גאט'ס ווארט.

אבער איידער איך וועל איבערגיין צו אט־דער אויספארשונג, וועל איך פריהער ווייזען מיט וואס די ביבעל שיידט זיך אפ פון אלע אנדערע אורזאלטע שריפטען בנוגע צו דעם סארט בא־ווייזען, וואס זיינען נויטיג כדי צו קאנען פעסטשטעלען איהר עכט־קייט; איך דארף עס נאך מער טון צוליב דעם, ווייל די פארטיידי־

גער פון דער ביבעל זאגען אין זייערע ענטפערס צו דעם ערשטען טייל פון דער „צייט פון פארשטאנד" און שטרייכען דאס אפילו אונטער, אז די עכטקייט פון דער ביבעל איז פונקט אזוי פעסטגע־שטעלט, ווי די עכטקייט פון יעדען אנדערען אורא לטען בוך, גלייך ווי אונזער גלויבען אין דער עכטקייט פון איין בוך קאן ווערען א כלל פאר אונזער גלויבען אין דער עכטקייט פון א צווייטען בוך.

איך ווייס פונדעסטוועגען פון איין אורא לטען בוך, וואס רופט ארויס אויף א באפעלענדיגען אופן יעדען איינעמס צושטימונג און צווינגט יעדען איינעם צו גלויבען אין איהם, און דאס איז אייקליד'ס „ע ל ע מ ע נ ט ע ן פ ו ן ג ע א מ ע ט ר י ע"; (*) און די אור־זאך דערפון איז, וואס דאס דאזיגע בוך איז קלאר פאר זיך אליין, אן שום באווייזען, אן יעדער שייכות צו זיין פארפאסער, צו דער צייט, פלאץ און אומשטענדען. דער מאטעריאל, וואס געפינט זיך אין אט־דעם בוך, וואלט געווען פונקט אזוי איבערצייגענדיג, ווי ער איז, ווען ער וואלט געשריבען געווארען פון וואסער־עס־איז אנדער פער־זאן, אדער ער וואלט באקענט געווען אונטער א פארשטעלטען נא־מען, אדער דער פארפאסער וואלט אונז געווען אינגאנצען אומבא־וואוסט; ווייל אונזער וויסען אויף זיכער, ווער עס איז געווען דער פארפאסער פון אט־דעם בוך, האט גארנישט צו טון מיט אונזער גלויבען אין זיין אינהאלט.

גאנץ אנדערש איז אבער מיט די ביכער, וואס ווערען צוגע־שריבען צו משה'ן, יהושע'ן, שמואל'ען און א. וו.; דאס זיינען שוין ביכער פון ע ד ו ת ־ ז א ג ע ן, און זיי זאגען אונז עדות וועגען זאכען, וואס זיינען בטבע אומגלויבליך; און דעריבער שטיצט זיך אונזער גאנצער גלויבען אין דער עכטקייט פון אט־די ביכער, ער־שטענס, אויף דער ז י כ ע ר ק י י ט, אז זיי זיינען געשריבען געווארען פון משה'ן, יהושע'ן און שמואל'ן, און צווייטענס, אויף דעם, וואס מיר גלויבען אין זייער עדות־זאגען. מיר קאנען גלוי־

*) אייקליד האט, לויט דער כראנאלאגישער געשיכטע, געלעבט מיט דריי הונדערט יאר פאר קריסטוס'ען און אן ערך הונדערט יאר פאר ארכי־מעד'ן; ער האט געלעבט אין דער שטאט אלעקסאנדריע, אין עגיפטען.

בען אין דעם ערשטען, ד. ה., אין דער זיכערקייט פון די אַנגענע־
בענע פּאָרפאַסער, און דאָך נישט גלויבען אין דעם, וואָס זיי דער־
ציילען, פּונקט ווי מיר קאָנען גלויבען, אַז אַ געוויסע פּערזאָן האָט
עדות־געזאָגט וועגען עפּיס אַ פאַל און דאָך נישט גלויבען אין דעם,
וואָס אָט־די פּערזאָן דערציילט.

ווען עס וואָלט אָבער אויסגעפונען געוואָרען, אַז די ביכער,
וואָס ווערען צוגעשריבען צו משה'ן, יהושע'ן און שמואל'ן, זיינען
אין דער אמת'ן פּאָרפאַסט געוואָרען נישט פון זיי, וואָלטען אָט־די
ביכער גלייך פּאַרלאָרען זייער גאַנצע אויטאָריטעט און קיינער וואָלט
מער נישט געגלויבט אין זייער עכטקייט; ווייל אַזאַ זאַך, ווי גע־
פעלשט אָדער אויסגעטראַכט עדות־זאָגען, קאָן מען דאָ נישט
צולאָזען, ווי מען קאָן אויך נישט צולאָזען קיין אָנאָנים עדות־
זאָגען, דערהויפּט נאָך בנוגע צו זאַכען, וואָס זיינען בטבע אומגלויב־
ליך, ווי, אַ שטייגער, דאָס רעדען מיט גאָט פּנים אל פּנים, אָדער
דאָס אָפּשטעלען זיך פון דער זון און דער לבנה, אויפ'ן באַפעל פון
אַ מענשען.

דער גרעסטער טייל פון די איבעריגע אור־אַלטע ביכער זיינען
ווערק פון מענשליכען געניע; צו דעם סאָרט געהערען די ווערק,
וואָס ווערען צוגעשריבען צו האָמער'ן, פּלאַטאָ'ן, אַריסטאָטעל'ען,
דעמאָסטענ'ען, ציצעראָ'ן און אַנד. דער נאָמען פון דעם פּאָרפאַסער
פון יעדען איינעם פון די דאָזיגע ווערק שפּילט דאָ אויך נישט קיין
ראָלע, ווייל ווי געניאַלע ווערק וואָלטען זיי אויף קיין האָר נישט
פאַרלאָרען זייער ווערט, ווען זיי וואָלטען אפילו געווען אָנאָנים.
קיינער גלויבט איצט נישט, אַז די געשיכטע פון טראָיאַ, ווי זי ווערט
דערציילט פון האָמער'ן, איז אַן אמת; מיר באַוואונדערען דאָ דעם
פּאָעט און זיין גרייכקייט ווערט נישט געמינערט דערפון, וואָס די
געשיכטע איז אַ פאַנטאַסטישע. אויב אָבער מיר ווילען נישט
גלויבען אין דעם, וואָס די פּאָרפאַסער פון דער ביבעל (למשל, משה)
דערציילען אונז, ווי מיר גלויבען נישט אין דעם, וואָס האָמער דער־
ציילט אונז, וועלען מיר מוזען באַטראַכטען משה'ן פאַר אַ שווינד־
לער.

וואָס עס איז שייך צו די אוראַלטע היסטאָריקער, פון חעראָ־

דאטום'ן ביז טאציט'ן, גלויבען מיר זיי נאר אויף אזוי פיל, אויף וויפיל זיי דערציילען מעגליכע און גלויבליכע זאכען, אבער נישט מער; ווייל אנדערש וואלטען מיר דאך געמוזט אויך גלויבען אין די צוויי וואונדער, וואס וועספאזיאן האט, לויט טאציט'ן, געטון, אויסהיילענדיג א לאמען און א בלינדען, פונקט ווי דאס ווערט דערציילט וועגען ישו הנוצרי פון זיינע היסטאריקער. מיר וואל־טען אויך געמוזט גלויבען אין דעם, וואס יאזעפוס דערציילט, אז דער ים פאמפיליא האט זיך געשפאלטען, כדי צו לאזען דורכגיין אלקסנדר מוקדון מיט זיינע חילות, פונקט ווי דאס ווערט דערציילט אין שמות וועגען דעם ים סוף.

אט־די וואונדער זיינען פונקט אזוי באגלויבט, ווי די וואונדער, וואס ווערען דערציילט אין דער ביבעל, און דאך גלויבען מיר נישט אין זיי; דאס הייסט, אז כדי צו מאכען אונז גלויבען אין זאכען, וואס זיינען בטבע אומגלויבליך, צי דאס געפינט זיך אין דער ביבעל, אדער ערגיץ אנדערש, פאדערען זיך פיל שטארקערע באווייזען, ווי פאר זאכען, וואס זיינען גאנץ נאטירליך און גלויבליך; און דע־ריבער קאנען די פארטיידיגער פון דער ביבעל נישט פארלאנגען פון אונז, אז מיר זאלען גלויבען אין דער ביבעל נאר דערפאר, ווייל מיר גלויבען אין זאכען, וואס ווערען אונז דערציילט אין אנדערע אוראלטע שריפטען; אין אט־די לעצטע גלויבען מיר דאך אויך נאר אויף אזוי פיל, אויף וויפיל זיי זיינען מעגליך און גלויבליך, אדער דערפאר, ווייל זיי זיינען קלאר פאר זיך אליין, ווי, א שטייגער, אייקליד'ס ווערק; אדער מיר באוואונדערען זיי פאר זייער שענ־קייט, ווי האמער'ס ווערק; אדער מיר אנערקענען זיי פאר זייער רוהיגקייט, ווי פלאטא'ס ווערק, אדער פאר זייער חריפות, ווי די ווערק פון אריסטאטעל.

---

איך וועל איצט איבערגיין צו דער אויספארשונג פון דער עכט־קייט פון דער ביבעל, און וועל אנהויבען מיט די פינף ביכער, וואס גייען אונטער משה'ס נאמען: בראשית, שמות, ויקרא, במדבר און דברים. אוך האב אין זינען צו ווייזען, אז די דאזיגע ביכער זיי־

נען געפּעלשט און אַז משה איז נישט זייער פּאָרפאַסער; איך וועל זיך אויך באַמיהען צו ווייזען, אַז זיי זיינען נישט געשריבען געוואָרען אין משה'ס צייטען, נאָר מיט עטליכע הונדערט יאָהר שפּעטער; אַז זיי זיינען נישט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ פּאָרזוך, געמאַכט פון עפּיס אומוויסענדיגע און נאַרישע פאַרפאַסער, וואָס האָבען געלעבט מיט עטליכע הונדערט יאָהר נאָך משה'ן, צו געבען משה'ס לעבענס־באַשרייבונג, ווי אויך די געשיכטע פון דער צייט, ווען ער זאָל האָבען געלעבט, און פון נאָך פריהערדיגע צייטען.

די באַווייזען, וואָס וועלען דאָ געבראַכט ווערען, וועלען גענו־מען ווערען בלויז פון אַט־די ביכער. ווען איך וואָלט זיך געווענדט נאָך באַווייזען צו וועלכען־עס־איז פון די אוראַלטע מחברים, וואָס די פאַרטיידיגער פון דער ביבעל רופען זיי וועלטליכע שרייבער, וואָלטען זיי אַרויסגעטראָטען קעגען אַט־דעם מין אויטאָריטעט, ווי איך טרעט אַרויס קעגען זייערער; און דעריבער וועל איך זיך מיט זיי צוזאַמענטרעפען אויף זייער אייגענעם באָדען און באַקעמפען מיט זייער אייגענעם געווער, — מיט דער ביבעל.

קודם כל האָבען מיר נישט קיין פּאָזיטיווען באַווייז, אַז משה איז דער מחבר פון אַט־די ביכער; דאָס איז אַ דורכאויס נישט־באַגרינדעטע מיינונג, און קיינער ווייס נישט פון וואַנען זי האָט זיך גענומען.

דער סטיל און די פאָרם פון אַט־די ביכער גיבען אונז גאָרנישט קיין גרונט צו גלויבען, אָדער אפילו נאָר אַנצונעמען, אַז זיי זיינען געשריבען געוואָרען פון משה'ן, — עס איז דורכאויס דער סטיל און די פאָרם פון אַן אַנדער פּערזאָן, וואָס רעדט וועגען משה'ן. ש מ ו ת, ו י ק ר א און ב מ ד ב ר (ווייל דער ספר ב ר א ש י ת דערציילט אַלץ וועגען זאַכען, וואָס זיינען פאָרגעקומען פאַר משה'ס צייטען, און עס ווערט דאָרט נישט געגעבען אפילו די מינדסטע אַנטייטונג אויף משה'ן). אַט־די ספרים זיינען אינגאַנצען געשרי־בען געוואָרען אין דער דריטער פּערזאָן (בלשון נסתר); עס ווערט דאָרט שטענדיג געזאָגט אַזוי: ג א ט ה א ט ג ע ז א ג ט צ ו מ ש ה ' ן, אָדער מ ש ה ה א ט ג ע ז א ג ט צ ו ג א ט, אָדער מ ש ה ה א ט ג ע ז א ג ט צ ו ם פ א ל ק, אָדער

דאס פאלק האט געזאגט צו משה'ן; אזוי רעדן היסטאריקער וועגן פערזאנען, וועמענס לעבן און טעטיג־קייט זיי באשרייבן.

מען קאן זאגן, אז א מענש קאן רעדן וועגן זיך אליין אין דער דריטער פערזאן, און מען קאן זיך דעריבער משער זיין, אז משה האט אויך אזוי געטון; אבער א השערה באווייזט נאך גאר־נישט; און אויב די פארטיידיגער פון דעם גלויבן, אז משה אליין האט געשריבן די דאזיגע ביכער, האבן נישט קיין בעסערע מיט־לען פאר זייער פארטיידיגונג, ווי נאר א השערה, וואלטן זיי שוין בעסער געמעגט שווייגן.

און ווען מיר זאלן אפילו צולאזן, אז משה האט געהאט דאס גראמאטישע רעכט צו רעדן וועגן זיך אליין בלשון נסתר, ווייל יעדער מענש קאן אזוי רעדן וועגן זיך, מוז אבער משה דורך אזא מין הנחה נישט איינמאל ערשיינען אין אט־די ביכער אין א לעכערליכען ליכט. נעמט, למשל, דעם פסוק: „והאיש משה עניו מאד, מכל האדם אשר על פני האדמה“ (במדבר, יב, ג) — „און משה איז געווען זעהר עניוות'דיג, מער פון אלע מענשען אויף דער ערד“. אויב משה וואלט דאס באמת אליין געזאגט וועגן זיך, וואלט ער נישט געווען דער גרעסטער עניו, נאר, פארקערט, דער לייכטזיניגסטער און חוצפה'דיגסטער בעל גאוה; און די פארטיי־דיגער פון אט־די ביכער קאנען איצט אננעמען וואסער צד זיי ווי־לען נאר אליין, ווייל ביידע צדדים רעדן קעגען זיי; אויב משה איז נישט געווען דער פארפאסער, פארבלייבן דאך די ביכער אן יעדער אויטאריטעט; און אויב ער איז געווען דער פארפאסער, קאן מען איהם אויך נישט גלויבן, ווייל דאס בארימען זיך אין עניוות איז פונקט דער הפוך פון עניוות, עס איז א לי־גען אין געפיל.

דער סטיל און די פארם פון דעם ספר דברים ווייזט נאך קלערער פון די אנדערע ספרים, אז נישט משה איז געווען דער פארפאסער. די פארם איז דא א דראמאטישע; דער שרייבער הויבט אן מיט א קורצער איינלייטונג; נאך דעם לאזט ער רעדן משה'ן אליין, און ווען משה ענדיגט זיין לאנגע רעדע, נעמט דער־

שרייבער ווידער איבער דאס ווארט און רעדט אזוי לאנג, ביז ער פירט ווידער אריין משה'ן, און צום סוף שליסט ער מיט א דער־ציילונג וועגען משה'ס טויט, וועגען זיין באערדיגונג און וועגען זיין כאראקטער.

פיר מאל בייטען זיך אין דעם דאזיגען בוך די מדברים; פון דעם ערשטען פסוק פון דעם ערשטען קאפיטעל ביז'ן סוף פון דעם פינפטען פסוק רעדט דער שרייבער אליין; דערנאך פירט ער אריין משה'ן צו האלטען זיין רעדע, וועלכע ציהט זיך ביז'ן סוף פון דעם 40־טען פסוק פון דעם פערטען קאפיטעל; דא פארלאזט דער שריי־בער משה'ן און דערציילט, ווי א היסטאריקער, וועגען דעם, וואס עס איז געשעהען; ער טוט עס אין א דראמאטישער פארם דורך איבערגעבען משה'ס רייד.

אין דעם ערשטען פסוק פון דעם פינפטען קאפיטעל הויבט דער שרייבער ווידער אן די דערציילונג, הגם נאר מיט די ווערטער, אז משה האט צונויפגערופען גאנץ ישראל; ער פירט אריין משה'ן און לאזט איהם רעדען ביז'ן סוף פון דעם 26־טען קאפיטעל. דאס אייגענע טוט ער ביים אנהויב פון דעם 27־טען קאפיטעל און לאזט משה'ן רעדען ביז'ן סוף פון דעם 28־טען קאפיטעל*). ביים 29־טען קאפיטעל רעדט ווידער דער שרייבער אליין דורך דעם גאנצען ער־שטען פסוק און דעם אנהויב פון דעם צווייטען, וואו ער פירט שוין צום לעצטען מאל אריין משה'ן, לאזענדיג איהם רעדען ביז'ן סוף פון דעם 33־טען קאפיטעל.

געענדיגט משה'ס טייל פון דער דערציילונג, טרעט דער שריי־בער ווידער ארויס אליין און רעדט דורך דעם גאנצען לעצטען קא־פיטעל פון דעם דאזיגען ספר; ער דערציילט דעם לעזער, אז משה איז ארויפגעגאנגען אויפ'ן בארג נבו; אז ער האט פון דארט גע־זעהען דאס לאנד, וואס איז (דערציילט דער שרייבער) צוגעזאגט געווארען צו אברהם, יצחק און יעקב; אז ער, משה, איז דארט גע־

---

*) אין די קריסטליכע איבערזעצונגען פון דער ביבעל ענדיגט זיך דאס 28־טע קאפיטעל פון ד ב ר י ם מיט א פסוק פריהער, ווי אין דעם העברייאישען אריגינאל. דער לעצטער פסוק פון דעם דאזיגען קאפיטעל געהערט דארט דעריבער צום 29־טען קאפיטעל. — איבערזעצער.

שטארבען, אין דעם לאנד פון מואב, אבער ביז היינטיגען טאג ווייס קיינער נישט דעם פלאץ, וואו ער איז באערדיגט געווארען („ולא ידע איש את קבורתו עד היום הזה״) ; ד. ה., ביז דער צייט, ווען דער שרייבער פון דעם ספר ד ב ר י ם האט געלעבט. דער שרייבער דערציילט אונז נאך, אז משה איז אלט געווען הונדערט און צוואנציג יאהר, בעת ער איז געשטארבען — אז זיין אויג איז נישט געווען טונקעל און זיין קראפט האט זיך פון איהם נישט אפּ־געטאן („לא כהתה עינו ולא נס לחוה״) ; און ער שליסט מיט די ווערטער, אז עס איז מ ע ר נ י ש ט אויפגעשטאנען אין ישראל נאך אזא נביא, ווי משה, וואס גאט, — זאגט דער אנאנימער שריי־בער, — האט איהם געקענט פנים אל פנים.

געוויזען דורך דער גראמאטישער זייט, אז משה איז נישט גע־ווען דער שרייבער פון די דאזיגע ביכער, וועל איך איצט נאך מא־כען איניגע באמערקונגען איבער דער נישט־אויסגעהאלטענקייט פון דעם מחבר פון ד ב ר י ם און וועל ווייטער ווייזען דורך היסטארישע און כראנאלאגישע ראיות, וואס געפינען זיך אין די דאזיגע ביכער נופא, אז משה איז נישט געווען, ווייל ע ר ה א ט נ י ש ט ג ע ק א נ ט ז י י ן זייער פארפאסער און אז עס איז דעריבער גאר נישטא קיין זיכערקייט צו גלויבען, אז די אוממענש־ליכע שוידערהאפטע אויסשלאכטונג פון מענער, פרויען און קינדער איז, לויט אט־די ביכער דערציילען, געטון געווארען אויף גאט'ס באפעל. עס איז די פליכט פון יעדען עכטען דעאיסט צו פארטיידיגען דעם מאראלישען יושר פון גאט קעגען דער פארלוימדעריי פון דער ביבעל.

דער שרייבער פון דעם ספר ד ב ר י ם, ווער ער זאל נישט זיין (ווייל עס איז אן אנאנים ווערק), איז אין דעם, וואס ער דער־ציילט וועגען משה'ן, נישט קלאר און ווידערשפרעכיג צו זיך אליין.

[illegible] משה איז ארויף אויפ'ן בארג נבו (און עס ווערט אין ערגיץ נישט דערמאנט, אז ער זאל האבען פון דארט אראפּ־געגאנגען), זאגט ער אונז, אז משה איז ד א ר ט געשטארבען אין דעם לאנד פון מואב, און אז ע ר האט איהם באערדיגט אין א טאל, אין דעם לאנד פון מואב ; אבער פון דעם פריהערדיגען קאן

מען נישט פארשטיין, ווער עס איז געווען דער „ע ר“, וואס האט איהם באערדיגט. אויב דער שרייבער האט געמיינט, אז ע ר (גאט) האט איהם באערדיגט, איז פון וואנען האט ע ר (דער שרייבער) דאס געזאלט וויסען? און ווי אזוי זאלען מיר (די לעזער) איהם גלויבען, אויב מיר ווייסען נישט, ווער עס איז דער שרייבער, וואס דערציילט אונז דאס, ווייל משה אליין האט דאך זיכער נישט געקאנט דערציילען, וואו ער איז באערדיגט געווארען.

דער שרייבער דערציילט אונז אויך, אז קיינער ווייס נישט, וואו עס געפינט זיך משה'ס קבר, ב י ז ה י י נ ט י ג ע ן ט א ג, מיינענדיג דערמיט די צייט, ווען ער (דער שרייבער) האט געלעבט; איז ווי אזוי האט ער געזאלט וויסען, אז משה איז באערדיגט געווארען אין א טאל, אין דעם לאנד פון מואב? אזוי ווי דער שרייבער האט געלעבט לאנג נאך משה'ס צייט, ווי דאס איז קלאר פון זיין אויסדרוק ב י ז ה י י נ ט י ג ע ן ט א ג, מיינענדיג דערמיט א לאנגע צייט נאך משה'ס טויט, איז ער זיכער נישט געווען ביי זיין לויה; און פון דער אנדער זייט איז אוממעגליך, אז משה אליין זאל קאנען זאגען, אז ק י י ן מ ע נ ש ווייס נישט ביז היינטיגען טאג, וואו עס געפינט זיך דער קבר. צו מאכען משה'ן פאר'ן ריידער וואלט געהייסען נאך גיין ווייטער פון א קינד, וואס באהאלט זיך און שרייט: „ק י י נ ע ר ק א ן מ י ך נ י ש ט ג ע פ י נ ע ן!“ קיינער קאן נישט געפינען משה'ן!

דער דאזיגער שרייבער דערציילט אונז נישט, וואו ער האט גענומען די רעדעס, וואס ער האט אריינגעגעבען אין משה'ס מויל. און מיר האבען דעריבער א רעכט צו באשליסען, אז אדער ער האט זיי אליין פארפאסט, אדער ער האט זיי אנגעשריבען, ווי זיי זיינען איבערגעגעבען געווארען פון מויל צו מויל. אט־די השערות ליגען זיך זעהר גוט אויפ'ן שכל מחמת דעם, וואס דער פערטער געבאט פון די עשרת הדברות, ווי דער שרייבער גיט איהם אונז אין ד ב ר י ם, לייענט זיך אנדערש, ווי דערזעלביגער געבאט אין דעם 20־טען קאפיטעל פון ש מ ו ת.

אין ש מ ו ת ווערט אנגעגעבען אזא טעם פאר האלטען

שבת: „ווייל (לויטעט דער געבאָט) אין זעקס טעג האָט גאָט באַשאַפען דעם הימעל און די ערד און אין דעם זיבעטען טאָג האָט ער גערוהט"; אָבער אין ד ב ר י ם ווערט שוין אָנגעגעבען גאָר אַן אַנדער טעם פאַר האַלטען שבת: „געדענק (לויטעט דאָ דער געבאָט), אַז דו ביסט געוועזען אַ קנעכט אין דעם לאַנד מצרים און גאָט האָט דיך פון דאָרט אַרויסגענומען מיט אַ שטאַרקער האַנט און מיט אַן אויסגעשטרעקטען אָרעם. א ו ן ד ע ר פ א ר ה א ט ד י ר ג א ט ב א פ ו י ל ע ן צ ו ה א ל ט ע ן ש ב ת".

אין דעם געבאָט פון ד ב ר י ם ווערט גאָרנישט דערמאָנט וועגען מעשה בראשית, און דער געבאָט פון ש מ ו ת דערמאָנט קיין זאַך נישט וועגען יציאת מצרים.

אין דעם דאָזיגען ספר זיינען פאַראַן נאָך פיל זאַכען, וואָס ווערען אָנגעגעבען פאַר תורת משה, און געפינען זיך גאָרנישט אין די אַנדערע ספרים; צו דעם געהערט דער אוממענשליכער און ווילדער געזעץ (קאַפּ. 21, פסוקים 21—18), וואָס הייסט די עלטערען פון אַ שלעכטען זון, פון אַ בן סורר ומורה, אַרויספירען דעם לעצטען פאַר די מענשען פון שטאָט און איהם לאָזען פאַרשטיינען אויף טויט.

אָבער די פריסטער האָבען שטענדיג ליב געהאַט צו רעדען אין זייערע דרשות וועגען דעם ספר ד ב ר י ם, ווייל אין אָט־דעם ספר ווערט גערעדט וועגען מעשר פאַר די פריסטער (פאַר די כהנים און לויים); און פון אָט־דעם ספר האָבען זיי עס אַרויסגענומען די פראַזע, וואָס זיי האָבען אָנגעווענדעט צו מעשר־געבען: „פאַרשלים נישט דעם אָקס דעם מויל, בעת ער דרעשט" — („לא תחסם שור בדישו")*) און כדי אָט־די פראַזע זאָל נישט פאַרבלייבען אומ־

*) דער דאָזיגער פסוק ווערט אין דעם נייעם טעסטאַמענט צוויי מאָל ציטירט און אויסגעטייטשט אין דעם זין, וואָס טאַמאַס פעין דערמאָנט: דער אָקס [illegible], פאַרדינט ער דעריבער, אַז מען זאָל איהם לאָזען פריי. זיין מויל צו עסען פון דער געטריידע, וואָס ער דרעשט. אַזוי אויך די פריסטער: „ווייסט איהר דען ניט — ווענדט זיך אַפּאָסטעל פּולוס צו די קאָרינטער — אַז די, וואָס דינען ביי היילוגען זאַכען, עסען פון דעם בית המקדש, און די, וואָס דינען ביי דעם מזבח, האָבען אַ טייל פון דעם מזבח?" (קאָרינטער א, קאַפּ. 9, פסוק 18).

באמערקט, האבען זיי זי אוועקגעשטעלט אין דעם אינהאלט־פאר־צייכעניש, ביים אנהויב פון דעם קאפיטעל, כאטש דאס איז נישט מער, ווי איין קורצער פסוק. א, פריסטער, פריסטער! עס ארט אייך נישט צו ווערען פארגליכען אפילו צו אן אקס, אבי נאר צו קריגען אייער חלק. כאטש עס איז פאר אונז אוממעגליך צו ווי־סען גענוי, ווער עס איז געווען דער שרייבער פון דברים, איז אבער נישט שווער אויסצוגעפינען, וואס ער איז געווען, לויט זיין פראפעסיע—דאס איז געווען א אידישער פריסטער, וואס האט גע־לעבט, ווי איך וועל דאס ווייזען אין לויף פון דעם דאזיגען ווערק, וועניגסטענס מיט דריי הונדערט און פופציג יאהר נאך משה'ס צייט.

איך וועל איצט איבערגיין צו די היסטארישע און כראנאלא־גישע באווייזען. די כראנאלאגיע, וואס איך וועל זיך מיט איהר דא באנוצען, איז די כראנאלאגיע פון דער ביבעל, ווייל איך וויל נישט נעמען קיין באווייזען פון ערגיץ אנדערש אויסער דער בי־בעל, נאר לאזען די ביבעל אליין באווייזען, סיי היסטאריש און סיי כראנאלאגיש, אז משה איז נישט געווען דער פארפאסער פון די ביכער, וואס ווערען איהם צוגעשריבען.

פאר די לעזער, וואס ווייסען דאס נישט, וועל איך דא בא־מערקען, אז אין די גרעסערע ביבעלס און אויך אין איינינע קלע־נערע געפינען זיך אויפ'ן ראנד פון די בלעטער כראנאלאגישע דא־טעס, וואס ווייזען די צייט פאר קריסטוסען, ווען עס זיינען, אדער מען רעכענט, אז עס זיינען פארגעקומען, די היסטארישע געשע־ענישען, וואס ווענען זיי דערציילט די ביבעל, און ממילא ווייזען שוין אט־די דאטעס די צייט צווישען איין היסטארישער געשע־עניש און דער צווייטער.

איך וועל אנהויבען מיט'ן ספר בראשית. אין דעם 14־טען קאפיטעל פון אט־דעם ספר דערציילט דער שרייבער וועגען א שלאכט פון פיר קיניגען קעגען פינף, וואו לוט איז גענומען און

---

דאס צווייטע מאל ווערט אט־דער פסוק געבראכט פאר דעמזעלביגען צוועק אין טימאטעאוס, א, קאפ. 5, פסוק 18. — איבערזעצער.

אוועקגעפירט געווארען אין געפאנגענשאפט; און ווען דאס איז דערגאנגען צו אברהמ'ן, האט ער באוואפענט אלע זיינע מענשען און האט זיך אוועקגעלאזט באפרייען לוט'ן פון זיינע פאנגער און נאכגעיאגט זיי ביז דן (ויררוף עד דן, בראשית, 31, 31).

כדי צו ווייזען, ווי אזוי דער אויסדרוק „נאכיאגען ביז דן" ווערט אין דעם פאל באנוצט, וועל איך דא ברייננען א ביישפיל: די שטאט אין אמעריקע, וואס ווערט איצט אנגערופען ניו־יארק, האט לכתחילה געהייסען ניו־אמסטערדאם, און די שטאט אין פראנקרייך, וואס ווערט פון נישט לאנג אנגערופען האוור מארא, האט פריהער געהייסען האוור דע גראס. דער נאמען ניו־אמסטערדאם איז פארביטען געווארען אויף ניו־יארק אין יאהר 1664; האוור דע גראס איז פארביטען געווארען אויף האוור מארא אין 1793. וואלט מען געפונען עפיס א שריפט, הגם נישט דאטירט, אין וועלכער עס וואלט דערמאנט געווארען דער נאמען ניו־יארק, וואלט עס געדינט פאר א זיכערען באווייז, אז אט־די שריפט האט נישט געקאנט אנגעשריבען ווערען פאר דעם, ווי ניו־אמסטערדאם איז פארביטען געווארען אויף ניו־יארק, ד. ה. נישט פריהער פון דעם יאהר 1664, און אז זי האט אומבאדינגט געמוזט אנגעשריבען ווערען שפעטער, אדער וועניגסטענס אין פארלויף פון אט־דעם יאהר. פונקט אזוי וואלט יעדע נישט־דאטירטע שריפט, וואס וואלט געהאט אין זיך דעם נאמען האוור מארא, געווען א זיכערער באווייז, אז זי האט געמוזט אנגעשריבען ווערען ערשט נאכדעם, ווי פון האוור דע גראס איז געווארען האוור מארא, ד. ה. נישט פריהער פון דעם יאהר 1793, אדער וועניגסטענס אין פארלויף פון אט־דעם יאהר.

איך וועל איצט ווייזען, אז אזא פלאץ, ווי ד ן, איז גארנישט געווען בנמצא ביז פיל יאהר נאך משה'ס טויט און אז ממילא האט משה נישט געקאנט זיין דער שרייבער פון דעם ספר ב ר א ש י ת, וואו עס ווערט דערציילט וועגען נאכיאגען לוט'ס פאנגער ביז ד ן. דער פלאץ, וואס ווערט אין דער ביבעל אנגערופען דן, איז פריהער געווען א נישט־אידישע שטאט מיט'ן נאמען ליש; און ווען דער שבט דן האט פארכאפט די דאזיגע שטאט,

האט ער זי א נאמען געגעבען דן, נאכ'ן נאמען דן, דעם פאטער פון אט־דעם שבט און אברהמ'ס אוראייניקעל.

כדי צו מאכען דאס קלאר, מוזען מיר איבערגיין פון בראשית צום 18־טען קאפיטעל פון ספר שופטים. עס ווערט דארט געזאגט (פסוק 27), אז זיי (די בני־דן) זיינען געקומען קיין ליש, צו א פאלק, וואס איז געוועזען רוהיג און זיכער, און זיי האבען זיי דערשלאגען מיט דער שארף פון שווערד (די ביבעל איז פול מיט מארדען) און פארברענט די שטאט; און זיי האבען אויפגעבויט די שטאט (פסוק 28), און האבען זיך באזעצט אין איהר, און זיי האבען גערופען די שטאט מיט'ן נאמען דן, נאכ'ן נאמען דן, זייער פאטער, אבער פריהער איז דער נאמען פון דער שטאט געוועזען ליש.

די דערציילונג וועגען דעם, ווי די בני־דן האבען פארנומען די שטאט ליש און געביטען איהר נאמען אויף דן, פאלגט אין ספר שופטים גלייך נאך דער דערציילונג וועגען שמשון'ס טויט. דאס לעצטע, זאגט מען, האט געטראפען מיט 1120 יאהר פאר קריסטוס'ן; משה איז געשטארבען מיט 1451 יאהר פאר קריסטוס'ן; און דעריבער, ווי דאס ווייזט דער היסטארישער גאנג פון די געשעהענישען, האט מען דעם פלאץ אנגעהייבען רופען דן ערשט מיט 331 יאהר נאך משה'ס טויט.

א מערקווירדיגער פלאנטער הערשט אין דער היסטארישער און כראנאלאגישער איינארדענונג פון דעם ספר שופטים. די פינף לעצטע קאפיטלען, לויט דעם ווי זיי שטייען אין בוך, די קאפיטלען 17, 18, 19, 20 און 21, זיינען כראנאלאגיש איינגעשטעלט פאר אלע פריהערדיגע קאפיטלען; זייער כראנאלאגישע דאטע איז מיט 23 יאהר פריהער פון דעם 16־טען קאפיטעל, מיט 226 יאהר פריהער פון דעם 15־טען, מיט 245 יאהר פריהער פון דעם 13־טען, מיט 195 יאהר פריהער פון דעם 9־טען, מיט 90 יאהר פריהער פון דעם 4־טען און מיט 15 יאהר פריהער פון דעם ערשטען קאפיטעל.

דאָס אַלץ ווייזט דעם נישט־זיכערען און פאַבעלהאַפטען צו־שטאַנד פון דער ביבעל.

לויט דער כראָנאָלאָגישער איינאָרדענונג, איז דאָס נעמען די שטאָט ליש און דאָס געבען איהר דעם נאָמען דן פאָרגעקומען מיט 20 יאָר נאָכ'ן טויט פון יהושע, משה'ס נאָכפאָלגער; און לויט דעם היסטאָרישען גאַנג פון די געשעהענישען, ווי דאָס ווערט געגעבען אין דעם בוך, איז עס פאָרגעקומען מיט 306 יאָהר נאָכ'ן טויט פון יהושע און מיט 331 יאָהר נאָך משה'ס טויט; אָבער משה האָט סיי־ווי־סיי נישט געקאָנט זיין דער מחבר פון ב ר א ש י ת, ווייל אין ביידע פאַלען האָט אין זיין צייט נישט עקזיסטירט אַזאַ פּלאַץ, ווי די שטאָט דן; און מחמת דעם האָט דער מחבר פון ב ר א ש י ת געמוזט זיין אַזאַ איינער, וואָס האָט געלעבט נאָך דעם, ווי די שטאָט ליש האָט באַקומען דעם נאָמען דן; אָבער קיינער ווייס נישט, ווער דער מחבר איז געווען, און דאָס הייסט, אַז דער ספר ב ר א ש י ת איז אַנאָנים און אָן יעדער אויטאָריטעט.

איך וועל איצט ברייגגען נאָך איין ראיה, אַרויסגענומען פון דעם היסטאָריש־כראָנאָלאָגישען טייל פון דער ביבעל, וואָס וועט אַזוי, ווי אין דעם פריהערדיגען פאַל, ווייזען, אַז משה איז נישט געווען דער פאַרפאַסער פון דעם ספר ב ר א ש י ת.

אין דעם 36־טען קאַפּיטעל פון ב ר א ש י ת ווערט געגעבען אַ גענעאָלאָגיע פון עשו'ס זין און נאָכקומער, וואָס ווערען אָנגערו־פען בני־אדם, און אויך אַ רשימה פון די קיניגען פון אדום; אין אָנהויב פון אָט־דער רשימה ווערט געזאָגט אַזוי (פסוק 31): „און דאָס זיינען די קיניגען, וואָס האָבען געקיניגט אין דעם לאַנד אדום, איידער נאָך אַ קיניג האָט געקיניגט ביי די קינ־דער פון ישראל.

ווען איך וואָלט געפונען נישט־דאַטירטע שריפטען, אין וועל־כע דער שרייבער, רעדענדיג וועגען פאַרגאַנגענע געשעהענישען, וואָלט, אַ שטייגער, געזאָגט אַזוי: אָט־די זאַכען האָבען געטראָפען, איידער עס איז נאָך געווען אַ קאָנגרעס אין אַמעריקע, אָדער איי־דער עס איז נאָך געווען אַ קאָנווענציע אין פראַנקרייך, — וואָלט

דאס געווען א קלארער באווייז, אז אט־די שריפטען האבען נישט געקאנט געשריבען ווערען פאר דעם, ווי עס איז געווען א קאנגרעס אין אמעריקע, אדער א קאנווענציע אין פראנקרייך, און אז ממילא האבען זיי נישט געקאנט געשריבען ווערען פון א פערזאן, וואס איז געשטארבען פאר דעם, ווי עס איז געווען א קאנגרעס אין דעם ערשטען לאנד און א קאנווענציע אין דעם צווייטען.

עס איז א גאנץ געוויינליכע זאך אין שריפט און אין גע־שפרעך צו באציהען זיך אויף א פאקט, אנשטאט א דאטע; עס איז העכסט־נאטירליך צו טון אזוי, ערשטענס, ווייל א פאקט געדענקט זיך בעסער, ווי א דאטע, און, צווייטענס, דערפאר, ווייל דער פאקט שליסט אין זיך איין די דאטע און רופט ארויס צוויי פארשטעלונגען מיט אמאל; אין אזא פארם פון אויסדרוק ווערט אלע מאל פאר־שטאנען, ווי א זיכערע זאך, אז דער פאקט, אויף וועלכען עס ווערט אנגעטייט, איז א ז א ך פ ו ן ד ע ר פ א ר ג א נ ג ע נ ־ ה י י ט. ווען איינער דערציילט עפּיס און זאגט דערביי אזוי: „דאס איז פארגעקומען, איידער איך האב געהייראט, אדער איידער מיין זון איז געבוירען געווארען, אדער איידער איך בין געפארען קיין אמעריקע, אדער איידער איך בין געפארען קיין פראנקרייך.“ — ווערט אבסאלוט פארשטאנען (און דאס איז דער דערציילער טאקע אויסען), אז ער האט שוין געהאט געהייראט, אז ער האט שוין געהאט א זון, אז ער איז געווען אין אמעריקע, אדער אין פראנק־רייך. די שפּראך דערלאזט נישט צו נוצען די דאזיגע אויסדרוקס־פארם אין וואסער־עס־איז אנדער זין; און וואו מען זאל אזא אויס־דרוק נישט געפינען, קאן ער פארשטאנען ווערען נאר אין אט־דעם איינציגען זין.

דער פסוק, וואס איך האב דא פריהער ציטירט — „און דאס זיינען די קיניגען, וואס האבען געקיניגט אין דעם לאנד אדום, איידער נאך א קיניג האט געקיניגט ביי די קינדער פון ישראל“ — אט דער פסוק האט געקאנט אנגעשריבען ווערען ערשט נאכדעם, ווי דער ערשטער קיניג האט אנגעהויבען קיניגען איבער די קינדער פון ישראל; און דעריבער האט דער ספר ב ר א ש י ת, וואס משה איז זיכער נישט געווען זיין פארפאסער, געמוזט אנגעשריבען

ווערען וועניגסטענס נישט פריהער פון שמואל'ס צייטען. דאס איז דער פאזיטיווער זין פון דעם דאזיגען פסוק; אבער אונטער'ן אויס־דרוק „א" קיניג דארף פארשטאנען ווערען, אז דער שרייבער פון אט־דעם פסוק האט שוין געוואוסט מער, ווי פון איין קי־ניג, יעדענפאלס פון צוויי, און דאס פירט דעם אויסדרוק צו דער צייט פון דוד המלך; און אויב מיר וועלען איהם נאך נעמען אין אן אלגעמיינעם זין, קאן ער גילטען פאר דער גאנצער צייט פון דער אידישער מאנארכיע.

וואלטען מיר דעם דאזיגען פסוק געטראפען ערגיץ אין אן אנ־דער פלאץ פון דער ביבעל, אין אזא פלאץ, וואס וואלט נישט אי־בערגעלאזט קיין שום ספק, אז ער איז געשריבען געווארען ערשט נאכדעם, ווי מלכים האבען אנגעהויבען קיניגען אין ישראל, וואלט געווען אוממעגליך נישט צו זעהן, וואוהין אט־דער פסוק געהערט. און דאס קומט גראד פאר אין דעם דאזיגען פאל: די צוויי ביכער „דברי הימים," וואס גיבען אונז די געשיכטע פון אלע קיניגען פון ישראל, זיינען פאקטיש געשריבען געווארען נאכ־דעם, ווי עס האט זיך אנגעהויבען די אידישע מאנארכיע; און דער פסוק, וואס איך האב אויבען ציטירט, ווי אויך די אלע אי־בעריגע פסוקים פון דעם 63־טען קאפיטעל פון ב ר א ש י ת, געפינען זיך ווארט אין ווארט אין דעם ערשטען קאפיטעל פון ד ב ר י ה י מ י ם, אנגעהויבענדיג פון פסוק 43.

און ווען דער שרייבער פון „דברי הימים" זאגט אין דברי הימים א, קאפ. 1, פסוק 43: ד א ס ז י י נ ע ן ד י ק י נ י־ג ע ן, ו ו א ס ה א ב ע ן ג ע ק י נ י נ ט א י ן ד ע ם ל א נ ד א ד ו ם, א י י ד ע ר נ א ך א ק י נ י ג ה א ט ג ע ק י נ י ג ט ב י י ד י ק י נ ד ע ר פ ו ן י ש ר א ל, איז עס גאנץ אויסגעהאלטען, ווייל באלד נאך דעם גיט ער אונז א רשימה פון די מלכים, וואס האבען געקיניגט אין ישראל; און אזוי ווי עס איז אוממעגליך, אז די זעלבינע פראזע זאל קאנען באנוצט ווערען אויך אין א פריהערדיגער צייט, איז עס דעריבער א זיכערע זאך, אז אט־דער טייל פון ב ר א ש י ת איז גענומען געווארען פון ד ב ר י ה י מ י ם און מטילא איז דער ספר ב ר א ש י ת

נישט אזוי אלט, ווי ד ב ר י ה י מ י ם, און ווארשיינליך אויך נישט אזוי אלט, ווי האמער'ס ווערק אדער עזאפ'ס פ א ב ל ע ן, אויב, נאטירליך, מיר וועלען אננעמען די כראנאלאגישע דאטעס, אז האמער איז געווען א צייט־חבר פון דוד'ן אדער שלמה'ן און אז עזאפ האט געלעבט ביים סוף פון מלכות ישראל.

נעמט אוועק דעם גלויבען, אז משה איז געווען דער פארפא־סער פון ספר ב ר א ש י ת, וואס אויף דעם האלט זיך דער מאדנער גלויבען, אז אט־דער ספר איז ד א ס ו ו א ר ט פ ו ן ג א ט, און עס וועט פארבלייבען נישט מער, ווי אן אנאנים בוך פון מעשיות, פאבלען, מינדליך איבערגעליפערטע אדער אויסגע־טראכטע נארישקייטען, אדער אפענע ליגענס. די מעשה מיט חוה'ן און דער שלאנג, אדער מיט'ן נח און דער תיבה שטייט אויף דערזעלביגער הייך, וואס די אראבישע מעשה'לעך, כאטש נישט אזוי פארכאפענדיג, ווי די לעצטע; און דאס, וואס עס ווערט דארט דערציילט, אז מענשען האבען געלעבט ביז אכט און ניין הונדערט יאהר איז פונקט אזוי פאבעלהאפט, ווי די אומשטערבליכקייט פון די מיטאלאגישע ריזען.

אחוץ דעם איז משה'ס כאראקטער, ווי ער ווערט געשילדערט אין דער ביבעל, דער שרעקליכסטער, וואס מען קאן זיך נאר פאר־שטעלען. אויב דאס, וואס עס ווערט וועגען איהם דערציילט, איז אמת, איז ער געווען דער אוממענש, וואס האט דער ערשטער אנגעהויבען און אנגעפירט מלחמות אונטער א רעליגיעזען אויסרייד, און איז אונטער אט־דער מאסקע באגאנגען אזוינע שוידערליכע מעשים, וואס האבען קוים צו זיך א גלייכען אין דער געשיכטע פון וואסער־עס־איז פאלק; איך וועל דא ברייגגען נאר איין ביי־שפיל.

ווען די אידישע ארמיי האט זיך אומגעקערט צוריק פון איי־נער פון איהרע רויב־און־מארד־עקספעדיציעס, ווערט דערציילט אזוי: (במדבר, קאפ. 31, פסוק 13 און ווייטער) —

„און משה, און אלעזר הכהן, און אלע פירשטען פון דער גע־מיינדע זיינען ארויס זיי אנטקעגען, אויסער'ן לאגער; און משה האט זיך דערצארענט אויף די אנפירער פון דער ארמיי, אויף די

הויפטלייט איבער טויזענטער און אויף די הויפטלייט איבער הונ־דערטער, וואס זיינען געקומען פון דער שלאכט; און משה האט זיי געזאגט: האט איהר געלאזט לעבען אלע פרויען? זעהט, זיי זיינען דאך געווען בלעמ'ס מיטעל צו ברייננגען די קינדער פון ישראל צו זינד קעגען גאט דורך פעור, און עס איז געווען א מגפה אין דער געמיינדע פון גאט. און דערפאר דערשלאגט יעדען זכר צווישען די קליי־נע קינדער און יעדע פרוי, וואס האט דערקענט דעם געלעגער פון א מאן; אבער אלע פרויען־קינדער, וואס חאבען נישט דערקענט דעם געלעגער פון א מאן, לאזט לעבען פון אייערט וועגען.

צווישען די אפשייליכע פארברעכער, וואס האבען אין וואסער־עס־איז צייט פון דער מענשליכער געשיכטע געמאכט צו שאנד דעם נאמען מענש, איז אוממעגליך צו געפינען א גרעסערען פאר־ברעכער פון משה'ן, אויב נאר אט־די דערציילונג איז אמת'דיג.

אט האט איהר זיין באפעל אויסצו'הרג'ענען די אינגלעך און די מוטערס, און צו שענדען די טעכטער. זאל יעדע מוטער זיך פארשטעלען אין דער לאגע פון יענע מוטערס: איין קינד — דערהרג'עט, דאס אנדערע — איבערגעגעבען צו פארגוואלטיגונג, און זי אליין — אין די הענט פון א רוצח; זאל יעדע טאכטער זיך פארשטעלען אין דער לאגע פון יענע טעכטער, וואס ווערען אי־בערגעגעבען, ווי א רויב, צו די מערדער פון זייערע מוטערס און ברידער — און וואס פאר א געפילען וועט דאס ביי זיי ארויסרו־פען? אומזיסט אונזער פלייסען זיך צו באצווינגען די מענשליכע נאטור, דאס נאטירליכע געפיל וועט זיך אלע מאל דערוועקען, און די רעליגיע, וואס גרייפט פיינליך אן דאס געפיל פון מענשען־ליבע, איז א פאלשע רעליגיע.

נאך אט־דעם אפשייליכען באפעל פאלגט א באשרייבונג פון דעם רויב, וואס איז גענומען געווארען, און ווי אזוי ער איז צע־טיילט געווארען; און די פריסטערליכע צביעות, וואס פארשוועכט יעדע הייליגקייט, פארגרעסערט נאך דא די צאל פון פארברעכענס.

פסוק 37 פון דעמזעלביגען קאפיטעל: „און דער אפצאל צו גאט פון זיי שעפסען איז געווען זעקס הונדערט פינף און זיבעציג; און די רינדער זיינען געווען זעקס און דרייסיג טויזענט, וואס פון זיי איז דער אפצאל צו גאט געווען צוויי און זיבעציג; און די אייזלען זיינען געווען דרייסיג טויזענט און פינף הונדערט, וואס פון זיי איז דער אפצאל צו גאט געווען איין און זעכציג; און די מענשליכע וועזענס זיינען געווען זעכצען טויזענט, וואס פון זיי איז דער אפצאל צו גאט געווען צוויי און דרייסיג".

מיט איין ווארט, דאס דאזיגע קאפיטעל, ווי אויך פיל אנדערע טיילען פון דער ביבעל, איז צו שרעקליך, אז א מענש מיט געפיל זאל נישט אויפשוידערען ביים לייענען: פון פסוק 35 פון דעמזעלביגען קאפיטעל איז צו זעהן, אז די פרויען־קינדער, וואס זיינען, אויף משה'ס באפעל, באשטימט געווארען געשענדעט צו ווערען, האבען דערגרייכט די צאל פון צוויי און דרייסיג טויזענט.

מענשען ווייסען בכלל גארנישט, וויפיל שלעכטקייט עס איז פאראן אין דעם כלומר'שטיגען ווארט פון גאט. דערצויגען אין אבערגלויבענס, נעמען זיי אן אלץ, וואס עס געפינט זיך אין דער ביבעל, פאר אמת און גוט; זיי וואגען גארנישט צו צווייפלען אין דעם און פירען אריבער די השגות, וואס זיי שאפען זיך וועגען דעם גוטען ווילען פון דעם אלמעכטיגען, אויף דעם בוך, וואס איז נעשריבען געווארען (אזוי האט מען זיי געלערנט צו גלויבען) דורך זיין געבאט. מיין גאט, עס איז דאך פונקט דער היפוך־דערפון! עס איז א בוך פון ליגענס, בייזקייט און גאטלעסטערונג; ווייל קאן דען נאך זיין א גרעסערע גאטלעסטערונג, ווי צוצושרייבען די מענשליכע פארדארבענקייט צו די באפעלען פון דעם אלמעכטיגען?

אבער איך וועל זיך אומקערען צוריק צו מיין ענין — צו ווייזען, אז משה איז נישט געווען דער פארפאסער פון די ביכער, וואס ווערען איהם צוגעשריבען, און אז די ביבעל איז געפעלשט.

די צוויי ביישפילען, וואס איך האב געבראכט פריהער, וואלטען שוין געווען גענוג צו באווייזען קלאר די נישט־עכטקייט פון א בוך, וואס פרעטענדירט צו זיין אויף פיר אדער פינף הונדערט

יאהר עלטער פון די זאכען, וואס ווערען אין איהם באהאנדעלט, ווי פאקטען; ווייל אין דעם פאל פון אברהמ'ען, וואס האט זיי נאכגעיאגט ביז דן און פון די מלכים, וואס האבען געקיניגט איבער די קינדער פון ישראל, איז אויסגעשלאסען יעדע מעגליכקייט צו דערקלערען די זאך מיט נביאות. אט־די אויסדריקען זייצען אין דער פארגאנגענער צייט, און עס וואלט געווען עכטער אידיאטיזם גאר צו זאגען, אז א מענש קאן נביאות זאגען אין דער פארגאנגענער צייט.

עס זיינען אבער פאראן נאך פיל אנדערע שטעלען, צעווארפען איבער די דאזיגע ביכער, וואס פירען אונז צו אונזער ציל. אין שמות (וואס ווערט אגב אויך צוגעשריבען צו משה'ן) ווערט געזאגט אזוי (קאפ. 16, פסוק 35): „און די קינדער פון ישראל האבען געגעסען דעם מן פערציג יאהר, ביז וואנען זיי זיינען געקומען צו א באוואוינטען לאנד; זיי האבען געגעסען דעם מן, ביז וואנען זיי זיינען געקומען צו דער גרענעץ פון דעם לאנד כנען“.

צי די קינדער פון ישראל האבען געגעסען מן, אדער נישט, און וואס עס איז אזוינס געווען אט־דער מן, צי איז ער געווען א מין שוועמעל, אדער עפּיס אן אנדער מין געוויקס, וואס מען האט געטראפען לרוב אין יענעם טייל פון לאנד, — דאס איז פאר מיר איצט נישט וויכטיג; וואס איך וויל דא ווייזען, איז, אז משה האט דאס נישט געקאנט אנשרייבען. לויט דער ביבעל (אבער אין אזא בוך פון ליגענס און ווידערשפרוכען קאן מען נישט וויסען, וואס צו גלויבען, אדער צי מען זאל דא בכלל עפּיס גלויבען), — לויט די ביבעל דערציילט אונז, איז משה געשטארבען אין מדבר און איז קיינמאל נישט צוגעקומען צו די גרענעצען פון דעם לאנד כנען, און ממילא האט ער נישט געקאנט זאגען, וואס די קינדער פון ישראל האבען געטון, אדער וואס זיי האבען געגעסען, ווען זיי זיינען אנגעקומען אהין. די דאזיגע געשיכטע מיט'ן מן־עסען, וואס מען דערציילט אונז, אז משה האט זי אנגע־

שריבען, ציהט זיך ביז צו דער צייט פון יהושע, משה׳ס נאכפאלגער, ווי דאס איז צו זעהן פון דעם, וואס עס ווערט געזאגט אין ספר יהושע נאכדעם, ווי די קינדער פון ישראל זיינען אריבער דעם ירדן און צוגעקומען צו דעם לאנד כנען. יהושע, קאפ. 5, פסוק 12: „און דער מן האט אויפגעהערט אויפ׳ן אנדערען טאג, ווי זיי האבען געגעסען פון דער געטריידע פון לאנד; און די קינדער פון ישראל האבען מער קיין מן נישט געהאט, און האבען יענעם יאהר געגעסען פון די פרוכט פון דעם לאנד כנען".

איך וועל דא ברייגנען נאך א ביישפיל, גענומען פון דעם ספר דברים, א ביישפיל, וואס איז נאך מערקווירדיגער פון דעם פריהערדיגען און ווייזט נישט נאר, אז משה האט נישט געקאנט זיין דער שרייבער פון אט־דעם בוך, נאר אויך די פאבעלהאפטע פארשטעלונגען, וואס די מענשען האבען דעמאלט געהאט וועגען ריזען. אין דעם 3־טען קאפיטעל פון דברים ווערט, צווישען אנדערע נצחונות, וואס משה האט אפגעהאלטען, אויך דערציילט וועגען זיין זיג איבער עוג מלך הבשן (פסוק 11): „ווייל עוג מלך הבשן איז געווען דער איינציגער, וואס איז פארבליבען פון די ריזען־מענשען (רפאים); זיין בעט איז געווען א בעט פון אייזען; געפינט זי זיך נישט אין רבה פון די קינדער פון עמון? ניין איילען איז געווען איהר לענג און פיר איילען איהר ברייט, נאך דער אייל פון א מענשען". אן אייל איז 1 פוס און 9.888 צאלען; דאס הייסט, אז די לענג פון דער בעט איז געווען אן ערך 16 פוס און 4 צאלען, און די ברייט — 7 פוס און 4 צאלען. דאס איז אלץ, וואס מיר קאנען זאגען מכח דער בעט. און וואס אנבאלאנגט דעם היסטארישען טייל פון אט־דער שטעל, קאן ער, אמת, נישט דינען פאר אזא דירעקטען און פאזיטיווען באווייז, ווי די שטעלען, וואס מיר האבען זיך באנוצט מיט זיי פריהער, אבער דאך קאן מען איהם אננעמען פאר א גאנץ גוטען באווייז, וואס איז

אפילו בעסער פון דעם ב ע ס ט ע ן באווייז פון דעם צווייטען צד.

כדי צו באווייזען, אז דער דאזיגער ריז האט באמת עקזיס־טירט, ווייזט דער שרייבער אן אויף זיין בעט, ווי אויף א פ א ר־צ י י ט י ג ע ר ר ע ל י ק ו ו י ע, און זאגט: געפינט זי זיך נישט אין רבה פון די קינדער פון עמון? — דורך אט־דער פראגע ווערט די זאך באשטעטיגט, ווייל דאס איז דער מעטאד צו באשטעטיגען זאכען, וואס מען טרעפט איהם גאנץ אפט אין דער ביבעל.

אבער משה האט דאס נישט געקאנט זאגען, ווייל ער האט נארנישט געקאנט וויסען וועגען רבה און אויך נישט וועגען דעם, וואס עס האט זיך דארט געפונען. רבה איז נישט געוועזען קיין שטאט, וואס האט געהערט צו עוג מלך הבשן, און אויך נישט איי־נע פון די שטעט, וואס משה האט איינגענומען. אז די דאזיגע בעט האט זיך געפונען אין רבה, ווי אויך די פרטים פון איהר גרייס, האט מען געקאנט אויסגעפינען ערשט נאכדעם, ווי רבה איז איינגע־נומען געווארען, און דאס איז פארגעקומען נישט פריהער, ווי מיט א פיר הונדערט יאהר נאך משה'ס טויט; זעה צוליב דעם שמואל ב, קאפיטעל 12, פסוק 26: „און יואב (דוד'ס גענעראל) האט גע־שטריטען קעגען ר ב ה פ ו ן ד י ק י נ ד ע ר פ ו ן ע מ ו ן און האט איינגענומען די קיניגליכע שטאט“.

אזוי ווי איך בין דא נישט אויסען אנצואווייזען אויף אלע ווידערשפרוכען אין צייט, פלאץ און אומשטענדען, וואס די אזוי־גערופענע ת ו ר ת מ ש ה איז מיט זיי פול, און וואס ווייזען אויס'ן קלארסטען אופן, אז אט־די ביכער האבען נישט געקאנט אנגעשריבען פון משה'ן און אויך נישט אין משה'ס צייט, וועל איך איצט איבערגיין צום ספר י ה ו ש ע און ווייזען, אז יהושע איז נישט געוועזען דער פארפאסער פון אט־דעם ספר, אז דאס איז אן אנאנימער ספר און האט נישט קיין שום אויטאריטעט. די בא־ווייזען, וואס איך וועל ברייגנען, געפינען זיך אין דעם ספר גופא; איך וועל נישט נעמען קיין באווייזען קעגען דער כלומר'שטיגער עכטקייט פון דער ביבעל פון ערגעץ אנדערש, אויסער פון דער

ביבעל אליין. פאלש ערות־זאגען טראגט שטענדיג אין זיך באַ־ווייזען קעגען זיך אליין.

יהושע איז, לויט דעם ערשטען קאפיטעל פון דעם ספר י ה ו ש ע, געוועזען משה'ס אוממיטעלבארער נאָכפאָלגער; ער איז געוועזען אַ קריגסמאן, וואס משה איז דאס נישט געוועזען, און האט אנגעהאַלטען די פירערשאפט איבער'ן פאלק ישראל אין פארלויף פון 25 יאהר, ד. ה. פון דער צייט, וואס משה איז געשטארבען, וואס דאס איז, לויט דער ביבלישער כראנאלאגיע, געוועזען מיט 1451 יאהר פאר קריסטוס'ן, ביז'ן יאהר 1426 פאר קריסטוס'ן, ווען יהושע איז, לויט דער זעלביגער כראנאלאגיע, געשטארבען. אויב מיר ווען דעריבער געפינען אין אט־דעם בוך, וואס ווערט צוגעשריבען צו יהושע'ן, אן אנווייזונג אויף פ א ק ט ע ן, ו ו א ס ז י י נ ע ן פ א ר ג ע ק ו מ ע ן נאך יהושע'ס טויט, וועט עס זיין אַ באווייז, אז יהושע האט נישט געקאנט זיין דער פארפאסער און אז דאס בוך האט נישט געקאנט אנגעשריבען ווערען פריהער פון דעם לעצטען פאקט, וואס ווערט אין איהם פארצייכענט. וואס אנבאלאנגט דעם כאראקטער פון דעם בוך, איז עס שרעקליך; עס איז אַ קריגס־געשיכטע פון רויבעריי און מארד, וואס זיינען פונקט אזוי ברוטאל און ווילד, ווי די, וואס ווערען צוגעשריבען צו משה'ן, זיין פארגייער אין געמיינהייט און צביעות; און פונקט ווי די פריהערדיגע ביכער, שרייבען זיי אויף אַ גאטלעסטערענדיגען אופן צו די דאזיגע מעשים צו די באפעלען פון דעם אלמעכטיגען.

דער ספר י ה ו ש ע, ווי די פריהערדיגע ספרים, איז אויך געשריבען בלשון נסתר; דאס רעדט אזוי יהושע'ס היסטאריקער, ווייל עס וואלט געוועזען אן אבסורד און אַ נארישע בארימעריי, ווען יהושע אליין וואלט געזאגט וועגען זיך, ווי עס ווערט וועגען איהם געזאגט אין דעם לעצטען פסוק פון דעם זעקסטען קאפיטעל: „ו י ה י ש מ ע ו ב כ ל ה א ר ץ“.

איך וועל איצט גלייך צוטרעטען צו דעם באווייז. אין דעם 24־טען קאפיטעל, פסוק 31, ווערט געזאגט אזוי: „און ישראל האט געדינט גאט אלע טעג פון יהושע און א ל ע ט ע ג פ ו ן ד י ע ל ט ס ט ע, ו ו א ס ה א ב ע ן א י ב ע ר ג ע ל ע ב ט

י ה וש ע ׳ ן (האריכו ימים אחרי יהושע)״. איצט זאָגט אַליין, האָט יהושע געקאָנט דערציילן, וואָס דאָס פאָלק האָט געטון נאָכדעם, ווי ער איז שוין געווען טויט? דאָס האָט געמוזט גע־שריבן ווערן פון אַ היסטאָריקער, וואָס האָט געלעבט נישט נאָר נאָך יהושע׳ן, נאָר אויך נאָך די עלטסטע, וואָס האָבן אויף לאַנג איבערגעלעבט יהושע׳ן.

איבער דעם בוך י ה ו ש ע זיינען צעוואָרפּען נאָך אַנדערע שטעלען, וואָס ווייזען, הגם אויף אַן אַלגעמיינעם אופן און נישט אַזוי גענוי, ווי די אויבען־ציטירטע שטעל, אַז דאָס בוך איז גע־שריבען געוואָרען שפּעטער פון יהושע׳ס צייטען. אין דער פריי־הערדינגער שטעל ווערט די צייט צווישען יהושע׳ס טויט און דעם טויט פון די עלטסטע אַנגעצייכענט אַזוי קלאָר, אַז עס לאָזט גאָר נישט איבער קיין צווייפעל אין דעם, אַז דאָס בוך האָט נישט גע־קאָנט אַנגעשריבען ווערען פריהער, ווי נאָך דעם טויט פון די עלטסטע.

אָבער כאָטש די שטעלען, וואָס איך וועל דאָ באַלד בריינ־גען, צייכענען נישט אָן קיין באַשטימטע צייט, קאָן מען פונ־דעסטוועגען קלאָר איינזעהן, אַז מען דאַרף אונטער זיי פאַרשטיין אַ פיל לענגערע צייט פון די טעג פון יהושע, ווי די צייט צווישען יהושע׳ס טויט און דעם טויט פון די עלטסטע. אַזאַ איז, אַ שטייי־גער, די שטעל, וואָס פאָלגט נאָך דער מעשה וועגען דעם, ווי די זון איז, אויף יהושע׳ס באַפעל, געבליבען שטיין איבער גבעון און די לבנה — אין דעם טאָל אילון (אַ מעשה, וואָס פּאַסט זיך פאַר קינדער), און לייענט זיך אַזוי (קאַפּיטעל 10, פסוק 14): „און עס איז מער נישט געווען אַזאַ טאָג, ווי דער, נישט פאַר איהם און נישט נאָך איהם, אַז גאָט זאָל געהאָרכען דעם קול פון אַ מענשען״.

די דאָזיגע מעשה מיט דער זון און דער לבנה איז איינע פון יענע פאַבלען, וואָס גיבען זיך אַליין אויס. אַזאַ זאַך וואָלט נישט געקאָנט געשעהן, אַז זי זאָל נישט באַוואוסט זיין איבער דער גאַנצער וועלט. איין העלפט פון דער וועלט וואָלט זיך געחידוש׳ט, וואָרום די זון איז נישט אויפגעגאַנגען, און די צווייטע — וואָרום זי איז נישט פאַרגאַנגען; אַזאַ געשעהעניש וואָלט דורך מינדליי־

כער איבערליפערונג באוואוסט געווען איבער גאַר דער וועלט, בעת אין דער אמת'ן איז גאַר נישטאַ קיין פאָלק, וואָס זאָל פון דעם וויסען. אָבער צוליב וואָס האָט די לבנה געמוזט בלייבען שטיין? אויף וואָס האָט געקאָנט אין מיטען בייטאָג טויגען איהר ליכט, און דערצו נאָך, ווען די זון האָט געשיינט? ווי אַ פּאָעטישע פיגור, איז די פראַזע אַ גאַנץ פיינע; זי איז ענליך צו דער פיגור, וואָס געפינט זיך אין שירת דבורה וברק: „די שטערען האָבען פון זייערע וועגען מלחמה געהאַלטען מיט סיסראַ'ן" (הכוכבים ממסלותם נלחמו עם סיסרא); עס איז אָבער שוואַכער פון דעם פיגוראַטי־ווען ענטפער, וואָס מחמד האָט געגעבען די מענשען, וואָס זיינען געקומען איהם אויסרעדען פאַר זיין אויפפירונג: „וואָלסט ג, — האָט ער געזאָגט, — געקומען צו מיר מיט דער זון אין דיין רעכטער האַנט און מיט דער לבנה — אין דין לינקער, וואָלט דאָס אויך נישט געענדערט מיין וועג". כדי ירושע זאָל איבערשטייגען מחמד'ן, וואָלט ער באַדאַרפט אריינלייגען די זון אין איין קעשענע און די לבנה — אין דער צווייטער, און זיי איבערטראָגען, וואוהין ער האָט נאָר אַליין געוואָלט, צו לאָזען זיי דאָרט שיינען.

דאָס דערהויבענע און דאָס לעכערליכע געפינען זיך אָפטמאָל אין אַזאַ נאָהענטער שייכות איינס צום אַנדערען, אַז עס איז שווער זיי פאַנאַנדערצושיידען. די מעשה מיט דער זון און דער לבנה, אָפגעזעהן פון איהר פּאָעטישקייט, ווייזט נאָך יהושע'ס אומוויסענ־קייט, ווייל ער וואָלט דאַרף גאַר באַדאַרפט הייסען דער ערד בלייבען שטיין.

כדי די פריהער־געבראַכטע שטעל זאָל האָבען די שטאַרקייט פון אויסדרוק, מוז מען אונטער די ווערטער נאָך דעם דאַ־זיגען טאָג, וואָס זיינען דאָרט אוועקגעשטעלט, ווי אַ פאַר־גלייך צו דער צייט, וואָס איז פאַריבער פאַר דעם טאָג, פאַרשטיין אַ זעהר לאַנגע צייט; עס וואָלט גע־ווען לעכערליך צו זאָגען דאָס, אַ שטייגער, אויפ'ן צווייטען טאָג,

אדער אויף דער צווייטער וואך, אדער אין דעם אנדערען חודש, אדער אין דעם אנדערען יאר; און דערפאר, כדי אט־די שטעל זאל האבען די באטייטונג, וואס דארף איהר געגעבען ווערען, ווען פאר־גליכען מיט דעם וואונדער, וואס ווערט אין איהר דערציילט, און מיט דער צייט פאר דעם דאזיגען וואונדער, מוז מען אונטער דעם אויסדרוק נאך דעם דאזיגען טאג פארשטיין גאנצע הונדערטער יארען.

א לאנגע צייט ווערט אויך אויסגעדריקט, הגם נאר אויף אן אל־געמיינעם אופן, אין דעם 8־טען קאפיטעל; נאך דער דערציילונג וועגען דעם איינגעמען די שטאט עי ווערט דארט געזאגט אזוי (פסוק 28): „און יהושע האט פארברענט די שטאט עי און האט זי געמאכט צו א וויסטען הויפען אויף אייביג, ביז צום היינטיגען טאג“. דער צווייטער פסוק דערציילט וועגען דעם קיניג פון עי, וואס יהושע האט איהם אויפגעהאנגען און באַ־גראבען ביים אריינגאנג פון שטאט־טויער, און ענדיגט זיך אזוי: „און מען האט אויפגעשטעלט איבער איהם א גרויסען הויפען שטיי־נער, (וואס איז פאראן דארט) ביז צום היינטיגען טאג“, ד. ה. ביז דעם טאג אדער ביז דער צייט, ווען דער פאר־פאסער פון דעם ספר יהושע האט געלעבט. און ווייטער, אין דעם 10־טען קאפיטעל, וואו עס דערציילט זיך וועגען די פינף קי־ניגען, וואס יהושע האט זיי אויפגעהאנגען אויף פינף בוימער און דערנאכדעם אריינגעווארפען אין א הייל, ווערט געזאגט: „און מען האט ארויפגעלייגט גרויסע שטיינער אויף דער עפענונג פון הייל, (וואס זיינען דארט פאראן) ביז צום היינטיגען טאג“ (פסוק 27).

אין דעם 15־טען קאפיטעל, וואו עס ווערען אויסגערעכענט די אויפטועו פון יהושע און פון די שבטים, און די פלעצער, וואס זיי האבען איינגענומען, אדער זיינען באפאלען, ווערט געזאגט (פסוק 63): „און די יבוסים, די באוואוינער פון ירושלים, האבען די קינ־דער פון יהודה ניט געקאנט פארטרייבען; און די יבוסים זיינען פארבליבען מיט די קינדער פון יהודה אין ירושלים ביז צום היינטיגען טאג“. עס שטעלט זיך דא די פראגע: ווען האבען די בני־יהודה און די יבוסים געוואוינט צוזאמען אין

ירושלים? אזוי ווי מיר טרעפען זיך ווידער מיט'ן זעלביגען עניז אין דעם 1־טען קאפיטעל פון ש ו פ ט י ם, וועל איך אפּוואַרטען מיט מיינע באמערקונגען, ביז וואנען איך וועל צוקומען צו אַט־דעם טייל פון דער ביבעל.

גענוויזען אויף אזא אופן דורך דעם ספר י ה ו ש ע גופא, אז יהושע איז ניט געווען זיין פארפאסער, אז עס איז אן אנאנימער ספר און ממילא האט ער ניט קיין שום אויטאריטעט, וועל איך איצט איבערגיין צו דעם ספר ש ו פ ט י ם.

דער ספר ש ו פ ט י ם איז אנאנים אויפ'ן ערשטען בליק און ממילא קאן מען גאר אפילו ניט האבען די פרעטענציע צו רופען איהם ד א ס ו ו א ר ט פ ו ן ג א ט; דער דאזיגער ספר האט גאר קיין שיינדעל ניט; ער איז אינגאנצען אן א טאטען.

ער הויבט זיך אן מיט'ן זעלביגען אויסדרוק, וואס דער ספר י ה ו ש ע. דער לעצטער הויבט זיך אן מיט די ווערטער: „ויהי אחרי מות משה"; דער ספר ש ו פ ט י ם הויבט זיך אן: „ויהי אחרי מות יהושע". דאס, ווי אויך די ענליכקייט פון סטיל, אין וועלכען די דאזיגע צוויי ביכער זיינען געשריבען געווארען, ווייזט, אז זיי זיינען די ווערק פון איין־און־דעמזעלביגען מחבר, וואס איז אבער אונז אינגאנצען ניט־באוואוסט; דאס איינציגע, וואס מען קאן אויסגעפינען וועגען דעם מחבר פון דעם ספר ש ו פ ט י ם, איז, אז ער האט געלעבט לאנג נאך יהושע'ס צייט; ווייל כאטש דער ספר הויבט זיך אן, ווי ער וואלט געפאלגט גלייך נאך יהושע'ס טויט, שטעלט אבער דאס צווייטע קאפיטעל פאר מיט זיך א קצור פון דעם גאנצען בוך, באהאנדעלט, לויט דער ביבלישער כראנאלאגיע, א פעריאד פון 306 יאר, ד. ה., פון יהושע'ס טויט (1426 יאר פאר קריסטוס'ן) ביז דעם טויט פון שמשון הגבור (1120 יאר פאר קריסטוס'ן) און נאר 20 יאר פאר דעם, ווי שאול איז גע־גאנגען זוכען זיין פאטער'ס אייזלען און איז גענאלבט געווארען פאר א מלך. עס איז אבער פאראן א גוטער גרונט צו גלויבען, אז עס איז אנגעשרי־בען געווארען וועניגסטענס ניט פריהער, ווי אין דוד'ס צייטען, און

אז דער ספר י ה ו ש ע איז אויך דעמאלט אנגעשריבען גע־ווארען.

געמאלדען וועגען יהושע'ס טויט, דערציילט דער שרייבער פון ש ו פ ט י ם אין דעם ערשטען קאפיטעל, וואס עס איז פארגעקו־מען צווישען די בני־יהודה און די געבירטיגע איינוואוינער פון דעם לאנד כנען. ווען עס קומט איהם גראד אויס צו דערמאנען אין דעם 7־טען פסוק די שטאט ירושלים, זאגט ער באלד נאך דעם, ווי ער וואלט געגעבען א דערקלערונג: „און די בני־יהודה ה א ב ע ן מלחמה געהאלטען מיט ירושלים און זי א י י נ ג ע נ ו מ ע ן“; דאס הייסט, אז דאס בוך האט ניט געקאנט אנגעשריבען ווערען פאר דעם, ווי ירושלים איז גענומען געווארען. דער לעזער וועט זיך דערמאנען אז דער שטעל פון י ה ו ש ע (קאפ. 15, פסוק 63), וואס איך האב פריהער געבראכט; עס ווערט דארט געזאגט, אז די י ב ו ס י ם ה א ב ע ן ג ע ו ו א ו י נ ט מ י ט ד י ק י נ־ד ע ר פ ו ן י ה ו ד ה א י ן י ר ו ש ל י ם ב י ז צ ו ד ע ם ה י י נ ט י ג ע ן ט א ג, וואס דאס הייסט ביז צו דער צייט, ווען דער ספר י ה ו ש ע איז אנגעשריבען געווארען.

די ראיות, וואס איך האב ביז איצט געבראכט צו ווייזען, אז די ביכער, וואס איך האב דא באהאנדעלט, זיינען ניט פארפאסט געווארען פון די פערזאנען, צו וועלכע זיי ווערען צוגעשריבען, נאר ערשט מיט פיל יאר נאך זייער טויט, אויב נאר אזוינע פערזא־נען האבען ווען־עס־איז געלעבט, — די ראיות זיינען שוין אזוי פיל, אז איך קאן זיך דערלויבען ניט אפצושטעלען זיך אויף די אלע אויס־פירען, וואס קאנען געמאכט ווערען פון דער פריהערדיגער שטעל. אויף וויפיל מען קאן אננעמען, וואס די ביבעל דערציילט אונז, איז די שטאט ירושלים איינגענומען געווארען ערשט אין דוד'ס צייטען און ממילא זיינען די ביכער י ה ו ש ע און ש ו פ ט י ם אנ־געשריבען געווארען ערשט נאך דעם אנהויב פון מלכות־דוד, וואס דאס איז פארגעקומען מיט 370 יאר נאך יהושע'ס טויט.

די שטאט ירושלים האט אין אנהויב געהייסען יבוס און איז געווען די הויפט־שטאט פון די יבוסים. וועגען דוד'ס איינגעמען די שטאט ווערט דערציילט אין ש מ ו א ל ב, קאפ. 5, פסוק

4 און ווייטער. און אויך אין דברי ימים א, קאַפּ. 14, פּסוק 4 און ווייטער. אין קיין שום אנדער פּלאַץ פון דער ביבעל ווערט ניט דערמאָנט אָדער אָנגעטיים, אַז ירושלים זאָל געוועזען ווערען ווען־עס־איז פאַר דעם. ניט אין שמואל און ניט אין דברי הימים ווערט ניט געזאָגט, אַז זיי האָבען דערשלאָגען מענער, פרויען און קינדער; אַז זיי האָבען ניט איבערגעלאָזט קיין לעבעדיגען נפש, ווי דאָס ווערט געזאָגט ביי אנדערע עראָבערונגען; פון דעם שטילשווייגען, וואָס ווערט דאָ אָפּגעהיט, קאָן מען פאַרשטיין, אַז די שטאָט האָט זיך אונטערגעגעבען און די יבוסים, איהרע געבירטיגע איינוואוינער, זיינען פאַרבליבען דאָרט וואוינען אויך נאָכדעם, ווי זי איז איינגענומען געוואָרען. און דאָס, וואָס עס ווערט דערציילט אין יהושע, אַז די יבוסים וואוינען מיט די קינדער פון יהודה אין ירושלים ביז צו דעם היינטיגען טאָג, פּאַסט זיך נאָר פאַר דער צייט נאָך דוד'ס איינגעמען די שטאָט.

איך וועל איצט איבערגיין צו די צוויי ביכער שמואל און ווייזען, אַז ניט שמואל איז געווען זייער פאַרפאַסער, אַז זיי זיינען אָנגעשריבען געוואָרען אַ לאַנגע צייט נאָך שמואל'ס טויט און זיי־נען, ווי אַלע פריהערדיגע ביכער, אַנאָנים און האָבען ניט קיין שום אויטאָריטעט.

כדי צו איבערצייגען זיך, אַז די דאָזיגע ביכער זיינען אָנגע־שריבען געוואָרען פיל שפּעטער, ווי אין שמואל'ס צייטען, איז גענוג איבערצולייענען די מעשה פון שאול'ן, וואָס גייט זוכען זיין פאָ־טער'ס אייזלען, און פון זיין צוזאַמענטרעפען זיך מיט שמואל'ן, צו וועמען ער איז געגאַנגען אָנפרעגען וועגען די פאַרלאָרענע אייז־לען פונקט אַזוי, ווי נאַרישע מענשען גייען היינט צו אַ „טרעפער" אָנצופרעגען וועגען פאַרלאָרענע זאַכען.

דער שרייבער דערציילט אונז ניט אַט־די מעשה פון שאול'ן, שמואל'ן און די אייזלען, ווי אַ זאַך, וואָס האָט נאָר וואָס געטראָ־פען, נאָר ווי אַ פאַרצייטיג מעשה'לע: ער דער־ציילט עס אין דער שפּראַך פון שמואל'ס צייטען, און איז

דעריבער געצוואונגען צו דערקלערען עס אין דער שפראך פון זיין, דעם ש ר י י ב ע ר ' ס, אייגענער צייט.

אין דעם ערשטען פון גאט־די ביכער (קאפיטעל 9) ווערט שמואל אנגערופען ד ע ר ז ע ה ע ר (רואה); און שאול פרעגט זיך נאך אויף איהם מיט אט־דעם נאמען (פסוק 11): „ווען זיי (שאול און זיין דינער) זיינען ארויפגעגאנגען ביי דעם אויפגאנג פון דער שטאט, האבען זיי געטראפען יונגע מיידלעך, וואס זיינען ארויסגע־גאנגען שעפען וואסער; און זיי האבען צו זיי געזאגט: א י ז ד א פ א ר א ן ד ע ר ז ע ה ע ר?" שאול איז אוועק אין דער ריכטונג, וואס די מיידלעך האבען איהם אנגעוויזען; אויפ'ן וועג האט ער באגעגענט שמואל'ן און, ניט קענענדיג איהם, צו איהם אזוי געזאגט (פסוק 18): „זאג מיר, איך בעט דיך, וואו איז דעם ז ע ה ע ר ' ס ה ו י ז? און שמואל האט געענטפערט שאול'ן און געזאגט: א י ך ב י ן ד א ס ד ע ר ז ע ה ע ר".

אזוי ווי דער שרייבער פון דעם ספר ש מ ו א ל גיט איבער די דאזיגע פראגען און ענטפערס אין דער שפראך, וואס מען האט געהאט באנוצט דאן, ווען זיי זיינען ארויסגעזאגט געווארען, און אזוי ווי די דאזיגע רעד־ארט איז שוין געווען א זאך פון דער פארגאנ־גענהייט, בעת אט־דער שרייבער האט געשריבען, האט ער דעריבער געהאלטען פאר נויטיג צו דערקלערען אין וואסער א זין עס זיינען באנוצט געווארען די ווערטער פון אט־די פראגען און ענטפערס; און ער טוט עס אין דעם 9־טען פסוק, ווען ער זאגט: „עס איז פ א ר צ י י ט ע ן אזוי געווען אין ישראל, אז איינער איז גע־גאנגען צו פארשען גאט, האט ער געזאגט: קומט, לאמיר געהן צום זעהער, ווייל דער, וואס היינט רופט מען אים נביא, האט פ א ר צ י י ט ע ן געהייסען זעהער". דאס באווייזט, ווי איך האב שוין פריהער געזאגט, אז די דאזיגע מעשה מיט שאול'ן, שמואל'ן און די אייזלען איז געווען א פארצייטיג מעשה'לע, בעת די ביכער ש מ ו א ל זיינען געשריבען געווארען; שמואל האט דעריבער ניט געקאנט זיין זייער פארפאסער און ממילא זיינען די ביכער ניט עכט.

אבער אויב מיר װעלען זוכען ווייטער אין די דאזיגע ביכער,

וועלען מיר געפינען נאָך מעהר זיכערע ראיות, אַז שמואל איז ניט געווען זייער פאַרפאַסער, ווייל עס ווערען דאָרט דערציילט זאַכען, וואָס האָבען פּאַסירט ערשט מיט עטליכע הונדערט יאָר נאָך שמואל'ס טויט.

שמואל איז געשטאָרבען פאַר שאול'ן, ווייל אין ש מ ו א ל א, קאַפּיטעל 28, ווערט דערציילט, אַז שאול און די מכשפה פון עין־דור האָבען באַשוואוירען שמואל'ן נאָכדעם, ווי ער איז שוין געווען טויט; און דאָך ווערט אין אָט־די ביכער דערציילט ווייטער וועגען געשעהענישען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין שאול'ס ווייטערדיגען לעבען און ביז די לעצטע יאָרען פון דוד'ן, שאול'ס נאָכפאָלגער. וועגען שמואל'ס טויט און וועגען זיין באַערדיגונג (אַ זאַך, וואָס ער האָט דאָס אליין ניט געקאָנט אַנשרייבען) ווערט דערציילט אין דעם 25־טען קאַפּיטעל פון ש מ ו א ל א, און די כראָנאָלאָגישע דאַטע, וואָס איז צוגעגעבען צו דעם דאָזיגען קאַפּיטעל, ווייזט, אַז דאָס איז פאָרגעקומען מיט 1060 יאָר פאַר קריסטוס'ן; די געשיכטע פון אָט־דעם ע ר ש ט ע ן בוך גייט נאָך ווייטער, ביז 1056 יאָר פאַר קריסטוס'ן, ד. ה. ביז שאול'ס טויט, וואָס איז פאָרגעקומען מיט פיר יאָר נאָכ'ן טויט פון שמואל'ן.

ש מ ו א ל ב הויבט זיך אָן מיט געשעהענישען, וואָס זיינען פאָרגעקומען ניט פריהער, ווי מיט פיר יאָר נאָך שמואל'ס טויט: עס הויבט זיך אָן מיט דער הערשאַפט פון דוד'ן, שאול'ס נאָכפאָלגער, און ענדיגט זיך מיט'ן סוף פון דוד'ס הערשאַפט, וואָס דאָס האָט פּאַסירט מיט דריי־און־פערציג יאָר נאָך שמואל'ס טויט. עס איז קלאָר, אַז שמואל האָט די דאָזיגע ביכער נישט אָנגעשריבען.

איך בין דורכגעגאַנגען אַלע ביכער אין דעם ערשטען טייל פון דער ביבעל, וואָס די אַזוי־גערופענע קריסטליכע קירך האָט זיי ארויפגעצוואונגען אויף דער וועלט, ווי די שריפטען פון משה, יהושע און שמואל, און האָב אויפגעדעקט און באַוויזען, ווי פאַלש עס איז די גאַנצע זאַך. און איצט, איהר פריסטער, וואָס איהר האָט געפּרעדיגט און געשריבען קעגען דעם ערשטען טייל פון אָט־דעם בוך, וואָס האָט איהר איצט צו זאָגען? ווער איהר מיט אָט־דער גאַנצער מאַסע ראיות, וואָס וואַרפען זיך אַזוי אין די אויגען, נאָך האָבען דעם

מוט ארויפציקומען ווייטער אויף דער בימה און ארויפצוצווינגען די דאזיגע ביכער אויף אייערע קירכען־געמיינדעס, ווי די ווערק פון געטליך־באגייסטערטע שרייבער און ווי דאס ווארט פון גאט, ווען עס איז קלאר, אז די פערזאנען, וואס איהר גיט זיי ארויס פאר די פארפאסער, זיינען נישט די פארפאסער פון אט־די ביכער און אז איהר ווייסט ניט, ווער די אמת'ע פארפאסער זיינען. וואס פאר א תירוץ קאנט איהר איצט אנגעבען פאר אנגיין ווייטער מיט אייער גאטלעסטערענדיגען שווינדעל? וואס פאר א מיטלען קאנט איהר נאך אנווענדען קעגען דער ריינער און מאראלישער רעליגיע פון דעאיזם, כדי צו פארטיידיגען אייער סיסטעם פון פאלשקייט, געצענדינסט און כלומר'שטיגער אנטפלעקונג?

ווען די גרויזאמע און בלוטדורשטיגע באפעלען, וואס די ביבעל איז מיט זיי פול, און די אומציילינגע הינריכטונגען פון מענער, פרויען און קינדער, וואס זיינען באגאנגען געווארען, ווי אן אויספיר פון די דאזיגע באפעלען, וואלטען צוגעשריבען געווארען צו אייערן א פריינד, וואס זיין אנדענק איז פאר אייך הייליג, וואלט איהר געוועז גליקליך אויפצודעקען די פאלשקייט פון אזא באשולדיגונג און מיט פרייד זיך גענומען פארטיידיגען זיין ערליכען נאמען. זייט איהר טאקע אזוי פארזונקען אין דעם תהום פון אבערגלויבען, אדער איהר פילט גארנישט קיין אינטערעס אין דעם כבוד פון אייער באשעפער, וואס איהר קאנט גאר פארנעמען די שוידערהאפטע מעשיות פון דער ביבעל, אדער אויסהערען זיי אין פולער גלייכגילטיגקייט?

די ראיות, וואס איך האב ביז איצט געבראכט און וועל ווייטער ברענגען אין לויף פון דעם דאזיגען ווערק צו באווייזען, אז די ביבעל האט ניט קיין שום אויטאריטעט, וועלען באורוהיגען מיליאנען מענשען און ברענגען זיי א געפיל פון דערלייכטערונג; דאס וועט זיי באפרייען פון יענע שווערע געדאנקען איבער דעם אלמעכטיגען, וואס די פאלשקייט פון די פריסטער און די ביבעל האבען אריינגעגעבען אין זייערע מחות און וואס האבען קיינמאל ניט געקאנט שטימען מיט זייערע השגות פון גאט'ס מאראלישען יושר **און גוטען ווילען.**

איך וועל איצט צוטערטען צו די צוויי ביכער מ ל כ י ם און צו די צוויי ביכער ד ב ר י ה י מ י ם*).

דאָס זיינען היסטאָריע־ביכער, וואָס פאַרנעמען זיך דער עיקר מיט׳ן לעבען און טעטיגקייט פון די אידישע מלכים, וועלכע צייכענען זיך, בכלל גערעדט, ווייט ניט אויס מיט קיין איבעריגער מענשליכקייט; אָבער דאָס זיינען אלץ זאַכען, וואָס זיינען אונז נוגע ניט מעהר, ווי די רוימישע אימפּעראַטאָרס אָדער האָמער׳ס דערציילונג פון דער טראָיאַנישער מלחמה. און אַזוי ווי די דאָזיגע ווערק זיינען נאָך דערצו אָנאָנים און מיר ווייסען גאָרנישט פון דעם שרייבער, קאָנען מיר אויך ניט וויסען, ווי ווייט מיר זאָלען גלייבען, וואָס עס ווערט אין זיי דערציילט. ווי אַלע אַנדערע פאַרצייטיגע געשיכטעס, זעהען זיי אויס צו זיין א פּלאָנטער פון אויסגעטראַכטע און אמת׳דיגע מעשיות, פון מעגליכע און ניט־מעגליכע זאַכען, וואָס זיינען אבער מחמת דער ווייטקייט פון צייט און פּלאַץ, וואָס טיילט אונז אָפּ פון זיי, ווי אויך מחמת די ענדערונגען, וואָס זיינען זינט דעמאָלט פאָרגעקומען אין דער וועלט, געוואָרען פאַרעלטערט און ניט־אינטערעסאַנט.

איך וועל די דאָזיגע ביכער פאַרגלייכען איינע מיט די אַנדערע, ווי אויך מיט אַנדערע טיילען פון דער ביבעל, כדי צו ווייזען דעם גאַנצען פּלאָנטער, די ווידערשפּרעכיגקייט און גרויזאַמקייט פון אָט־דעם כלומר׳שטיגען ווארט פון גאָט.

דער ספר מ ל כ י ם א הויבט זיך אָן מיט שלמה׳ס הערשאַפט, וואָס דאָס איז, לויט דער ביבלישער כראָנאָלאָגיע, פאָרגעקומען מיט 1015 יאָר פאַר קריסטוס׳ן; און דער ספר מ ל כ י ם ב ענדיגט זיך מיט 588 פאַר קריסטוס׳ן, א ביסעל שפּעטער נאָך דער הערשאַפט פון צדקיהו, וועמען נבוכדנאצר האָט אוועקגעפירט אין געפאַנגענשאַפט קיין בבל נאָכדעם, ווי ער האָט איינגענומען ירושלים. די צוויי ביכער שליסען איין אין זיך א פּעריאָד פון 427 יאָר.

---

*) אין די קריסטליכע איבערזעצונגען פון תנ״ך פאָלגען ד ב ר י ה י מ י ם נאָך מ ל כ י ם. — איבערז.

די צוויי ביכער ד ב ר י ה י מ י ם שטעלען פאר מיט זיך א געשיכטע פון דיזעלביגע צייטען און, אין אַלגעמיין, פון דיזעלבי־גע פערזאָנען, געשריבען פון אַן אַנדער פאַרפאַסער, ווייל עס וואָלט געווען אַן אומזין גאָר צו רעכענען, אַז איין־און־דערזעלביגער שרייבער האָט צוויי מאָל אָנגעשריבען די דאָזיגע געשיכטע.

ד ב ר י ה י מ י ם א (נאָכדעם, ווי עס ווערט געגעבען די גענעאלאָגיע פון אדמ'ן ביז שאול'ן, וואָס פאַרנעמט די ערשטע נײַן קאַפּיטלען) הויבט זיך אָן מיט דער הערשאַפט פון דוד'ן; און ד ב ר י ה י מ י ם ב ענדיגט זיך, אַזוי ווי מ ל כ י ם ב, באַלד נאָך דער הערשאַפט פון צדקיהו, אַרום 588 יאָר פאַר קריס־טוס'ן. די לעצטע צוויי פסוקים פון דעם לעצטען קאַפּיטעל ברייני־גען די געשיכטע אויף 52 יאָר ווייטער, ד. ה., ביז'ן יאָר 536. אָבער די דאָזיגע פסוקים געהערען ניט צום בוך, ווי איך וועל דאָס ווייזען, ווען איך וועל צוקומען צום ספר ע ז ר א.

אין די צוויי ביכער מ ל כ י ם ווערט, א חוץ דער געשיכטע פון שאול'ן, דוד'ן און שלמה'ן, וואָס האָבען געהערשט איבער ג אַ נ ץ ישראל, נאָך דערציילט בקצור וועגען 17 מלכים און איין קיניגין, וואָס ווערען אָנגערופען מ ל כ י ־ י ה ו ד ה און וועגען 19 מלכים, וואָס ווערען אָנגערופען מ ל כ י ־ י ש ר א ל, ווייל דאָס אידישע פאָלק האָט באַלד נאָך שלמה'ס טויט זיך צעשפּאָלטען אויף צוויי פּאַרטייען, וואָס האָבען אויסגעקליבען פאַר זיך באַזונ־דערע מלכים און אָנגעפירט איינע קעגען די אַנדערע די פאַרבי־טערטסטע מלחמות.

די דאָזיגע צוויי ביכער שטעלען פאָר מיט זיך אין זייער גרעסטען טייל א געשיכטע פון הריגות, פּראַט און מלחמות. די געוואַלט־טאַטען, וואָס די אידען זיינען געוואוינט געווען צו באַגיין קעגען די כנענים, פאַרכאַפּענדיג און באַרויבענדיג זייער לאַנד אונ־טער'ן אויסרייד, אַז עס איז זיי געגעבען געוואָרען, ווי א מתנה פון גאָט, זיינען זיי שפּעטער מיט דערזעלביגער ווילדער אכזריות באַ־נאַנגען איינע קעגען די אַנדערע. אפשר נאָר א העלפט פון זייערע קיניגען זיינען געשטאָרבען מיט א נאַטירליכען טויט, און אין איי־ניגע פאַלען זיינען גאַנצע פאַמיליעס אויסגעראָטען געוואָרען, כדי

צו פארזיכערען די מלוכה פאר איין קיניג, וואס האט אין עטליכע יאר ארום און אמאל נאר אין עטליכע חדשים ארום געהאט דעמזעלביגען סוף.

אין מלכים ב, קאפיטעל 10, ווערט דערציילט וועגען זיבעציג דערמארדעטע קינדער, וואס מען האט זייערע קעפּלעך אוועקגעלייגט אין צוויי הויפענס ביים טויער פון שטאט; דאס זיינען געוועזן די קינדער פון אחאב, און זיי זיינען דערמארדעט געווארען אויפ'ן באפעל פון יהוא, וואס אלישע, דער נביא פון גאט, האט איהם געזאלבט פאר א מלך פון ישראל, כדי ער זאל באגיין אט־דעם בלוטיגען אויפטו און טויטען זיין פארגייער. און אין מלכים ב, קאפיטעל 15, פסוק 16, ווערט געזאגט, אז מנחם (איינער פון די מלכי־ישראל, וואס האט גע־הרג'עט שלומ'ען נאכדעם, ווי יענער האט געקיניגט איין חודש צייט) האט פארלענדט תפסח, און אלץ, וואס איז אין איהר געוועזן, ווייל מען האט איהם ניט געוואלט עפענען די שטאט, און ער האט דערשלאגען אלע איהרע שוואנגערע פרויען, און ער האט זיי אויפגעשניטען.

האבען מיר נאר געקאנט צולאזען דעם געדאנק, אז דער אל־מעכטיגער זאל איין פאלק באערען מיט'ן נאמען זיין אויס־דערוויילט פאלק, מוזען מיר שוין אננעמען, אז אט־דאס פאלק האט באדארפט זיין פאר דער גאנצער וועלט א מוסטער פון דער ריינסטער גאטספארכטיגקייט און מענשליכקייט און ניט קיין פאלק פון רוצחים און מערדער, ווי די אוראלטע אידען זיינען דאס געווען, — ניט קיין פאלק, וואס איז געגאנגען אין די טריט פון אזוינע מאנסטערס און פארפירער, ווי משה און אהרן, ווי יהישע, שמואל און דוד, און האט מיט זיין בארבאריי און גאטלאזיגקייט איבערגעטראפען אלע פעלקער פון דער ערד. אויב מיר ווילען נאר נישט איינשפארען זיך צו האלטען אונזערע אויגען פארמאכט און צו פארשטאפען אונזערע הערצער, ווילען מיר, ניט געקוקט אויף די אלע אלטע אבערגלויבענס, וואס באצווינגען אונזער גייסט, מוזען איינזעהן, אז דער שמייכעלהאפטער נאמען זיין אויסדער־

וו י י ל ט פ אָ ל ק איז ניט מעהר, ווי אַ ל י ג ע ן, וואָס די אידישע פּריסטער און מנהיגים האָבען אויסגעטראַכט, כדי צוצו־דעקען דערמיט די געמיינהייט פון זייערע אייגענע כאַראַקטאַרען, און וואָס די קריסטליכע פּריסטער, אפּטמאָל פּונקט אַזוינע פאַר־דאַרבענע און געמיינע, ווי די אידישע, האָבען עפּענטליך אַנער־קענט.

די צוויי ביכער ד ב ר י ה י מ י ם זיינען אַ ווידערהוי־לונג פון דיזעלביגע פאַרברעכענס. אָבער די געשיכטע ווערט דאָ אין אייניגע פּלעצער אונטערבראָכען פון דעם שרייבער, וואָס לאָזט דורך די הערשאַפט פון אייניגע מלכים; דאָ, אַזוי ווי אין מ ל כ י ם, איז דער איבערגאַנג פון די מלכי־יהודה צו די מלכי־ישראל און פון די מלכי־ישראל צו די מלכי־יהודה אַזאַ אַבטער, אַז די דערציילונג איז זעהר ניט קלאָר צום לייענען. צייטענווייז ווידערשפּרעכט די געשיכטע זיך אַליין אין איין־און־דעמזעלביגען בוך; צום ביישפּיל, אין מ ל כ י ם ב, קאַפּיטעל 1, פּסוק 17, ווערט געזאָגט, כאָטש אויף אַן אומבאַשטימטען אופן, אַז נאָכ'ן טויט פון אחזיה, דעם קי־ניג פון ישראל, האָט אויף זיין אָרט געקיניגט יהורם (פון בית־אחאב), אין דעם צ ו ו י י ט ע ן י אָ ר פון יהורם, דעם זון פון יהושפט, דעם קיניג פון יהודה; און אין קאַפּיטעל 8, פּסוק 16, פון דעמזעלביגען בוך ווערט געזאָגט אַזוי: „און אין דעם פ י נ פ־ט ע ן י אָ ר פון יורם, דעם זון פון אחאב, דעם קיניג פון ישראל, — — איז יהורם, דער זון פון יהושפט, געוואָרען דער קיניג פון יהודה"; איין קאַפּיטעל זאָגט, אַז יהורם פון ישראל האָט אָנגע־הויבען קיניגען אין דעם צ ו ו י י ט ע ן י אָ ר פון יהורם פון יהודה, און דאָס אַנדערע קאַפּיטעל זאָגט, אַז יהורם פון יהודה האָט אָנגעהויבען קיניגען אין דעם פ י נ פ ט ע ן יאָר פון יורם פון ישראל.

אַמאָל טרעפט, אַז אין איין פּלאַץ ווערט דערציילט וועגען עפּיס אַן אויסערגעוויינטליכער זאַך, וואָס זאָל האָבען פּאַסירט אין דער־צייט פון אַ געוויסען מלך, בעת אין דעם צווייטען פּלאַץ, וואָס באַ־שרייבט די זעלביגע צייט, ווערט וועגען דעם גאָרנישט דערמאָנט; צום ביישפּיל, די צוויי ערשטע מלכים נאָך שלמה'ס טויט, וואָס

האָבן געשטרייט צווישן זיך, זיינען געווען רחבעם און ירבעם; און עס ווערט דערציילט אין מלכים א, קאַפּ. 12 און 13, אַז בעת ירבעם האָט געבראַכט אַ קרבן עולה (בראַנד־אָפּפער) האָט אַ געטליכער מאַן אויסגערופן צום מזבח (קאַפּיטעל 13, פּסוק 2): „מזבח, מזבח! אַזוי זאָגט גאָט — אַ זון וועט געבוירן ווערן צו דוד'ס הויז, מיט'ן נאָמען יאשיהו, און ער וועט אויף דיר שעכטן די כהנים פון די במות, וואָס רויכערן אויף דיר, און מענטשן־ביינער וועט מען אויף דיר פאַרברענען". פּסוק 4: „און ווען דער קיניג ירבעם האָט דערהערט די רייד פון דעם געטליכן מאַן, וואָס ער האָט אויסגערופן צום מזבח פון בית־אל, האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האַנט פון דעם מזבח, זאָגנדיג: גרייפט איהם אָן! — און זיין האַנט, וואָס ער האָט אויסגעשטרעקט אויף איהם, איז איינגעדאַרט געוואָרען און ער האָט זי ניט געקאָנט צוריקברייגען צו זיך".

ווען אַזאַ אויסערגעוויינטליכע זאַך (וואָס ווערט אָגב באַצייכענט, ווי אַ צייכען פון גאָט) וואָלט באמת געטראָפן מיט'ן הויפּט פון איינער פון די פּאַרטייען, און דאָס נאָך גלייך אין אָנהויב, ווי די קינדער פון ישראל האָבן זיך צעטיילט אויף צוויי פעלקער, וואָלט זי אודאי פאַרצייכענט געוואָרען אין ביידע געשיכטע־ביכער. אָבער כאָטש אין שפּעטערע צייטען האָבן די מענשען געגלויבט אין אַלץ, וואָס די נביאים האָבן זיי געזאָגט, זעהט עס פונדעסטוועגן ניט אויס, אַז אָט־די נביאים אָדער היסטאָריקער זאָלען האָבן געגלויבט איינע די אַנדערע; זיי האָבן זיך צו גוט געקענט.

אַ לאַנגע געשיכטע ווערט דערציילט אין מלכים וועגען אליהו'ן. זי ציהט זיך דורך עטליכע קאַפּיטלען און שליסט זיך מיט די ווערטער (מלכים ב, קאַפּ. 2, פּסוק 11): „און אַזוי ווי זיי (אליהו און אלישע) זיינען געגאַנגען און האָבן גערעדט, ערשט אַ פייערדיגער וואָגען און פייערדיגע פערד האָבן זיי ביידען פאַנאַנדערגעשיידט, און אליהו איז דורך אַ שטורעם אַרויף אויפ'ן

ה י מ ע ל". ווי וואונדערל׳ך אַט־די מעשה איז ניט, ווערט זי אָבער מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט פון דעם שרייבער פון ד ב ר י־ ה י מ י ם, כאָטש ער דערמאָנט דאָרט גראַד אליהו׳ס נאָמען; ער דערמאָנט אויך ניט מיט קיין וואָרט די מעשה, וואָס ווערט דער־ציילט צום סוף פון דעם 2־טען קאַפּיטעל פון דעמזעלביגן ספר מ ל כ י ם, די מעשה מיט די קליינע אינגלעך, וואָס האָבן גע־שריגען צו אלישע׳ן: ג י י ד י ר, ק א ל ־ ק א פּ! ג י י ד י ר, ק א ל ־ ק א פּ!" — און ווי ער, דער דאָזיגער ג ע ט ל י כ ע ר מ ע נ ש, „האָט זיך אומגעקערט, זיי דערזעהען א ו ן ג ע ש א ל ט ע ן א י ן ד ע ם נ א מ ע ן פ ו ן ג א ט; און עס זיינען ארויסגעקומען פון וואלד צוויי בערן און האָבן צעריסען פון זיי צוויי־און־פערציג קינדער".

דער שרייבער פון ד ב ר י ה י מ י ם פאַרשווייגט אויך די מעשה, וואָס ווערט דערציילט אין מ ל כ י ם ב, קאַפּיטעל 13, ווי מען האָט א טויטען מענשען אריינגעוואָרפען אין אלישע׳ס קבר, און ווען דער טויטער קערפער האָט זיך אָנגערירט אָן אלישע׳ס ביינער, איז ער (דער טויטער) ל ע ב ע ד י ג ג ע ו ו א ר ע ן: א ו ן ה א ט ז י ך ג ע ש ט ע ל ט א ו י ף ז י י נ ע פ י ס (פסוק 21). עס ווערט ניט דערציילט ווייטער. וואָס מען האָט געטון מיט דעם מענשען, צי מען האָט איהם באַגראָבען, ניט גע־קוקט אויף זיין לעבעדיג־ווערען, אָדער מען האָט איהם צוריק ארויס־געצויגען פון קבר. דער שרייבער פון ד ב ר י ה י מ י ם פאַר־שווייגט אַט־די אַלע מעשיות, ווי דאָס וואָלט געטון יעדער שרייבער פון היינטיגער צייט, וואָס וואָלט ניט געוואָלט, אז מען זאָל איהם באשולדיגען אין ל י ג ע ן ־ ז א ג ע ן אָדער ווענינגסטענס אין איבערטרייבונג.

אין איין זאַך קומען פאָנדעסטוועגען די דאָזיגע צוויי היסטאָ־

ריקער זיך צוזאַמען, און דאָס איז, וואָסביידע גלייך פאַרשווייגען; זיי די אַזוי־גערופענע נביאים, פון וועמענס שריפטען עס באַשטייט דער צווייטער טייל פון דער ביבעל. ישעיה, וואָס האָט געלעבט אין יחזקיהו'ס צייטען, ווערט דערמאָנט אין מלכים און אין דברי הימים, בעת אַט־די היסטאָריקער רעדען וועגען יענער צייט; אָבער אַ חוץ אפשר נאָך צוויי אַזוינע פאַלען, וואָס אויך דאָ ווערען זיי דערמאָנט נאָר פאַרבייגעהענדיג, ווערט וועגען די איבעריגע נביאים אין ערגעץ ניט גערעדט, אָדער נאָר אפילו אָנגעדייט, כאָטש זיי האָבען, לויט דער ביבלישער כראָנאָלאָגיע, געלעבט אין דער צייט, ווען די דאָזיגע געשיכטעס זיינען געשריבען געוואָרען, און איניגע פון זיי — אַ לאַנגע צייט פאַר דעם. אויב די דאָזיגע נביאים זיינען אין זייער צייט באמת געווען אַזוינע אָנגעזעענע מענשען, ווי די צוזאַמענשטעלער פון דער ביבעל, די פּריסטער און די אויסטייטשער, שטעלען זיי פאַר אונז פאַר, איז ווי גע־שיקט זיך עס, אַז קיינע פון אַט־די געשיכטעס זאָל וועגען זיי גאָר־נישט זאָגען?

די געשיכטע, וואָס געפינט זיך אין די ביכער מלכים און דברי הימים, ווערט צוגעפירט, ווי איך האָב שוין דאָס פריהער געזאָגט, ביז'ן יאָר 588 פאַר קריסטוס'ן; עס וועט דעריבער זיין פּאַסיג אויסצופאַרשען, ווער פון די דאָזיגע נביאים האָט געלעבט פאַר יענער צייט.

איך ברייננ דאָ אַ רשימה פון אַלע נביאים, אינאיינעם מיט די צייטען, ווען זיי האָבען געלעבט פאַר קריסטוס'ן, לויט דער כראָנאָלאָגיע, וואָס ווערט צוגעגעבען צום ערשטען קאַפּיטעל פון יעדען בוך פון די נביאים, ווי אויך די צאָל יאָרען, וואָס זיי האָבען געלעבט פאַר דעם, ווי די ביכער מלכים און דברי הימים זיינען אָנגעשריבען געוואָרען.

## די רשימה פון די נביאים.

| נעמען | יאָרען פאַר קריסטוס'ן | יאָרען פאַר מלכים און דברי הימים | באַמערקונגען |
|---|---|---|---|
| ישעיה | 760 | 172 | דערמאָנט |
| ירמיה | 629 | 41 | דערמאָנט נאָר אין דעם לעצטען קאַפּיטעל פון-דברי הימים |
| יחזקאל | 595 | 7 | נישט דערמאָנט |
| דניאל | 607 | 19 | נישט דערמאָנט |
| הושע | 785 | 97 | נישט דערמאָנט |
| יואל | 800 | 212 | נישט דערמאָנט |
| עמוס | 789 | 199 | נישט דערמאָנט |
| עובדיה | 789 | 199 | נישט דערמאָנט |
| יונה | 862 | 274 | זעה די אַנמערקונג*) |
| מיכה | 750 | 162 | נישט דערמאָנט |
| נחום | 713 | 125 | נישט דערמאָנט |
| חבקוק | 620 | 38 | נישט דערמאָנט |
| צפניה | 630 | 42 | נישט דערמאָנט |
| חגי } נאָכ'ן יאָר 889 | | | |
| זכריה } | | | |
| מלאכי } | | | |

נאָך איין באמערקונג וועגען דברי הימים — און איך וועל איבערגיין צו די איבעריגע ביכער פון דער ביבעל.

רעדענדיג וועגען דעם ספר בראשית, האָב איך ציטירט פון דאָרט אַ שטעל (קאַפּיטעל 36, פּסוק 31), וואָס באַציהט

*) אין מלכים ב, קאַפּ. 14, פּסוק 25, ווערט דערמאָנט יונה'ס נאָמען, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס ירבעם האָט צוריק אויפגעשטעלט אַ געוויסע גרעניץ; אָבער מעהר ווערט דאָרט גאָרנישט געזאָגט וועגען איהם; עס ווערט ניט דערמאָנט ניט דער ספר יונה, ניט זיין נסיעה קיין נינוה און ניט זיין ערפאַרונג מיט'ן וואַלפיש.

זיך אַן צווייפעל צו אַזאַ צייט, ווען די קינדער פון ישראל האָבען שוין געהאַט מלכים, אין האָב געוויזען, אַז אַט־דער פּסוק, ווי אויך אַ גרויסער טייל פון דעם 36־טען קאַפּיטעל, זיינען אַרויסגענומען געוואָרען וואָרט־אין־וואָרט פון דברי הימים א, (קאַפּ. 1, פּסוק 43); איך האָב אויך געוויזען, אַז דער ספר בראשית, הגם ער פאַרנעמט דעם ערשטען פּלאַץ אין דער ביבעל און ווערט צוגעשריבען צו משה'ן, איז אָנגעשריבען געוואָרען פון עפּ״ס אַן אומבאַוואוסטען מחבר ערשט נאָך דברי הימים. וואָס דאָס איז ווענינסטענס אַכט הונדערט און זעכציג יאָר נאָך משה'ס צייטען. אויף דעם לעצטען איז פאַראַן אַ גאַנץ קלאָרער באַ־וויז. ערשטענס, ווי איך האָב דאָס שוין פריהער געזאָגט, ווייזט אַט די שטעל גופא פון בראשית, אַז זי באַציהט זיך צו דער צייט פון דברי הימים; און צווייטענס, איז דער ספר דברי הימים ניט אָנגעהויבען געוואָרען פריי־הער, ווי ווענינסטענס מיט אַכט הונדערט און זעכציג יאָר נאָך משה'ס צייטען. אין דעם קאָנען מיר זיך לייכט איבערצייגען, ווען מיר וועלען אַריינקוקען אין דברי הימים א, קאַפּ. 3, פּסוק 15, וואו דער שרייבער, גיבענדיג די גענעאַלאָגיע פון די בני־דוד, דערמאָנט צדקיהו'ן; און עס איז געווען אין דער צייט פון צדקיהו'ן, וואָס נבוכדנאצר האָט איינגענומען ירושלים; לויט דער ביבלישער כראָנאָלאָגיע, איז דאָס פאָרגעקומען מיט 588 יאָר פאַר קריסטוס'ן, און ממילא אַריבער 860 יאָר נאָך משה'ס צייטען.

די מענשען, וואָס ריכמען אָבערגלויביג די אוראַלטקייט פון דער ביבעל, אין דערהויפּט פון די ביכער, וואָס ווערען צוגעשריבען צו משה'ן, טוען עס נאָר כּהכּת זייער לייכטגלויביגקייט, אָבער ניט דערפאַר, ווייל זיי האָבען די זאַך גרינטליך אויסגעפאָרשט; פון די היסטאָריש־כראָנאָלאָגישע באַווייזען, וואָס מיר האָבען, איז צו זעהן, אַז אפילו דאָס סאַמע ערשטע בוך פון דער ביבעל איז מיט אַריבער דריי הונדערט יאָר איינגער פון האָמער'ס ווערק און פון אַן ערך דעמזעלביגען עלטער, וואָס עזאָפּ'ס פאַבלען.

איך נעם זיך דאָ ניט אָן פאַר דער מאָראַליטעט פון האָמער'ן;

איך האַלט, פֿאַרקערט, אַז עס איז אַן אומגערעכט־באַרימט בוך, וואָס האָט די טענדענץ אַרויסצורופֿן אוממאָראַלישע און שעדליכע באַ־גריפֿן וועגן ערע; און וואָס גאָר איז שייך צו יוֹסף'ן, איז די מאָראַל פֿון זײַנע פֿאַבלען בכלל אַ גערעכטע, דערפֿאַר אָבער זײַנען די פֿאַבלען גופֿא אָפּטמאָל גרויזאַם, און דאָס ווירקט זעהר דעמאָראַ־ליזירענדיג אויף די געפֿילען, דערהויפּט אויף די געפֿילען פֿון אַ קינד.

פֿאַרטיג מיט מ ל כ י ם און ד ב ר י ה י מ י ם, וועל איך איצט איבערגיין צום נעכסטען ספֿר, צום ספֿר ע ז ר א*).

עס איז גענוג צו מאַכען אַ פֿאַרגלייך צווישען די ערשטע דריי פּסוקים פֿון ע ז ר א און די לעצטע צוויי פֿון ד ב ר י ה י מ י ם. כדי צו זעהן, אין וואָסער אומאָרדענונג די ביבעל, אַט־דאָס כלומר'ש־טיגע וואָרט פֿון גאָט, איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען און ווי ווייט מיר קאָנען ניט זײַן זיכער, ווער עס זײַנען געווען איהרע מחברים; ווײַל ווי אַזוי אַנדערש האָט זיך עס געקאָנט מאַכען, אַז די ערשטע דריי פּסוקים פֿון ע ז ר א זאָלען זײַן די לעצטע צוויי פּסוקים פֿון ד ב ר י ה י מ י ם, אָדער פֿאַרקערט? אָדער די פֿאַרפֿאַ־סער האָבען ניט געקענט זייערע אייגענע ווערק, אָדער די צוזאַמענ־שטעלער האָבען ניט געקענט די פֿאַרפֿאַסער.

דער לעצטער פּסוק פֿון ד ב ר י ה י מ י ם ווערט איבער־געריסען אין מיטען זאַץ מיט'ן וואָרט „ויעל" — זאָל ער גיין — ניט אָנווייזענדיג וואוהין. אַט־דאָס ניט פֿאַרענדיגען דעם זאַץ, ווי אויך דאָס ערשײַנען פֿון איין־און־דיזעלביגע פּסוקים אין פֿאַרשיי־דענע ביכער, ווייזט, ווי געזאָגט, די אומאָרדענונג און די אומווי־סענקייט, אין וועלכע די ביבעל איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען. און כמילא קאָנען מיר ניט גלויבען אין דער אויטאָריטעט פֿון די דאָזיגע צוזאַמענשטעלער**).

*) לויט דער אָרדענונג פֿון די קריסטליכע איבערזעצונגען פֿון תנ"ך. — איבערז.

**) דורכקוקענדיג די ביביל, האָב איך באַמערקט נאָך איניגע פֿער־לערהאַפֿטיגע און זינלאָזע שטעלען; איך האָב זיי אָבער ניט באַטראַכט פֿאַר גענוג וויכטיג, אַז איך זאָל זיך מיט זיי באַנוצען פֿאַר מײַן אויפֿ־גאַבע; אַזאַ שטעל איז אַ שטייגער די פֿון ש מ ו א ל א, קאַפּיטעל

די לעצטע צוויי פּסוקים פון דברי הימים.

פּסוק 22. ובשנת אחת לכורש מלך פרס, לכלות דבר ה' בפי ירמיהו, העיר ה' את־רוח כורש מלך פרס, ויעבר קול בכל מלכותו, וגם במכתב, לאמר:

פּסוק 23. כה אמר כורש מלך פרס, כל ממלכות הארץ נתן לי ה' אלהי השמים, והוא פקד עלי לבנות לו בית בירושלים, אשר ביהודה. מי בכם מכל עמו, ה' אלהיו עמו, ויעל.

די ערשטע דריי פּסוקים פון עזרא.

פּסוק 1. ובשנת אחת לכורש מלך פרס, לכלות דבר ה' מפי ירמיה, העיר ה' את־רוח כורש מלך פרס, ויעבר קול בכל מלכותו, וגם במכתב, לאמר:

פּסוק 2. כה אמר כרש מלך פרס, כל ממלכות הארץ נתן לי ה' אלהי השמים, והוא פקד עלי לבנות לו בית בירושלים אשר ביהודה.

פּסוק 3. מי בכם מכל עמו, יהי אלהיו עמו, ויעל לירושלים, אשר ביהודה, ויבן את בית ה' אלהי ישראל, הוא האלהים, אשר בירושלים.

די איינציגע זאַך, וואָס זעהט אויס צו זיין זיכער אין דעם בוך עזרא, איז די צייט, ווען עס איז אָנגעשריבען געוואָרען; דאָס איז געווען גלייך נאָכ'ן צוריקקער פון די אידען פון גלות בבל, אַרום 536 יאָר פאַר קריסטוס'ן. עזרא (וועלכער איז, לויט די אי־

13, פּסוק 1, וואו עס ווערט געזאָגט: „שאול האָט געקיניגט איין יאָר; און ווען ער האָט רעגירט איבער ישראל צוויי יאָר, אַזוי האָט שאול זיך אויסדערוויילט דריי טויזענט מאַן" און א. וו. דער אָנהויב פון דעם פּסוק, אַז שאול האָט געקיניגט איין יאָר, האָט קיין שום זין ניט, ווייל עס ווערט אונז ניט געזאָגט, וואָס אַזוינס שאול האָט געטון, אָדער וואָס עס האָט געטראָפען צום סוף פון אָט־דעם איינעם יאָר; און ווייטער איז עס דאָך אבסורד צו זאָגען, אַז ער האָט געקיניגט איין יאָר, ווען גלייך נאָך דעם שטייט, אַז ער האָט געקיניגט צוויי יאָר, ווייל האָט ער געקיניגט צוויי יאָר, איז דאָך אוממעגליך געווען פאַר איהם ניט צו האָבען פריהער געקיניגט איין יאָר.

אַן אַנדער שטעל אַזאַ געפינט זיך אין יהושע, קאַפּ. 5, וואו דער שרייבער דערציילט אונז וועגען א מלאך (אַזוי ווערט ער אָנגערופען אין דעם אינהאַלט־פאַרצייכעניש פון דעם דאָזיגען קאַפּיטעל), וואָס האָט זיך באַוויזען צו יהושע'ן; און די מעשה ווערט איבערגעריסען אין דער מיט און אָן יעדען שלום. די דאָזיגע שטעל לייענט זיך אַזוי (פּסוקים 13־15): „און ווען יהושע איז געווען ביי יריחו, האָט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען און געזעהען — א מאַן שטייט אנטקעגען איהם מיט אַן אויסגע־צויגענער שווערד אין זיין האַנט; און יהושע איז צו איהם צוגעגאַנגען

דישע מפרשים, דיזעלביגע פּערזאָן, וואָס ווערט אָנגערופען עזרא (אין די כתובים אחרונים) איז געווען איינער פון די צוריקגעקומענע, וואָס דאָס האָט ער, ווי עס ווייזט אויס, אָנגעשריבען די דאָזיגע געשיכטע. נחמיה, וואָס זיין בוך איז דאָס צווייטע נאָך עזרא'ס, איז אויך געווען איינער פון די צוריקגעקומענע אידען און האָט מסתמא אויך אָנגעשריבען דיזעלביגע געשיכטע אין דעם בוך, וואָס טראָגט זיין נאָמען. אָבער די דאָזיגע דערציילונגען קאָנען האָבען אַ באַזונדערען אינטערעס נאָר פאַר אידען, ווי אַ טייל פון דער געשיכטע פון אידישען פאָלק; אין די ביכער איז פאַראַן אַזוי פיל גאָט'ס וואָרט, ווי אין וואָסער־עס־איז אַנדער היסטאָריע־בוך, ווי, אַ שטייגער, אין דער געשיכטע פון פראַנקרייך, אָדער אין ראַפּין'ס „געשיכטע פון ענגלאַנד", אָדער אין דער געשיכטע פון יעדען אַנדערען לאַנד.

אָבער אַפילו אין ריין־היסטאָרישע ענינים קאָן מען זיך אויך

---

און האָט צו איהם געזאָגט: געהערסטו צו אונז, אָדער צו אונזער פיינט? און ער האָט געזאָגט: ניין, איך בין דער האַר איבער דעם חיל פון גאָט, איך בין יעצט געקומען. אַזוי איז יהושע אַנידערגעפאַלען מיט זיין פנים צו דער ערד, און ער האָט זיך געבוקט, און האָט צו איהם געזאָגט: „וואָס רעדט מיין האַר צו זיין קנעכט?" און דער האַר פון גאָט'ס חיל האָט געזאָגט צו יהושע'ן: „נעהם אַראָפּ די שיך פון דיינע פיס, ווייל דאָס אָרט, וואָס דו שטייסט אויף איהם, איז הייליג". און יהושע האָט אַזוי געטון". און וואָס ווייטער? ווייטער איז גאָרנישט, ווייל דאָ ענדיגט זיך די מעשה, אינאיינעם מיט'ן קאַפּיטעל.

אָדער די געשיכטע איז איבערגעריסען אין דער מיט, אָדער עס איז אַ מעשה, דערציילט פון עפּיס אַ אידישען הומאָריסט, כדי אָפּצולאַכען פון יהושע'ס כלומר'שטיגער שליחות פון גאָט; און די קאָמפּילאַטאָרס פון דער ביבעל, נישט איינזעהענדיג די דאָזיגע כונה פון דעם מעשה'לע, האָבען עס איבערגעגעבען, ווי אַן ערנסטע זאַך. ווי אַן הומאָריסטיש מעשה'לע איז עס גאַנץ שאַרף, ווייל עס פירט מיט פּאַראַד אַריין אַ מלאך אין דער געשטאַלט פון אַ מענשען, מיט אַ בלאַנקער שווערד אין האַנט, און יהושע פאַלט פאַר איהם מיט'ן פנים צו דער ערד און בוקט זיך צו איהם, וואָס דאָס איז קעגען דעם צווייטען געבאָט; און דער דאָזיגער שליח פון הימעל לאָזט אויס דערמיט, וואָס ער הייסט יהושע'ן אויסטון די שיך.

עס איז זיכער, אַז די אידען האָבען נישט געגלויבט אין אַלץ, וואָס זייערע פירער האָבען זיי געזאָגט ווי דאָס איז צו זעהן פון דעם העפלי־כען אופן, ווי זיי רעדען וועגען משה'ן, בעת ער איז אַרויף אויפ'ן באַרג. „כי זה משה האיש — — לא ידענו מה־היה לו" (שמות, קאַפּיטעל 32, פּסוק 1).

ניט פארלאזען אויף די דאזיגע ביידע שרייבער. אין דעם צווייטען קאפיטעל פון עזרא גיט דער שרייבער א רשימה פון די שבטים און משפחות און די גענויע צאל מענשען פון יעדער משפחה, וואס האבען זיך אומגעקערט צוריק פון בבל קיין ירושלים: די דאזיגע רעגיסטראציע פון די צוריקגעקומענע זעהט אויס צו זיין איינס פון די הויפט־צילען פון אט־דעם בוך; אבער דוקא דא איז פאראן א טעות, וואס צעשטערט די אפזיכט פון דער אונטערנעמונג.

די רעגיסטראציע הויבט זיך אן אזוי (קאפ. 2, פסוק 3): „די קינדער פון פרעוש — צוויי טויזענט הונדערט צוויי־און־זיבעציג". פסוק 4: „די קינדער פון שפטיה — דריי הונדערט צוויי־און־זיבעציג". אויף דעמזעלביגען אופן רעכענט דער שרייבער אויס אלע פאמיליעס; און אין דעם 64־טען פסוק פירט ער אונטער דעם סך הכל און זאגט אזוי: „די גאנצע פארזאמלונג צוזאמען איז געווען **צוויי־און־פערציג טויזענט דריי הונדערט און זעכציג**".

ווען מיר ווען אבער זיך נעמען די מיה צוזאמענצורעכענען די אלע געגעבענע צאלען, וועלען מיר אויסגעפינען, אז דער סך הכל איז ניט מעהר, ווי 29,818; עס ווערט אזוי ארום געמאכט דא א טעות אין 12,542. און ווי קאנען מיר גאר נאך דעם זיין זיכער אין עפיס, וואס ווערט אונז דערציילט אין דער ביבעל?

נחמיה גיט אונז אויך א רשימה פון די צוריקגעקערטע פאמיליעס און די צאל מענשען פון יעדער פאמיליע, פונקט, ווי עזרא. הויבט ער אן אזוי (קאפ. 7, פסוק 8): „די קינדער פון פרעוש — צוויי טויזענט הונדערט צוויי־און־זיבעציג", און א. וו. נחמיה'ס רשימה איז אין איניגע צאלען אנדערש פון עזרא'ס. אין דעם 66־טען פסוק פירט ער אונטער דעם סך הכל מיט דיזעלביגע ווערטער, וואס עזרע: „די גאנצע פארזאמלונג צוזאמען איז געווען צוויי־און־פערציג טויזענט דריי הונדערט און זעכציג". אבער דער סך הכל פון אלע צאלען, וואס ווערען געגעבען אין דער דאזיגער רשימה, איז 31,039, ד. ה. מיט 11,271 ווייניגער.

דאס צווייטע בוך נאך דעם איז מגלת אסתר. אויב אסתר האט געהאלטען פאר א כבוד פארצושלאגען זיך פאר א מעטרעסע

צו אחשורוש'ן, אדער צו ווערען די ליבעס־געגנעריין פון ושתי המלכה, וועלכע האט זיך אפגעזאגט צו באווייזען זיך פאר א שכור'ן מלך אין דער מיט פון א שכור'ער קאמפאניע (ווייל עס ווערט דער־ציילט, אז זיי האבען געטרונקען זיבען טעג און זיינען געווען פריי־ליך). איז עס איהר אייגענע און מרדכי'ס אנגעלעגענהייט; אונז איז אבער די גאנצע זאך ווענינ וואס נוגע; א חוץ דעם זעהט עס אויס צו זיין אינגאנצען א פאנטאסטישע געשיכטע, און איז נאך דערצו אויך אנאנים. איך וועל דעריבער גלייך איבערגיין צום ספר איוב.

דער דאזיגער ספר איז אינגאנצען אנדערש פון די ספרים, וואס מיר זיינען דורכגעגאנגען ביז איצט. פאראט און מארד זיינען דא ניט בנמצא; דאס זיינען מעדיטאציעס פון איינעם, וואס איז שטארק געטראפען געווארען אין לעבען, איבער דער ניט־זיכער־קייט פון דעם מענשליכען מזל; אמאל גיט ער זיך אונטער דער ניט־געזעהענער מאכט, וואס אונטער איהר שליטה געפינט זיך דעם מענשענ'ס מזל, און אמאל ווייזט ער איהר ארויס א ווידערשטאנד. עס איז א פיינע פארפאסונג, וואו דאס געפיל פון גערן־וויליגער הכנעה בייט זיך מיט'ן געפיל פון ניט־וויליגער אומצופרידענקייט; דער מענש ווערט דא געוויזען אין דעם מאמענט פון דער העכסטער רעזיגנאציע, וואס איז אפילו איבער זיינע כחות. איוב איז גראד ניט קיין איבעריג גרויסער סבלן; דאס געפיל פון צער ברויזט אין איהם אפטמאל אויף מיט א געוואלטיגער קראפט, אבער ער באמיהט זיך אלץ צו האלטען עס אין צאם, און זעהט אויס צו זיין אנטשלאסען ארויפצוצווינגען אויף זיך דעם שווערען חוב פון אנ־נעמען פאר ליב די אלע אומגליקען, וואס באפאלען איהם.

אין דעם ערשטען טייל פון דער „צייט פון פארשטאנד" האב איך גערעדט מיט סימפאטיע וועגען דעם דאזיגען בוך; דעמאלט האב איך אבער נאך ניט געוואוסט, אז עס געהערט ניט, ווי עס ווייזען דאס אלע ראיות, וואס מען קאן נאר ברייננען, צו דער ביבעל.

איך האב געזעהען די מיינונג פון צוויי אידישע מפרשים, פון אבן־עזרא און שפינאזא, איבער דעם דאזיגען ענין. זיי זאגען ביי־

דע, אז דאס בוך א י ו ב טראגט ניט אין זיך גופא קיין באווייז, אז עס איז א העברייאיש בוך; אז סיי דער גייסט פון דעם דאזיגען ווערק און סיי זיין פארם, וועלכע איז דראמאטיש, זיינען ניט אידיש; אז עס איז אן איבערזעצונג פון אן אנדער שפראך און אז דער פארפאסער איז ניט געוועזן קיין איד; אז דער כאראקטער, וואס ווערט פארגעשטעלט אונטער דעם נאמען ש ט ן (דער דאזיגער נאמען ווערט אגב מעהר ניט דערמאנט אין דער גאנצער ביבעל, ווי נאר אין א י ו ב), אנטשפרעכט ניט קיין שום אידישען באגריף; אז עס שטימען אויך ניט מיט'ן אידישען גייסט די צוויי פארזאמ־לונגען, וואס גאט האט אפגעהאלטען מיט די אזוי גערופענע ז י ן פ ו ן ג א ט, ווי אויך די פאמיליארע באציהונג פון דעם שטן צו דעם אלמעכטיגען, ווי דאס ווערט אין דעמזעלבינען בוך גע־שילדערט.

עס איז אויך לייכט צו זעהן, אז דאס בוך איז געשאפען גע־ווארען פון א מענשען, וואס איז געוועזן געניט אין וויסענשאפט; אבער די אידען פון אמאל זיינען געוועזן גאנץ אומוויסענדיג. מען באגעגענט דא זעהר אפט אנדייטונגען אויף ענינים פון דער נא־טור־וויסענשאפט, וואס דאס קאן באין אופן ניט געזאגט ווערען וועגען אנדערע העברייאישע ביכער. די אסטראנאמישע נעמען פ ל ע י א ד ע ן, א ר י א ן און א ר ק ט ו ר ו ס זיינען גריכישע און ניט העברייאישע נעמען; און עס זעהט ניט אויס פון קיין זאך, וואס מען קאן געפינען אין דער ביבעל, אז די אידען זאלען האבען א ידיעה אין אסטראנאמיע, אדער אז זיי זאלען זי שטודי־רען; זיי האבען ניט געקאנט איבערזעצען די דאזיגע נעמען אין זייער אייגענער שפראך און האבען זיי אנגענומען אזוי, ווי זיי זיי־נען אין דער פאעמע*).

*) דאס איז ניט אמת. טאמאס פעין האט דעם אריגינאל פון תנ"ך ניט ג[illegible]ויקנט און האט דעריבער מיט זיין השערה איבער די נעמען פון די הימעל־קערפער, וואס ער זאגט זי דא אגב ארויס, ווי א גאנץ זיכערע זאך, געטראפען טאקע מיט'ן פינגער אין הימעל אריין. די ווערטער אין העברעאיש זיינען גאנץ אנדערש פון די גריכישע (זעה א י ו ב, קאפ. 38, פסוקים 31 און 32). — זאל דא ביי דער געלעגענהייט באַ־מערקט ווערען איינמאל פאר אלע מאל, אז די אלע באטראכטונגען איבער דער ביבעל און די אויספירען, וואס טאמאס פעין דערלויבט זיך דא צו

עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אז די אידען האָבען איבער־געזעצט אין העברייאיש די ליטעראַרישע ווערק פון ניט־אידען און זיי צונויפגעמישט מיט זייערע אייגענע; דאָס 31־טע קאַפּיטעל פון מ ש ל י איז אַ באווייז דערפון; עס ווערט דאָרט געזאָגט אַזוי (פּסוק 1): „די ווערטער פון מלך למואל, די נבואה, וואָס זיין מוטער האָט איהם געלערנט“. דער דאָזיגער פּסוק איז, ווי אַן אַריינפיר צו די שפּריכווערטער, וואָס פאָלגען נאָך איהם, און זיינען למואל'ס און ניט שלמה'ס שפּריכווערטער; און דער דאָזיגער למואל איז ניט געווען קיין קעניג פון ישראל אָדער פון יהודה, נאָר פון עפּיס אַן אַנ־דער לאַנד, און איז ממילא ניט געווען קיין איד. די אידען האָבען פונדעסטוועגען אַנגענומען זיינע שפּריכווערטער.

אַזוי ווי די אידען קאָנען ניט אַנווייזען, ווער עס איז געווען דער פאַרפאַסער פון א י ו ב און פון וואַנען דאָס דאָזיגע בוך האָט זיך צו זיי גענומען, און אַזוי ווי עס אונטערשיידט זיך מיט זיין כאַראַקטער פון אַלע אַנדערע העברייאישע שריפטען און איז מיט קיין זאַך ניט פאַרבונדען מיט וואָסער־עס־איז אַנדער בוך אָדער קאַפּיטעל פון דער ביבעל, איז עס גאַנץ קלאָר, אַז עס איז לכתחילה געווען אַ ניט־אידיש בוך*).

---

מאַכען, ליידען בכלל פון א שטאַרקען דילעטאַנטיזם, שוין אָפּגערעדט פון זייער טאָן. דער ענין איז פיל טיפער, ווי טאָמאַס פּעין האָט איהם אויפ־געפּאַסט. — איבערז.

*) די תּפלה, וואָס איז באַוואוּסט אונטער'ן נאָמען אָ ג ו ר 'ס ת פ ל ה, אין דעם 30־טען קאַפּיטעל פון מ ש ל י (אַזוי ווערט דאָס דאָזיגע קאַפּיטעל באַטיטעלט אין די קריסטליכע איבערזעצונגען פון דער ביבעל. — איבערז.), איין קאַפּיטעל פאַר למואל'ס שפּריכווערטער, איז די איינציגע פאַרנינפטיגע, פיין־אויפגעפאַסטע און שען־אויסגעדריקטע תּפלה, וואָס געפינט זיך אין דער ביבעל, און עס ווייזט אויס, אַז זי איז איבערגענומען געוואָרען פון אַן אַנדער פאָלק. דער נאָמען אגור ווערט, אויסער ווי אין דעם דאָזיגען פאַל, מעהר ניט דערמאָנט; און ער ווערט אַרויסגעפירט, אינאיינעם מיט דער תּפלה, וואָס ווערט איהם צוגעשריבען, אויף דעמזעלביגען אופן און כמעט מיט דיזעלביגע ווערטער, ווי למואל און זיינע שפּריכווערטער ווערען אַרויסגעפירט אין דעם צווייטען קאַ־פּיטעל. דער ערשטער פּסוק פון דעם 30־טען קאַפּיטעל לייענט זיך אַזוי: „די ווערטער פון אגור, דעם זון פון יקה, די נבואה“. דאָס וואָרט נבואה ווערט דאָ, אַזוי ווי אין דעם פאָלגענדיגען קאַפּיטעל פון למואל, באַנוצט אָן יעדער שייכות צו וואָסער־עס־איז פאָראויסזאָגונג. די תּפלה פון אגור

די צוזאַמענשטעלער פון דער ביבעל און די, וואָס האָבען אויס־געאַרבייט איהר כראָנאָלאָגיע, האָבען, ווייזט אויס, ניט געוואוסט, וואָס צו טון מיט'ן ספר איוב און וואוהין זיי זאָלען איהם אַוועקשטעלען; עס געפינט זיך ניט אין דעם דאָזיגען בוך קיין שום היסטאָרישע אנדייטונג, וואָס זאָל קאָנען באַשטימען זיין פּלאַץ אין דער ביבעל. אַזוי ווי עס האָט אבער ניט געפּאַסט פאַר די דאָזיגע לייט צו מודה זיין זיך אין זייער אומוויסענקייט, האָבען זיי צוגעשטעלט צום בוך די כראָנאָלאָגישע דאַטע פון 1520 יאָר פאַר קריסטוס'ן, ד. ה. צו דער צייט, ווען די אידען זיינען געוועזן אין מצרים; און מען קאָן זיי אין דעם פּונקט אַזוי גלויבען, ווי ווען מען וואָלט מיר געקאָנט גלויבען, ווען איך וואָלט געזאָגט, אז דאָס בוך איז פאַרפאַסט געוואָרען מיט טויזענט יאָר פאַר דער דאָזיגער צייט. מען דאַרף פונדעסטוועגען אָננעמען, אז עס איז עלטער פון יעדען אַנדערען בוך אין דער ביבעל; און עס איז דאָס איינציגע בוך, וואָס מען קאָן לייענען אָן פאַרדרוס און עקעל.

מיר ווייסען נישט, וואָס אַזוינס די אַזוי־גערופענע געצענדינערישע וועלט האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך פאַר דער צייט פון די אידען; די לעצטע האָבען געוויינטליך פאַרלוימדט אַלע אנדערע פעלקער און ארויסגעשטעלט זייער כאַראַקטער אין א טונקעלען ליכט; און נאָר פון די אידישע דערציילונגען האָבען מיר זיך עס אויסגעלערנט אָנצורופען זיי געצענדינער. אָבער ווי ווייט מיר ווייסען, זיינען זיי, פאַרקערט, געווען יושר'דיגע און מאָראַלישע מענשען און ניט איבערגעגעבען, ווי די אידען, צו אכזריות און נקמה. מיר זיינען ניט באַקענט געגנוי מיט זייער גלויבען, אבער עס זעהט אויס, אז זיי פלעגען דאָס גוטע און דאָס שלעכטע פערזאָניפיצירען

לייענט זיך אין דעם 8־טען און 9־טען פסוק אַזוי: „דערווייטער פון מיר פאַלשקייט און ליגען; גיב מיר ניט קיין אָרימקייט און ניט קיין רייכקייט, נאָר שפּייז מיך מיט מיין ברויט, וואָס איז גוט פאַר מיר. וואָרים טאָמער וועל איך צו זאַט ווערען און דיך פאַרלייקענען, און איך וועל זאָגען: ווער איז דער גאָט? אָדער טאָמער וועל איך פאַראָרימט ווערען און איך וועל גנב'נען, און איך וועל פאַרלעצען דעם נאָמען פון מיין גאָט". די דאָזיגע תפלה זעהט ניט אויס צו זיין א אידישע תפלת, ווייל די אידען פלעגען בעטען גאָט נאָר אין אַן עת צרה, און אַלע מאָל נאָר אויף א נצחון, אויף נקמה און אויף רייכקייט.

דורך סטאַטועז און בילדער, ווי דאָס ווערט אין אונזער צייט געטון פון דער סקולפּטור און דער מאַלעריי; עס איז אָבער דערפון נאָך ניט געדרונגען, אז זיי האָבען פארנעטערט די סטאַטועז און די בילדער מעהר, ווי מיר טוען דאָס איצט.

איך גיי איבער צום ת ה ל י ם, איבער וועלכען עס איז ניט נויטיג פיל צו רעדען. איינינגע קאַפּיטלען זיינען מאָראַליש און אַנדערע — פול מיט נקמה־געפילען; און דער גרעסטער טייל פון בוך באַציהט זיך צו געוויסע אָרטיגע אומשטענדען פון דעם אי־דישען פאָלק אין דער צייט, ווען דאָס איז געשריבען געוואָרען, און מיר האָבען מיט דעם גאָרנישט וואָס צו טון. עס איז א טעות צו־צושרייבען דעם גאַנצען בוך צו דוד'ן. עס איז אַ זאַמלונג, פאַר־פאַסט פון פארשיידענע דיכטער, וואָס האָבען געלעבט אין פאַר־שיידענע צייטען. דאָס 137־טע קאַפּיטעל האָט ניט געקאָנט אָנ־געשריבען ווערען פריהער, ווי מיט איבער 400 יאָר נאָך דוד'ס טויט, ווייל עס איז אָנגעשריבען געוואָרען צום אָנדענק פון א גע־שעהניש, וואָס איז פארגעקומען ערשט אין יענער צייט — צום אָנדענק פון גלות בבל. „ב י י ד י ט י י כ ען פ ו ן ב ב ל — ד אָ ר ט ז י י נ ע ן מ י ר ג ע ז ע ס ע ן א ו ן ה אָ ב ע ן ג ע װ ו י י נ ט, ד ע ר מ אָ נ ע נ ד י ג ז י ך אָ ן צ י ו ן. א ו י ף ד י װ ע ר ב ע ס ה אָ ב ע ן מ י ר א ו י פ ג ע־ה א נ ג ע ן א ו נ ז ע ר ע ה אַ ר פ ע ן. װ אָ ר י ם ד אָ ר־ט ע ן ה אָ ב ע ן א ו נ ז ע ר ע פ אַ נ ג ע ר פ אַ ר ל אַ נ ג ט פ ו ן א ו נ ז, מ י ר ז אָ ל ע ן ז י י ז י נ ג ע ן, א ו ן א ו נ ז ע ר ע אַ פּ ש פּ ע ט ע ר — מ י ר ז אָ ל ע ן ז י י פ ר י י ל י ך מ אַ כ ע ן. „ז י נ ג ט א ו נ ז ד י ל י ד ע ר פ ו ן צ י ו ן!“

איך האָב געבראַכט די דאָזיגע שטעל נאָר כדי צו ווייזען נאָך איין מאָל, ווי ווייט מיר לעבען אין טעות בנוגע צו די פאַרפאַסער פון דער ביבעל. די צוזאַמענשטעלער פון דער ביבעל האָבען זיך גאָרנישט גערעכענט מיט דער צייט, פלאַץ און אומשטענדען און האָבען צו איינינגע ביכער צוגעשטעלט נעמען פון פערזאָנען, וואָס

האבען פונקט אזוי ניט געקאנט זיי אנשרייבען, ווי עס איז אומ־מעגליך פאר א מענשען נאכצוגיין נאך זיין אייגענער לויה.

דאס בוך משלי. דאס דאזיגע בוך, פונקט ווי תהלים, שטעלט אויך פאר מיט זיך א זאמלונג, וואס איהרע שרייבער גע־הערען ניט צום אידישען פאלק, ווי איך האב דאס געוויזען אין מיין באמערקונג איבער'ן בוך איוב; איינינע משלים, וואס ווערען צוגעשריבען צו שלמה'ן, האבען ניט געקאנט ערשיינען פריי־הער, ווי מיט צוויי הונדערט און פופציג יאר נאך שלמה'ס טויט; ווייל עס ווערט געזאגט אין קאפ. 25, פסוק 1: „אויך דאס זיינען שלמה'ס משלים, וואס די לייט פון חזקיהו, דעם קיניג פון יהודה, האבען איבערגעזעצט". פון שלמה'ן ביז חזקיהו'ן איז א משך פון צוויי הונדערט און פופציג יאר. ווען א מענש איז באַ־רימט, שרייבט מען איהם צו זאכען, וואס ער האט גאר קיינמאל ניט געזאגט אדער געטון, און דאס איז העכסט־ווארשיינליך אויך פארגעקומען מיט שלמה'ן. עס ווייזט אויס, אז אין יענער צייט איז עס געווען אין דער מאדע צו פארפאסען שפריכווערטער, ווי עס איז היינט אין דער מאדע צוזאמענצושטעלען זאמלונגען פון אנעקדאטען און זיי צושרייבען צו מענשען, וואס האבען פון זיי נארנישט געהערט.

דאס בוך קהלת ווערט אויך צוגעשריבען צו שלמה'ן, אבער שוין מיט מעהר רעכט, אויב ניט אינגאנצען ריכטיג. דאס זיינען אומעטיגע געדאנקען פון א מענשען, וואס איז מיד געווארען פון זיין אויסגעלאסענעם לעבען, ווי דאס איז פארגעקומען מיט שלמה'ן, און, קוקענדיג צוריק אויף די סצענעס, וואס ער קאן פון זיי מעהר ניט הנאה האבען, רופט ער אויס: „הכל הבל!" א גרויסער טייל פון די מעטאפארען און געפילען זיינען ניט קלאר, העכסט־ווארשיינליך דורך דער איבערזעצונג; עס איז אבער נאך פארבליבען גענוג צו ווייזען די שטארקע אויסדרוקס־קראפט, וואס דאס בוך מוז האבען אין אריגינאל. לויט דעם, וואס עס ווערט אונז דערציילט פון שלמה'ס כאראקטער, איז ער געווען קלוג, אמ־ביציעז, צעלאזען, און איז צום סוף פון זיין לעבען אריינגעפאלען

אין מרה שחורה. ער האט געלעבט א שטורעמדיג לעבען און איז, א מידער פון דער וועלט, געשטארבען אין עלטער פון אכט־און־פופ־ציג יאר.

זיבען הונדערט ווייבער און דריי הונדערט קעבסווייבער קאנען אפשר ברייננגען מיט זיך אן אילוזיע פון גרויסער פרייד, אבער אין דער אמת'ען מוז דאס צעשטערען דאס גליק פון ליבע, ווייל עס לאזט נים איבער פאר'ן געפיל קיין באשטימטען פונקט, וואס עס זאל זיך אויף איהם קאנען קאנצענטרירען. אזוי איז טאקע געווען דער פאל מיט שלמה'ן. און אויב ער האט מיט אלע זיינע פרעטענ־ציעס אויף חכמה ניט געקאנט דאס וויסען פאראויס, איז ער ווערט געווען די אלע יסורי הנפש, וואס ער האט שפעטער געליטען. פון דעם דאזיגען שטאנדפונקט איז זיין פרעדיגען גאנץ איבעריג, ווייל כדי צו פארשטיין די רעזולטאטען, איז מעהר נים נויטיג, ווי נאר צו וויסען די אורזאך. אנשטאט צו געבען אונז דעם בוך, וואלט גע־נוג געווען צו לאזען אונז וויסען וועגען זיינע זיבען הונדערט ווייבער און דריי הונדערט קעבסווייבער. עס איז נאך דעם געווען גאנץ איבעריג צו זאגען „הכל הבל ורעות רוח". ווייל עס איז דאך אוממעגליך צו זוכען גליק אין דער געזעלשאפט פון די, וואס מיר בארויבען זיי פון זייער גליק.

כדי צו זיין גליקליך אויף דער עלטער, איז נויטיג, אז מיר זאלען זיך צוגעוואוינען צו זאכען, וואס קאנען אונז באלייטען אויף אונזער גאנצען לעבענס־וועג, און באטראכטען אלע איבעריגע זא־כען פאר גוט אין זייער צייט. דער מענש, וואס זוכט ניט אין לע־בען קיין אנדער זאך, ווי נאר פארגעניגענס, איז אויף דער עלטער אן אומגליקליך באשעפעניש; דערפאר אבער איז די נאטור־וויסענ־שאפט, די מאטעמאטישע און מעכאנישע וויסענשאפט, אן אומ־אויסשעפליכער קוואל פון רוהיגען פארגעניגען; אין שטודירען די דאזיגע זאכען, און ניט אין אבערגלויבענס אדער אין די שווערע דאגמען פון די פריסטער, באשטייט די אמת'ע טעאלאגיע; זי לערנט אונז צו קענען און צו באוואונדערען דעם באשעפער, ווייל די פרינציפען פון דער וויסענשאפט זיינען אין דער באשאפונג און,

ווי די לעצטע, זיינען זיי אויך אומפּאַרענדערליך און פון א געטלי־כען מקור.

די, וואָס האָבען געקענט בענדזשאַמין פראנקלין, וועלען זיך דערמאָנען, אז זיין גייסט איז שטענדיג יונג געווען און זיין געמיט — שטענדיג לוסטיג; די וויסענשאַפט, וואָס ווערט קיינמאָל ניט אַלט, איז שטענדיג געווען זיין האַרצענס־געליבטע. עס האָט איהם קיינמאָל ניט אויסגעפּעלט קיין זאַך, וואָס זאָל פאַרנעמען זיין אינ־טערעס, ווייל ווען דאָס טרעפט מיט אונז, ווערען מיר, ווי אַן אינ־וואַליד, וואָס וואַרט אין שפּיטאָל אויף זיין טויט.

שלמה'ס געזאַנגען זיינען גאַנץ צערטליך און שטיפעריש, אָבער דער פאַלשער פאַנאַטיזם האָט זיך פונדעסטוועגען ניט אָפּגעשטעלט אויף זיי אָנצורופען ג ע ט ל י ך. די ביבעל־צוזאַמענשטעלער האָבען אַוועקגעשטעלט ש י ר ה ש י ר י ם נאָך ק ה ל ת, און די כראָנאָלאָגיסטען האָבען צוגעגעבען צו ש י ר ה ש י ר י ם די דאַטע פון 1014 יאָר פאַר קריסטוס'ן, וואָס אין יענער צייט איז שלמה, לויט דער זעלביגער כראָנאָלאָגיע, אַלט געווען ניינצען יאָר און האָט דעמאָלט צוזאַמענגעשטעלט זיין האַרעם פון ווייבער און קעבס־ווייבער. די ביבעל־צוזאַמענשטעלער און די כראָנאָלאָגיסטען וואָלטען באַדאַרפט אביסעל בעסער איינאָרדענען דעם מאַטעריאַל: זיי וואָלטען באַדאַרפט אָדער גאַרנישט זאָגען וועגען דער צייט, אָדער אויסקלייבען אַזאַ צייט, וואָס וואָלט זיך בעסער געפּאַסט צו דער כלומר'שטיגער הייליגקייט פון די דאָזיגע געזאַנגען, ווייל שלמה האָט זיך דאַן געפונען אויפ'ן סאַמע שפּיץ פון זיין טויזענדפאַכער אויסגעלאַסענקייט.

זיי וואָלטען אויך באַדאַרפט פאַרשטיין, אז שרייבענדיג, אויב ער האָט עס נאָר געטהון, דעם בוך ק ה ל ת א לאַנגע צייט נאָך ש י ר ה ש י ר י ם, האָט ער אין זיין אויסגעשריי ה כ ל ה ב ל ו ר ע ו ת ר ו ח אויך איינגעשלאָסען די דאָזיגע גע־זאַנגען. און דאָס איז נאָך זיכערער, ווייל ער אַליין, אָדער אימי־צער אַנדערש זאָגט פאַר איהם (קהלת, קאַפּיטעל 2, פּסוק 8): „ע ש י ת י ל י ש ר י ם ו ש ר ו ת; והנה (פּסוק 11) הכל הבל ורעות רוח“. אבער די צוזאַמענשטעלער האָבען געטהון זייער

ארבייט נאר אויף העלפט. ווייל אויב זיי האבען אונז געגעבען די שירים, האבען זיי שוין אונז אויך באדארפט געבען די מעלא־דיעס, אז מיר זאלען זיי קאנען זינגען.

די ביכער, וואס ווערען אנגערופען ס פ ר י ה נ ב י א י ם, פילען אויס דעם איבעריגען טייל פון דער ביבעל; זיי זיינען זעכ־צען אין צאל, אנהויבענדיג פון ישעיהו'ן און אויסלאזענדיג מיט מלאכי'ן, וואס זייער רשימה האב איך דא געגעבען פריהער, ווען איך האב גערעדט וועגען ד ב ר י ה י מ י ם. פון די דאזיגע זעכצען נביאים, וואס האבען אלע, אויסער די לעצטע דריי (חגי, זכריה און מלאכי), געלעבט אין דער צייט, ווען עס זיינען געשריבען געווארען די ביכער מ ל כ י ם און ד ב ר י ה י מ י ם, ווע־רען אין דעם געשיכטליכען טייל פון די דאזיגע ביכער דערמאנט נאר צוויי — י ש ע י ה ו און י ר מ י ה ו. איך וועל אנהויבען מיט אט־די צוויי, איבערלאזענדיג, וואס איך האב צו זאגען וועגען דעם אלגעמיינעם כאראקטער פון די אזוי־גערופענע נביאים, פאר אן אנדער פלאץ פון דעם דאזיגען בוך.

ווער עס וועט זיך נאר נעמען די מיה צו לייענען דאס בוך, וואס ווערט צוגעשריבען צו ישעיהו'ן, וועט געפינען, אז דאס איז איינע פון די ווילדסטע און אומגעלומפערטסטע פארפאסונגען, וואס זיינען ווען־עס־איז צוזאמענגעשטעלט געווארען; עס האט ניט קיין אנהויב, ניט קיין מיטען און ניט קיין סוף און איז, מיט דער אויס־נאם פון א קורצען היסטארישען טייל און איינינגע היסטארישע סקי־צען אין א פאר פון די ערשטע קאפיטלען, אן אויסגוס פון הויך־מליצה'דיגע פראזען, וואס האבען ניט צווישען זיך קיין שום צו־זאמענהאנג. אזוי זעהט עס יעדענפאלס אויס אין דער איבער־זעצונג.

דער היסטארישער טייל הויבט זיך אן ביים 36־טען קאפי־טעל און ציהט זיך ביז'ן סוף פונ'ם 39־טען קאפיטעל. ער באַ־ציהט זיך צו זאכען, וואס זאלען האבען פאסירט אין דער צייט פון חזקיהו, דעם קעניג פון יהודה, וואס דאס איז אויך געווען די צייט, ווען ישעיהו האט געלעבט.

דער דאזיגער היסטארישער פראגמענט הויבט זיך אן און ענ־

דיגט זיך גאַנץ אַפּגעריסען; ער האָט ניט די מינדסטע פֿאַרבינדונג ניט מיט'ן קאַפּיטעל, וואָס פֿאַר איהם, ניט מיט'ן קאַפּיטעל, וואָס פֿאָלגט נאָך איהם, און ניט מיט וואָסער־עס־איז אַנדער טייל פֿון בוך. עס ווייזט אויס, אַז דעם דאָזיגען פֿראַגמענט האָט ישעיהו אַליין אַנגעשריבען, ווייל ער האָט זיך אַליין באַטייליגט אין די גע־שעהענישען, וועגען וועלכע עס ווערט דאָ דערציילט; אַבער אַ חוץ דעם דאָזיגען טייל, זיינען אין דעם גאַנצען בוך קוים פֿאַראַן צוויי קאַפּיטלען, וואָס זאָלען האָבען עפּיס אַ פֿאַרבינדונג איינס מיט'ן אַנדערען; איין קאַפּיטעל ווערט באַטיטעלט אין אַנהויב פֿון דעם ערשטען פּסוק: „משא בבל"; אַ אַנדער קאַפּיטעל: משא מואב"; אַן אַנדערס: „משא דמשק"; נאָך אַן אַנדערס: „משא מצרים"; נאָך אַן אַנדערס: „משא מדבר־ים"; און נאָך איינס: „משא גיא חזיון*) — ווי איהר וואָלט, אַשטייגער, געזאָגט: „די מעשה מיט'ן ריטער פֿון דעם ברענענדיגען באַרג" אָדער „די קינדער אין וואַלד", און אַזוי ווייטער און ווייטער.

איך האָב שוין געוויזען דורכ'ן ביישפּיל פֿון די לעצטע צוויי פּסוקים פֿון ד ב ר י ה י מ י ם און די ערשטע דריי פּסוקים פֿון ע ז ר א, אַז די צוזאַמענשטעלער פֿון דער ביבעל האָבען צו־נויפֿגעמישט איינע מיט די אַנדערע די שריפֿטען פֿון פֿאַרשיידענע פֿאַרפֿאַסער, וואָס דאָס אַליין, ווען קיין אַנדער באַווייז וואָלט ניט געווען, וואָלט גענוג געווען צו צעשטערען די עכטקייט פֿון יעדער קאָמפּילאַציע, ווייל דאָס ווייזט זעהר קלאָר, אַז די צוזאַמענשטעל־לער אַליין האָבען ניט געוואוסט, ווער עס זיינען געווען די פֿאַר־פֿאַסער. אַ זעהר קלאָרער באַווייז דערפֿון געפֿינט זיך איז דעם בוך. וואָס ווערט צוגעשריבען צו ישעיה'ן; דער סוף פֿון דעם 44־טען קאַפּיטעל און דער אַנהויב פֿון דעם 45־טען האָבען געקאָנט אַנגע־שריבען ווערען נאָר פֿון אַ מענשען, וואָס האָט געלעבט וועניגס־טענס מיט הונדערט און פֿופֿציג יאָר נאָך ישעיה'ס טויט.

די דאָזיגע קאַפּיטלען זיינען אַ לויב צו כורש'ן, וואָס האָט דער־לויבט די אידען אומצוקערען זיך פֿון גלות בבל קיין ירושלים, ווי־

*) זעה דעם אָנהויב פֿון קאַפּיטלען 13, 15, 17, 19, 21 און 22.

דער אויפצובויען די שטאט און דעם בית המקדש, ווי דאס ווערט דערציילט אין עזרא. דער לעצטער פסוק פון דעם 44־טען קאַ־פיטעל און דער אנהויב פון דעם 45־טען לייענען זיך אזוי: „דער, וואס זאגט וועגן כורש: ער איז מיין הירט, ער וועט פולקאמען מאכען אלץ, וואס איך באגער, און ער וועט זאגען צו ירושלים, דו זאלסט ווידער אויפגעבויט ווערען, און צו דעם היכל, דו זאלסט ווידער געגרונטפעסטיגט ווערען. אזוי זאגט גאט צו זיין געזאלבטען, צו כורש'ן, וואס איך דערהאלט איהם מיט מיין רעכ־טער האנט, כדי פעלקער פאר איהם אונ־טערטעניג צו מאכען, און איך וועל אויפ־מאכען די לענדען פון מלכים, און איך וועל פאר איהם אויפמאכען די טירען, און די טויערען זאלען ניט פארשלאסען ווערען; איך וועל פאר דיר גיין, און איך וועל דאס קרומע גראד מאכען, איך וועל אויף שטיקער צעברעכען די קופער־נע טויערען און די אייזערנע ריגלען וועל איך צעהאקען" און א. וו.

ווי גרויס עס מוז זיין די אומפארשעמטקייט פון דער קירך און די אומוויסענקייט פון די פריסטער צו קאנען ארויפצווינגען אויף דער וועלט דאס דאזיגע בוך, ווי די שריפטען פון ישעיה, בעת דער לעצטער איז, לויט זייער אייגענער כראנאלאגיע, געשטארבען באלד נאך חזקיהו'ן, ד. ה. ארום 698 יאר פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג, און בעת כורש'עס דעקרעט, וואס האט דערלויבט די אידען אומצוקערען זיך צוריק קיין ירושלים, איז, לויט דערזעלבי־גער כראנאלאגיע, ארויסגעגעבען געווארען מיט 536 יאר פאר קריס־טוס'ן, וואס דאס הייסט, אז צווישען די צוויי געשעהענישען איז געווען א משך פון 162 יאר. איך שטעל זיך פאר, אז די קאמפי־לאטארס פון דער ביבעל האבען ניט פארפאסט אליין די דאזיגע

ביכער, נאר צונויפגעקליבען איינציגע אנאנימע ווערק און זיי צו־זאמענגעשטעלט אינאיינעם אונטער די נעמען פון אזוינע פארפא־סער, וועם עס האט געפאסט צום בעסטען. זיי האבען אזוי ארום געהאלפען פארשפרייטען איבער דער וועלט דעם דאזיגען ליגען, וואס דאס איז כמעט דאסזעלביגע, ווי זיי וואלטען איהם אליין אויס־געטראכט, ווייל עס איז דאך ניט מעגליך, אז זיי זאלען איהם ניט האבען באמערקט.

ווען מיר זעהען, ווי די צוזאמענשטעלער פון די „הייליגע שריפ־טען" האבען אנגעווענדט זייער גאנצע חריפות צו ווייזען דורך יע־דען טייל פון דעם דאזיגען פאנטאסטישען בוך די מאנסטרועזע השגה פון א זון פון גאט, וואס א יונגפרוי האט געבוירען דורך א נייכט, איז גאר נישטא אויף דער וועלט אזא ליגען, וואס מיר זא־לען ניט זיין בארעכטיגט זיי צו פארדעכטיגען אין איהם. יעדע פראזע און יעדע געשעהעניש טראגט אויף זיך סמנים פון א באר־בארישער האנט, וואס האט מיט געוואלט ארויפגעצוואונגען אויף זיי א ניט־מעגליכען זין. יעדעס קאפיטעל און יעדעס בלעטעל זיינען באצירט מיט איבערשריפטען פון די נעמען פון קריסטוס'ן און פון דער קירך, אזוי אז דער לייכטגלויביגער לעזער זאל איינגענארט ווערען אין דעם טעות נאך איידער ער הויבט אן צו לייענען.

די ווערטער פון ישעיה (קאפ. 7, פסוק 14) „ז ע ה, ד י י ו נ ג פ ר ו י ו ו ע ט ט ר א ג ע ד י ג ו ו ע ר ע ן א ו ן ג ע ו ו י נ ע ן א ז ו ן" זיינען אויסגעטייטשט געווארען אזוי, אז דער נביא האט אונטער זיי געמיינט ישו הנוצרי און זיין מוטער מרים; די דאזינע ווערטער האבען איבער טויזענט יאר אפגעקלונ־גען אין דער קריסטליכער וועלט און אויפגעהויבען אזא שטורעם, אז עס איז נישטא גאר קיין פלאץ אויף דער ערד, וואוהין דער שטורעם האט נאר דערגרייכט, וואס זאל ניט זיין באפלעקט מיט בלוט.

כאטש מיין אפזיכט איז ניט אריינצולאזען זיך אין אזעלכע מיני ויכוחים, נאר צו ווייזען, אז די ביבעל איז געפעלשט און אוועק־צירוימען דעם פונדאמענט, וואס אויף איהם האלט זיך דער גאנצער בנין פון אבערגלויבענס, וועל איך פונדעסטוועגען זיך דא אפשטע־

לען, כדי צו ווייזען, ווי פאלש דער דאזיגער פסוק ווערט אויסגעטייטשט.

אויב ישעיה האט געוואלט מאכען שפאס פון אחז'ן, דעם קיניג פון יהודה, צו ווענען די דאזיגע ווערטער זיינען געווענדט, איז מיר ניט נוגע; איך וויל נאר ווייזען די ניטריכטיגע אויסטייטשונג פון דעם פסוק און אז ער באציהט זיך צו קריסטוס'ן און צו זיין מוטער ניט מער, ווי עס באציהט זיך צו מיר און צו מיין מוטער.

די געשיכטע איז אזא: דער מלך פון סיריע און דער מלך פון ישראל (איך האב שוין דערמאנט אין אן אנדער פלאץ, אז די אידען האבען זיך צעטבאלטען אויף צוויי פעלקער, וואס איינס פון זיי האט זיך גערופען יהודה און געהאט ירושלים פאר דער הויפטשטאט, און דאס צווייטע — ישראל) זיינען צוזאמען געגאנגען מלחמה האלטען מיט אחז'ן, דעם מלך פון יהודה, און האבען געצויגען זייערע חילות אויף ירושלים. אויף אחז'ן און זיין פאלק איז אנגעפאלען א פחד און עס ווערט אין ישעיה (קאפיטעל 7, פסוק 2) געזאגט וועגען דעם אזוי: „און זיין הארץ און דאס הארץ פון פאלק האבען געציטערט, ווי די ביימער אין וואלד פון ווינט“.

ביי אזוינע אומשטענדען ווענדט זיך ישעיה צו אחז'ן און פארזיכערט איהם אין דעם נאמען פון גאט, אז די דאזיגע צוויי מלכים וועלען ניט האבען די איבערהאנט איבער איהם; און כדי צו איבערצייגען אחז'ן, אז אזוי וועט עס זיין, הייסט ער איהם פארלאנגען א צייכען. אחז, ווערט ווייטער דערציילט, האט זיך דערפון אפגעזאגט, דערקלערענדיג, אז ער וויל ניט ברייגנען גאט צו א פרואוו; אויף דעם האט ישעיה געענטפערט (פסוק 14): „דערום וועט אייך גאט אליין געבען א צייכען. — זעה, די יונגפרוי וועט טראגעדיג ווערען און זי וועט געווינען א זון“; און דער 16־טער פסוק זאגט ווייטער אזוי: וואריס איידער נאך דאס קינד וועט פארשטיין צו פארוואַרפען דאס שלעכטע און אויסצוקלייבען דאס גוטע, וועט דאס לאנד (מיינענדיג דערמיט

סיריע און מלכות־ישראל), וואָס דו האָסט, זייַן פאַרלאָזען פון זיינע צוויי מלכים". אַט־דאָ האָט איהר דעם צייכען און אויך די באַ־שרענקטע צייט, ווען דער צוזאַג האָט באַדאַרפט דערפילט ווערען,— „איידער דאָס קינד וועט פאַרשטיין צו פאַרוואַרפען דאָס שלעכטע און אויסצוקלייבען דאָס גוטע".

אוועק אַזוי ווייט, האָט ישעיה שוין געמוזט אננעמען ווייטע־רע מיטלען צו באַווייזען דעם צייכען, כדי מען זאָל איהם נישט קאָ־נען באַטראַכטען פאַר אַ פאַלשען נביא, וואָס דאָס וואָלט איהם קיין גוטס ניט געבראַכט. עס איז אודאי קיינמאָל ניט שווער צו גע־פינען אַ מיידעל מיט אַ קינד, אָדער צו לאָזען אַ מיידעל האָבען אַ קינד, און אפשר האָט ישעיה געוואוסט פון אַזאַ איינער נאָך פון פריהער; ווייל איך גלויב ניט, אַז מען האָט די נביאים פון יענער צייט געקאָנט פאַרטרויען מער, ווי די פריסטער פון אונזער צייט. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, זאָגט ישעיה אין דעם צווייטען קאַ־פיטעל, פסוק 2: „און איך האָב מיר גענומען באַגלויבטע עדות, דעם כהן אוריה און זכריהו, דעם זון פון יברכיהו, און **איך האָב מיך גענענט צו דער נביאה, און זי איז טראָגענדיג געוואָרען און האָט געוואונען אַ זון**".

אַט־דאָס איז די גאַנצע מעשה מיט'ן קינד און מיט דער יונג־פרוי; און אויך דער דאָזיגער נאַרישער מעשה, וואָס די אומ־פאַרשעמטקייט און די נידעריגע אינטערעסען פון די פריסטער פון די שפּעטערע צייטען האָבען זי גאַנץ אָפען צעדרייט, איז עס אויפגעבויט געוואָרען די טעאָריע, וואָס זיי רופען זי „די הייליגע בשורה טובה"; די דאָזיגע מעשה, זאָגען זיי, איז אַן אָנקינדיגונג וועגען ישו הנוצרי, וועלכער זאָל האָבען געבוירען ווערען פון אַ יונג־פרוי דורך אַ הייליגען גייסט מיט 700 יאָר נאָך דעם, ווי אַט־די נאַרישע מעשה איז דערציילט געוואָרען. עס איז מיין טיפע איבער־צייגונג, אַז די דאָזיגע טעאָריע איז אַזוי פאַנטאַסטיש און פאַלש, ווי גאָט איז אמת'דיג*).

---

*) אין דעם 14־טען פסוק פון דעם 7־טען קאַפּיטעל ווערט געזאָגט, אַז מען זאָל דאָס קינד אַ נאָמען געבען עמנואל; אָבער דער דאָזיגער נאָ־

אבער כדי צו זעהן די פאלשקייט פון ישעיה'ן, דארפען מיר נאר דורכקוקען דעם סוף פון דער דאזיגער מעשה, וואס אין דעם ספר י ש ע י ה ווערט ער אגב פארשוויגען; מיר געפינען איהם אין דעם 28־טען קאפיטעל פון ד ב ר י ה י מ י ם ב, וואו עס ווערט דערציילט, אז אנשטאט די צוויי מלכים, וואס זיינען אנגע־פאלען אויף אחז'ן, דעם קעניג פון יהודה, זאלען, ווי ישעיה האט עס פאראויסגעזאגט אין דעם נאמען פון גאט, האבען א נידערלאגע, האבען זיי גאר געהאט א נצחון; אחז איז באזיגט און פארניכטעט געווארען, א הונדערט און צוואנציג טויזענט פון זיינע מענשען זיי־נען אויסגע'הרג'עט געווארען, ירושלים איז געווארען אויסראבירט און צוויי הונדערט טויזענט פרויען, זין און טעכטער זיינען אוועק־געפירט געווארען אין געפאנגענשאפט.

דערמיט ווילען מיר שליסען אונזערע באמערקונגען איבער דעם דאזיגען פאלשען נביא און איבער דעם בוך פון פאלשקייטען, וואס טראגט זיין נאמען, און ווילען איבערגיין צום בוך פון ירמיהו.

דער דאזיגער נביא האט געלעבט אין דער צייט, ווען נבוכדנאצר האט באלאגערט ירושלים, אין דער צייט פון צדקיהו, דעם לעצטען מלך פון יהודה. ער איז געווען אונטער א שטארקען פארדאכט, אז ער האט געדינט די אינטערעסען פון נבוכדנאצר'ן. אלץ, וואס באַ־ציהט זיך צו ירמיהו'ן ווייזט איהם, ווי א מענשען מיט א טאפעלטען כאראקטער; אין זיין משל מיט'ן טעפער און דעם ליים (קאפ. 18) דריקט ער זיך אויס אזוי פארזיכטיג, אז ער לאזט פאר זיך איבער אן אפען טירעל צו קאנען דורך דעם אנטלויפען, אין פאל די גע־שעהעניש וועט זיך ארויסווייזען צו זיין אנדערש, ווי ער האט זי פאראויסגעזאגט.

אין די פסוקים 7 און 8 פון דעם דאזיגען קאפיטעל לאזט ער דעם אלמעכטיגען זאגען אזוי: „אין איין רגע וועל איך רעדען וועגען א פאלק און וועגען א קיניגרייך, אז איך וועל עס אויסרייסען, צעשטערען און פארלענדען. אבער ווען דאס פאלק, וואס איך

מען איז ניט געגעבען קיינעם פון די קינדער. דאס קינד פון דער נביאת האט מען א נאמען געגעבען מ ה ר ־ ש ל ל ־ ח ז ־ ב ז, און מרים'ס קינד — ישוע (יעזוס).

האָב קענען איהם גערעדט, קערט זיך צוריק פון זיין שלעכטיגקייט, אַזוי האָב איך חרטה אויפ'ן בייז, וואָס איך האָב געטראַכט איהם צו טון". דאָס איז אַ באַוואָרעניש קעגען איין זייט פון דער אנגעלעגענהייט; און אָט איז די באַוואָרעניש קעגען דער צווייטער זייט.

פסוקים 9 און 10: „און איין אַן אַנדער רגע וועל איך רעדען וועגען אַ פאָלק און וועגען אַ קיניגרייך, אַז איך וועל עס אויפבויען און פלאַנצען. אָבער ווען עס טוט דאָס, וואָס עס איז שלעכט אין מיינע אויגען און געהאָרכט ניט מיין קול, אַזוי האָב איך חרטה אויפ'ן גוטען, וואָס איך האָב געטראַכט איהם צו טון". דאָס איז אַ באַוואָרעניש קעגען דער צווייטער זייט. לויט דעם דאָזיגען שטייגער פון נביאות־זאָגעריי, קאָן אַ נביא קיינמאָל ניט האָבען קיין טעות, ווי אומגעריכט דער אַלמעכטיגער זאָל ניט האַנדלען. דער דאָזיגער מין אַרויסדרייען זיך פון אַ ניט באַקוועמער לאַגע און דער דאָזיגער שטייגער צו רעדען וועגען דעם אַלמעכטיגען, ווי וועגען אַ מענשען, פאַסט זיך טאַקע נאָר פאַר דער נאַרישקייט פון דער ביבעל.

וואָס עס איז שייך דער עכטקייט פון דעם בוך, איז גענוג נאָר דורכצולייענען עס, כדי צו קומען צו אַ פּאָזיטיווען באַשלוס, אַז ירמיהו איז ניט זיין פאַרפאַסער, כאָטש אייניגע שטעלען האָבען אפשר געקאָנט אַרויסגעזאָגט ווערען פון איהם.

די היסטאָרישע טיילען פון דעם בוך, אויב זיי קאָנען נאָר אָנגערופען ווערען מיט דעם דאָזיגען נאָמען, געפינען זיך דאָרט אין אַ זעהר פאַרפּלאָנטערטען צושטאַנד; איין־און־דיזעלביגע געשעהענישען ווערען דאָרט עטליכע מאָל איבערגע'חזר'ט, און דאָס נאָך אויף אַ פאַרשיידענעם אופן, און אָפטמאָל אַפילו ווידערשפּרעכיג איינס צום צווייטען. און די דאָזיגע אומאָרדענונג מערקט זיך ביז'ן לעצטען קאַפּיטעל, וואו די געשיכטע, מיט וועלכער עס פאַרנעמט זיך דער גרעסטער טייל פון בוך, הויבט זיך אָן אויפסניי און ווערט פּלוצלינג אָפּגעהאַקט. דאָס דאָזיגע בוך זעהט אינגאַנצען אויס, ווי אַ געמיש פון מעשיות וועגען פערזאָנען און זאַכען פון יענער צייט, וואָס זיינען צוזאַמענגעקליבען געוואָרען אַזוי, ווי מען וואָלט דאָס געטון אין היינטיגער צייט, ווען מען וואָלט, אַ שטייגער, גענומען אַ ביני־

טעל צייטונגען, וואו עס געפינען זיך פארשיידענע ווידערשפרעכיגע מעשיות וועגען פערזאנען און זאכען, און זיי צוזאמענגעשטעלט אן דאטעם, אן ארדענונג און אן דערקלערונגען. איך וועל דא ברייגנען א פאר בייישפילען.

לויט עס ווערט דערציילט אין דעם 37־טען קאפיטעל, האט נבוכדנאצר׳ס ארמיי, וואס ווערט אנגערופען די ארמיי פון די כאל־דייער (חיל כשדים), באלאגערט א געוויסע צייט ירושלים; און ווען זיי האבען דערהערט, אז די ארמיי פון פרעה׳ן, דעם קיניג פון מצרים, גייט אויף זיי, האבען זיי אראפגענומען די באלאגערונג און האבען אויף א צייט זיך צוריקגעצויגען. כדי צו קאנען פארשטיין די דאזיגע פארפלאנטערטע געשיכטע, וועט דא זיין אם פלאין צו באמערקען, אז נבוכדנאצר האט באלאגערט און גענומען ירושלים אין דער צייט פון יהויקים, צדקיהו׳ס פארגייער; אז נבוכדנאצר האט עס געמאכט צדקיהו׳ן פאר א קיניג, אדער בעסער, פאר א וויצע־קיניג; און אז אט־די צווייטע באלאגערונג, וואס דאס בוך ירמיהו רעדט וועגען איהר, איז געשעהען צוליב צדקיהו׳ס מרידה קעגען נבוכדנאצר׳ן. דערמיט ווערט אין א געוויסער מאס דערקלערט דער חשד, וואס איז געפאלען אויף ירמיהו׳ן, אז ער איז געשטאנען אויף נבוכדנאצר׳ס צד (אין קאפ. 43, פסוק 10, רופט ירמיהו אן נבוכדנאצר׳ן „דער דינער פון גאט").

דער 11־טער פסוק פון דעם 37־טען קאפיטעל זאגט אזוי: „און עס האט געטראפען, ווען דאס חיל פון די כשדים איז אפגעטראטען פון ירושלים, פאר דעם חיל פון פרעה, אזוי איז ירמיהו ארויסגע־גאנגען פון ירושלים צו גיין אין דעם לאנד פון בנימן, כדי אפצו־טיילען זיך דארטען פון צווישען דעם פאלק, און ווען ער איז געווען אין דעם טויער פון בנימן, האט ער דארט געטראפען א הויפט פון דער וואך, וואס זיין נאמען איז געווען יראייה, דער זון פון שלמיה, דער זון פון חנניה, און ער האט אנגעכאפט דעם נביא ירמיהו, און האט צו איהם אזוי געזאגט: צו די כשדים ווילסטו איבערגיין? און ירמיהו האט געזאגט: עס איז פאלש, איך גיי ניט איבער צו די כשדים". ירמיהו איז, לויט דער דאזיגער דערציילונג, פארהאלטען

און אריינגעזעצט געוואָרען אין תפיסה אויף דער באַשולדיגונג פון פאַראַט.

אָבער אין דעם אַנדערען קאַפּיטעל ווערט געגעבען שוין גאָר אַ נייע געשיכטע וועגען ירמיהו'ס פאַרהאַפטונג, אַ געשיכטע, וואָס האָט ניט קיין שום פאַרבינדונג מיט דער פריהערדיגער. אָבער כדי דאָס צו פאַרשטיין, מוזען מיר גיין צוריק צו דעם 21־טען קאַפּי־טעל. עס ווערט דאָרט געזאָגט (פּסוק 1), אַז דער קיניג צדקיהו האָט געשיקט פשחור'ן, דעם זון פון מלכיה, און צפניה'ן, דעם זון פון מעשיה דעם כהן, צו ירמיהו'ן אָנצופרעגען ביי איהם מכח נבוכדנאצר'ן, וואָס זיין ארמיי האָט זיך דעמאָלט געפונען פאַר ירושלים. און ירמיהו האָט זיי אַזוי געזאָגט (פּסוקים 8 און 9): „אַזוי האָט גאָט געזאָגט, זעהט, איך גיב פאַר אייך דעם וועג פון לעבען און דעם וועג פון טויט. דער, וואָס פאַרבלייבט אין דער דאָזיגער שטאָט, וועט שטאַרבען דורך דער שווערד, דורך הונגער און דורך פּעסט; אָבער דער, וואָס וועט ארויסגיין און וועט זיך איבערגעבען צו די כשדים, וואָס באַלאַגערען אייך, וועט בלייבען לעבען".

דער דאָזיגער צוזאַמענטרעף פון דעם מלכ'ס שליחים מיט ירמיהו'ן ווערט מיטאַמאָל איבערגעריסען ביים סוף פון דעם 10־טען פּסוק פון דעם 21־טען קאַפּיטעל; און די אומאָרדענונג פון דעם דאָזיגען בוך איז אַזוי גרויס, אַז מיר דאַרפען דורכלייענען גאַנצע זעכצען קאַפּיטלען, וואָס רעדען איבער פאַרשיידענע ענינים, כדי צוצוקומען צו דער פאָרטזעצונג און די רעזולטאַטען פון דעם דאָזיגען צוזאַמענטרעף, און דאָס ברייננגט אונז, ווי איך האָב עס פריהער געזאָגט, צום ערשטען פּסוק פון דעם 38־טען קאַפּיטעל.

דאָס קאַפּיטעל הויבט זיך אָן אַזוי: „און שפטיה, דער זון פון מתן, און גדליהו, דער זון פון פשחור, און יוכל, דער זון פון שלמיהו, און פשחור, דער זון פון מלכיה (דאָ ווערען שוין אויסגערעכענט מעהר פּערזאָנען, ווי אין דעם 21־טען קאַפּיטעל) האָבען געהערט די ווערטער, וואָס ירמיהו האָט גערעדט צום גאַנצען פאָלק. אַזוי צו זאָגען: אַ ז ו י ז אָ ג ט  ג אָ ט, ד ע ר, ו ו אָ ס  ו ו ע ט  פ אַ ר ב ל ײ ב ע ן  א י ן  ד ע ר  ד אָ ז י ג ע ר  ש ט אָ ט,

ווערט שטארבען דורך דער שווערד, דורך הונגער און דורך פעסט; אבער דער, וואס וועט ארויסגייען צו די כשדים, וועט בלייבען לעבען" (דאס זיינען די זעלביגע ווערטער, וואס מיר האבען ציטירט פון דעם 21־טען קאפיטעל). און די פירשטען האבען געזאגט צום קיניג (צו צדקיהו'ן): „מיר בעטען דיך, לאז אונז טויטען דעם דאזיגען מענשען, ווייל ער שוואכט אפ די הענט פון די קריגס־לייט, וואס זיינען איבערגעבליבען אין דער דאזיגער שטאט, און די הענט פון דעם גאנצען פאלק, רעדענדיג צו זיי אזוינע רייד; ווייל דער דאזיגער מענש זוכט ניט דעם שלום פון פאלק, נאר זיין רעה" און אין דעם 6־טען פסוק ווערט געזאגט אזוי: „און זיי האבען גענומען ירמיהו'ן און האבען איהם אריינגעווארפען אין דער גרוב פון מלכיהו".

די דאזיגע צוויי דערציילונגען זיינען כותר איינס דאס אנ־דערע. לויט דער ערשטער איז ירמיהו פארהאפט געווארען מחמת דעם, וואס ער האט געמאכט א פארזוך צו אנטלויפען פון דער שטאט; און לויט דער צווייטער איז דאס געשעהען צוליב זיין פרע־דיגען און נביאות־זאגען אין דער שטאט; לויט דער ערשטער, איז ער פארהאלטען געווארען פון דעם וועכטער ביים טויער פון שטאט; לויט דער צווייטער, איז ער פארהאפט געווארען אויף דעם באפעל פון דעם קיניג צדקיהו*).

*) איך האב באמערקט צוויי קאפיטלען, דעם 16־טען און דעם 17־טען אין שמואל א, וואס ווידערשפרעכען איינס דאס אנדערע בנוגע צו דוד'ן און דעם אופן, ווי אזוי ער האט זיך באקענט מיט שאול'ן, פונקט ווי דאס 37־טע און דאס 38־טע קאפיטעל פון ירמיהו ווי־דערשפרעכען איינס דאס אנדערע בנוגע צו דער אורזאך פון ירמיהו'ס פארהאפטונג.

אין דעם 16־טען קאפיטעל פון שמואל א ווערט געזאגט, אז א בייזער גייסט פון גאט האט געקוועלט שאול'ן און אז זיינע קנעכט האבען איהם געראטען (ווי א מיטעל) „אויסצוזוכען א מאן, וואס איז א גענייטער שפילער אויף א הארף". און שאול האט געזאגט צו זיינע קנעכט (פסוק 17), זוכט דאך אויס פאר מיר א מענשען, וואס קען גוט

אין דעם צווייטען קאַפּיטעל (דעם 30־טען) האָבען מיר אַן אַנ־דער ביישפּיל פון דער אומאָרדענונג, אין וועלכער דאָס דאָזיגע בוך געפינט זיך. נישט געקוקט דערויף, וואָס עטליכע פון די פריהער־דיגע קאַפּיטלען, דערהויפּט דאָס 37־טע און דאָס 38־טע, רעדען וועגען דער באַלאַגערונג פון ירושלים דורך נבוכדנאצר'ן, הויבט זיך דאָס 39־טע קאַפּיטעל אַן אַזוי, גלייך ווי עס וואָלט פריהער קיין וואָרט נישט געזאָגט געוואָרען וועגען דעם דאָזיגען ענין און דער לעזער וואָלט באַדאַרפט אינפאָרמירט ווערען וועגען יעדער איינצעלהייט. דאָס דאָזיגע קאַפּיטעל הויבט זיך אָן אַזוי: „אין דעם ניינטען יאָר פון צדקיהו, דעם קיניג פון יהודה, אין דעם לעצטען חודש, איז נבוכדנאצר, דער קיניג פון בבל, און זיין גאַנץ חיל אַנגעקומען צו ירושלים, און זיי האָבען זי באַלאַגערט," און אַ. וו.

---

שפּילען, און ברייננגט אים צו מיר. און איינער פון די יונגען האָט געענטפערט און געזאָגט: זעה, איך האָב געזעהען אַ זון ביי ישי'ן פון בית־לחם, וואָס איז אַ געניטער שפּילער, אַ העלד, אַ קריגסמאַן, אַ קלוגער, אַ שענער, און גאָט איז מיט אים. אַזוי האָט שאול געשיקט שליחים צו ישי'ן, און האָט געזאָגט: „שיק צו מיר דיין זון דוד". „און דוד (פּסוק 21) איז געקומען צו שאול'ן, און ער איז געשטאַנען פאַר אים, און ער האָט אים זעהר געליבט, און ער איז געוואָרען זיין געווער־טרעגער. און ווען דער בייזער גייסט פון גאָט איז געווען אויף שאול'ן (פּסוק 23), און דוד האָט גענומען די האַרף און ער האָט געשפּילט מיט זיין האַנט, אַזוי איז שאול דערקוויקט געוואָרען, און עס איז אים בעסער געוואָרען, און דער בייזער גייסט האָט זיך פון אים אָפּגעטון".

אָבער לויט דעם אַנדערען, 17־טען קאַפּיטעל, איז די באַקאַנטשאַפט פון שאול'ן מיט דוד'ן פאָרגעקומען גאָר ביי אַנדערע אומשטענדען. דאָס איז געשעהען, בעת דוד האָט זיך געשלאָגען מיט גלית הפלשתי, ווען זיין פאָטער האָט אים געשיקט צו ברייננגען פּראָוויזיע פאַר זיינע ברידער. וואָס האָבען זיך געפונען אין לאַגער. אין פּסוק 55 פון דעם דאָזיגען קאַפּי־טעל ווערט געזאָגט: „און ווען שאול האָט געזעהען, אַז דוד איז אַרויס־געגאַנגען אַנטקעגען דעם פּלשתי, האָט ער געזאָגט צו אבנר'ן, דעם הויפּט פון דעם חיל: אבנר, וועמעס זון איז דער דאָזיגער יונג? און אבנר האָט געזאָגט: ביי דיין לעבען, אָ, קיניג, אויב איך וויים! אַזוי האָט דער קיניג געזאָגט: פרעג נאָך, וועמעס זון דער יונג איז. און ווען דוד איז צוריקגעקומען פון שלאָגען דעם פּלשתי, אַזוי האָט אים אבנר גענו־מען און האָט אים געבראַכט פאַר שמואל'ן, און דער קאָפּ פון דעם פּלשתי איז געווען אין זיין האַנט. און שאול האָט צו אים געזאָגט: וועמעס זון ביסטו, אינגעל? און דוד האָט געענטפערט: איך בין דער זון פון דיין קנעכט ישי, פון בית לחם". די דאָזיגע צוויי דערציילונגען לייקענען אָפּ איינע די אַנדערע, ווייל עס קומט, לויט זיי, אויס, אַז שאול און דוד האָ־בען זיך פריהער נישט געקענט. דאָס דאָזיגע בוך, די ביבעל, איז צו לע־בערליך, אַז מען זאָל עס גאָר קאָנען קריטיקירען.

אבער נאָך אַ מערקווירדיגערען ביישפּיל געפינען מיר אין דעם לעצטען, 52־טען קאַפּיטעל, וואו די דאָזיגע געשיכטע, וועלכע איז שוין אזוי פיל מאָל איבערדערציילט געוואָרען, הויבט זיך ווידער אַמאָל אָן גאָר אויפסניי, גלייך ווי דער לעזער וואָלט פון איר גאָר־נישט געוואוסט (פּסוק 1): „צדקיהו איז אַלט געווען איין־און־צוואַנציג יאָר, ווען ער האָט אַנגעהויבען קיניגען, און ער האָט געקיניגט עלף יאָר אין ירושלים, און דער נאָמען פון זיין מוטער איז געווען חמוטל, די טאָכטער פון ירמיהו פון לבנה. פּסוק 4: און עס איז געווען אין דעם ניינטען יאָר פון זיין רעגירען, אין דעם צענטען טאָג פון חודש, איז נבוכדנאצר, דער קיניג פון בבל, געקומען, ער און זיין גאַנץ חיל, קעגען ירושלים, און זיי האָבען קעגען איר געלאַגערט און געבויט קעגען איר אַ וואַל,“ און אַ. וו.

עס איז נישט מעגליך, אַז איין מענש, און דערהויפּט ירמיהו, זאָל קאָנען זיין דער פאַרפאַסער פון דעם דאָזיגען בוך. די טעותים זיינען דאָ אַזוינע, וואָס איין מענש, פאַרפאַסענדיג אַ בוך, וואָלט זיי גאָרנישט געקאָנט מאַכען. ווען איך, אָדער וואָסער־עס־איז אַנדער מענש, וואָלט געשריבען אויף אַזאַ צעמישטען אופן, וואָלט עס קיינער נישט געלייענט און יעדער איינער וואָלט געזאָגט, אַז דער שרייבער איז געווען אין אַ צושטאַנד פון וואַנזין. די דאָזיגע אומאָרדענונג לאָזט זיך דערקלערען נאָר דערמיט, וואָס דאָס בוך איז אַ געמיש פון נישט־צוזאַמענגעבונדענע און נישט־עכטע מעשה'לעך, וואָס עפּיס אַ נאַרישער מחבר האָט זיי צונויפגעשטעלט אונטער ירמיהו'ס נאָמען, ווייל פיל פון זיי באַציהען זיך צו אים און צו די אומשטענדען פון זיין צייט.

איך וועל דאָ ברענגען צוויי ביישפּילען פון ירמיהו'ס צוויי־פּנים'דיגקייט אין פאַלשער נביאות.

פון קאפיטעל 38 זעהט עס אוים, אז בעת ירמיהו האט זיך געפונען אין געפענגעניש, האט צדקיהו געשיקט נאך אים; און ביי דער דאזיגער צוזאמענרעדונג, וועלכע איז פארגעקומען בסתר, האט ירמיהו אויפגעפאדערט צדקיהו'ן איבערצוגעבען זיך צום שונא. „אויב — זאגט ירמיהו (פסוק 17) — דו וועסט ארויס־גייען צו די פירשטען פון דעם קיניג פון בבל, אזוי וועט דיין זעל לעבען בלייבען, און די דאזיגע שטאט וועט נישט פארברענט ווערען, און דו און דיין הויז־געזינט וועלען בלייבען לעבען.“ צדקיהו האט נישט געוואלט, אז מען זאל זיך דערוויסען, וועגען וואס ער האט גערעדט מיט ירמיהו'ן, און ער האט אים געזאגט (פסוק 25): „און ווען די פירשטען (ד. ה. די פירשטען פון יהודה) וועלען הע־רען, אז איך האב מיט דיר גערעדט, און זיי וועלען צו דיר קומען, און זיי וועלען צו דיר זאגען: דערציייל אונז, וואס דו האסט גע־רעדט מיט'ן קיניג; לייקען עס נישט פון אונז, וועלען מיר דיך נישט טויטען; וואס, אלזוי, האט דער קיניג צו דיר גערעדט? — אזוי זאלסטו זיי זאגען: איך האב געבראכט מיין געבעט פאר'ן קיניג, דאס ער זאל מיך ניט צוריקקערען נאך דעם הויז פון יהונתן, דארט צו שטארבען. און אלע פירשטען זענען געקומען צו ירמיהו'ן און האבען אים געפרעגט, און ער האט זיי געזאגט, וואס דער קיניג האט אים געבאטען צו זאגען.“ דער דאזיגער נעט־ליכער מענש, ווי ער ווערט אנגערופען, האט, הייסט עס, געקאנט זאגען א ליגען אדער ארויסדרייען זיך פון דעם אמת; דער אמת איז דאך, אז ער איז נישט געגאנגען צו צדקיהו'ן פארצולייגען פאר אים זיין בקשה, און ער האט דאס לעצטע כלל נישט געטון; ער איז געגאנגען, ווייל מען האט געשיקט נאך אים, און ער האט זיך בא־נוצט מיט דער דאזיגער געלעגענהייט צו ראטען צדקיהו'ן איבער־צוגעבען זיך צו נבוכדנאצר'ן.

אין קאפיטעל 34 געפינט זיך אזא נבואה פון ירמיהו'ן צו צדקיהו'ן (פסוק 2): „אזוי זאגט גאט, זעה, איך גיב איבער די דאזיגע שטאט אין דער האנט פון דעם קיניג פון בבל, און ער וועט

זי פארברענען מיט פייער; און דו וועסט נישט אנטרינען ווערען פון זיין האנט, און דיינע אויגען וועלען זעהן די אויגען פון דעם קיניג פון בבל, און זיין מויל וועט רעדען צו דיין מויל, און דו וועסט קומען קיין בבל. נ א ר ה ע ר צ ו ד א ס ו ו א ר ט פ ו ן ג א ט, א, צ ד ק י ה ו, ק י נ י ג פ ו ן י ה ו ד ה! א ז ו י ז א ג ט ג א ט א ו י ף ד י ר, ד ו ו ו ע ס ט נ י ש ט ש ט א ר ב ע ן ד ו ר ך ד ע ר ש ו ו ע ר ד; א י ן פ ר י ד ע ן ו ו ע ס ט ו ש ט א ר ב ע ן; א ו ן מ י ט ד י ב ר ע נ ו נ ־ ג ע ן פ ו ן ד י י נ ע ע ל ט ע ר ע ן, ד י ע ר ש ט ע מ ל כ י ם, ו ו א ס ז י י נ ע ן ג ע ו ו ע ן פ א ר ד י ר, ו ו ע ט מ ע ן פ א ר ד י ר ב ר ע נ ע ן, א ו ן מ ע ן ו ו ע ט א י ב ע ר ד י ר ק ל א ג ע ן: א, ה א ר! ו ו א ר י ם א י ך ה א ב ד א ס ו ו א ר ט ג ע ר ע ד ט, ז א ג ט ג א ט.“

אבער אנשטאט צדקיהו זאל זעהן דעם קיניג פון בבל און רע־דען מיט אים פנים אל פנים, אנשטאט ער זאל שטארבען אין פריי־דען און מען זאל ביי זיין לויה, ווי ביי די לויות פון זיינע פאר־עלטערען, ברענען שמעקעדיגע ריחות (ווי ירמיהו האט דאס דער־קלערט אין דעם נאמען פון גאט), איז אין דער אמת'ן פארגעקומען, לויט עס ווערט דערציילט אין קאפיטעל 52, גאר דער היפוך דער־פון; עס ווערט אין דעם דאזיגען קאפיטעל געזאגט אזוי (פסוק 10): „און דער קיניג פון בבל האט געשאכטען די זין פון צדקיהו פאר זיינע אויגען; און די אויגען פון צדקיהו האט ער בלינד געמאכט, און ער האט אים געבונדען אין קייטען, און ער האט אים געבראכט קיין בבל, און ער האט אים אריינגעזעצט אין געפענגעניש ביז צו דעם טאג פון זיין טויט.“ וואס פאר אן אנדער מיינונג קאנען מיר נאך דעם האבען וועגען די דאזיגע נביאים, יב נישט, אז זיי זיי־נען געווען ליגנער און פארפירער?

וואס עס איז שייך צו ירמיהו'ן, האט ער דערביי גארנישט געליטען. ער האט נושא חן געווען ביי נבוכדנאצר'ן, וועלכער האט אים איבערגעגעבען אונטער דער אויפזיכט פון דעם הויפט פון דער וואך (קאפ. 39, פסוק 12): „נעם אים — האט נבוכדנאצר גע־זאגט — און האלט דיינע אויגען אויף אים; דו זאלסט אים גאר

קיין שלעכטס נישט טון, נאָר אַזוי ווי ער וועט דיר הייסן, אַזוי זאָלסטו טון."

ירמיהו איז שפּעטער אַליין איבערגעגאַנגען צו נבוכדנאצר'ן, און האָט פאַר אים נביאות־געזאָגט קעגען די עגיפּטער, וועלכע זיינען געקומען צו הילף דער שטאָט ירושלים, בעת זי איז געווען באַלאַגערט. דערמיט וועל איך פאַרענדיגען מיינע באַמערקונגען איבער דעם דאָזיגען פאַלשען נביא און איבער דעם בוך, וואָס טראָגט זיין נאָמען.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט לענגער אויף די ביכער, וואָס ווערען צוגערעכענט צו ישעיה'ן און ירמיהו'ן, ווייל וועגען די דאָזיגע צוויי נביאים ווערט גערעדט אין מלכים און אין דברי הימים. וועגען די איבעריגע ביכער, וואָס ווערען צוגערעכענט צו די אַזוי־גערופענע נביאים, וועל איך פיל נישט רעדען. איך וועל זיי באַהאַנדלען אַלע צוזאַמען, ווען איך וועל באַלד רעדען איבער דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון די נביאים.

אין דעם ערשטען טייל פון דער „צייט פון פאַרשטאַנד," האָב איך געזאָגט, אַז דאָס וואָרט נביא איז געווען דאָס ביבלישע וואָרט פאַר'ן באַגריף פּאָעט און אַז די הויכע מליצה פון אידישע פּאָעטען איז שפּעטער אָנגענומען געוואָרען פאַר דעם, וואָס מיר רופען איצט נביאות.

איך האָב גענוג גרונט צו האַלטען זיך ביי דער דאָזיגער מיינונג. נישט נאָר זיינען די ביכער פון די אַזוי־גערופענע נביאים געשריבען אין אַ פּאָעטישער שפּראַך, נאָר אין דער גאַנצער ביבעל געפינט זיך נישט קיין שום וואָרט, וואָס זאָל באַצייכענען דאָס, וואָס מיר פאַרשטייען אונטער'ן וואָרט פּאָעט, סיידען נאָר דאָס וואָרט נביא.

איך האָב אויך געזאָגט, אַז אָט־דאָס וואָרט באַצייכענט אַ מענשען, וואָס שפּילט אויף מוזיקאַלישע אינסטרומענטען. איך האָב דאָס קלאָר געמאַכט דורך איניגע ביישפּילען, וואָס איינער פון זיי איז דער ביישפּיל פון אַ גאַנצער קאָמפּאַניע נביאים, וואָס האָבען נביאות־געזאָגט מיט פּסאַלטערס, פּייקלעך, פּייפעלעך, האַרפען און אַ. וו., און שאול איז געווען צווישען זיי (שמואל א, קאַפּ.

10, פסוק 5). פון דער דאָזיגער שטעל, ווי אויך פון אַנדערע טיילען פון דעם בוך ש מ ו א ל, זעהט עס אויס, אַז דאָס וואָרט נ ב ו א ה האָט נישט באַצייכענט קיין שום אַנדער זאַך, ווי נאָר פּאָעזיע און מוזיק; דער מענש, וואָס האָט כלומרשט פאַרמאָגט די העלזעהערישע קראַפט אריינצודרינגען אין פאַרבאָרגענע זאַכען, איז נישט געווען קיין נביא, נאָר אַ זעהער (רואה) (ש מ ו א ל א, קאַפּ. 9, פסוק 9); און ערשט נאָכדעם, ווי דאָס וואָרט ז ע ה ע ר איז אַרויס פון געברויך, וואָס דאָס איז העכסט־וואַרשיינליך פאַרגעקומען, ווען שאול האָט פאַרטריבען פון לאַנד די אַזוי־גערופענע מכשפים*), האָט די פּראָפעסיע פון אַ ז ע ה ע ר, אָדער די קונסט פון ז ע ה ן, אָנגעהויבען באַצייכענט ווערען מיט׳ן וואָרט נ ב י א.

איצט ווערט אונטער׳ן וואָרט נביא, אָדער נביאות־זאָגען, פאַרשטאַנען דאָס פאָראויסזאָגען געשעהענישען פון דער ווייטער צוקונפט. און די שאַפער פון דער עוואַנגעליע זיינען געצוואונגען געווען צוצוגעבען דעם וואָרט אַט־דעם ברייטען זין, כדי צו קאָנען אָנווענדען די נביאות־זאָגעריי פון דעם אַלטען טעסטאַמענט צו די צייטען פון דעם נייעם; אָבער לויט דעם אַלטען טעסטאַמענט, האָט דאָס נביאות־זאָגען פון דעם זעהער, און שפּעטער פון דעם נביא, אויף וויפיל נאָר דאָס וואָרט נ ב י א האָט איינגעשלאָסען אין זיך דעם זין פון דעם וואָרט ז ע ה ע ר, זיך באַצויגען צו זאַכען פון דער געגענוואַרט, אָדער פון דער גאַנץ נאָהענטער צוקונפט, ווי, אַ שטייגער, צו אַ שלאַכט, צו עפּיס אַ געשעהעניש, וואָס האָט געהאַלטען אין פּאַרקומען, אָדער צו עפּיס אַ פאַרלענגערהייט וואָס אימיצער האָט זיך אין איר דערמאָלט געפונען.

דאָס איז געווען פון יענעם מין נביאות־זאָגעריי, וואָס מיר רופען עס היינט וואָרזאָגעריי, ווי דאָס אויסרעכענען די שטעלונג פון די מזלות אין דער צייט פון אַ מענשענ׳ס געבורט, דאָס פאַראויסזאָגען רייכקייט, גליקליכע אָדער אומגליקליכע הייראַטען, דאָס אויסגעפינען דורך כשוף פאַרלאָרענע זאַכען און א. וו. און עס איז

*) „ושאול הסיר את האובות ואת הידעונים מן הארץ" (שמואל א, כח, 3). — איבערז.

צו פאַרדאַנקען דער פאַלשקייט פון דער קריסטליכער קירך, און ניט פון די אידען, דער אומוויסענקייט און דער אבערגלויביגקייט פון די מאָדערנע, און נישט פון די אַמאָליגע צייטען, וואָס אַט־די לייט זיינען מיט זייער פּאָעזיע און מוזיק, מיט זייער כשוף־מאַכעריי און חלומות דערהויבען געוואָרען צו דער מדרגה, אויף וועלכער זיי געפינען זיך איצט.

אָבער אויסער דעם דאָזיגען אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון אַלע נביאים, האָבען זיי אין געוויסע זאַכען זיך אָפּגעשיידט איינע פון די אַנדערע.

זיי האָבען געהערט צו פּאַרטייען און האָבען נביאות־געזאָגט פאַר זייער איינענער און קעגען דער געגנערישער פּאַרטיי, פּונקט ווי שרייבער פון היינטיגער צייט שרייבען פאַר דער פּאַרטיי, מיט וועלכער זיי זיינען פאַרבונדען, אָדער קעגען אַן אַנדער פּאַרטיי.

נאָכדעם, ווי די אידען זיינען צעטיילט געוואָרען אויף צוויי פעלקער, אויף יהודה און ישראל, האָט יעדע פּאַרטיי געהאַט אירע נביאים, וואָס האָבען געזידעלט איינע די אַנדערע און באַשולדיגט אין פאַלשער נביאות־זאָגעריי, אין שווינדעל און אַ. וו.

די נביאים פון יהודה האָבען נביאות־געזאָגט קעגען די נביאים פון ישראל, און דאָס איינענע פאַרקערט. די דאָזיגע פּאַרטייליכקייט פון די נביאים האָט זיך ארויסגעוויזען גלייך נאָך דער צעטיילונג, אין דער צייט פון די ערשטע צוויי געגנערישע מלכים, רחבעם און ירבעם. דער נביא, וואָס האָט געשאָלטען דעם מזבח, וועלכען ירבעם האָט אויפגעבויט אין בית־אל, אָדער נביאות־געזאָגט קעגען אים, האָט געהערט צו יהודה, וואָס האָט געהאַט רחבעמען פאַר אַ מלך; ווען ער איז געווען אויפ'ן וועג אַהיים, האָט אים אַנגעיאָגט אַ נביא פון ישראל און זיך געווענדט צו אים מיט די ווערטער (מלכים א, קאַפּ. 13, פּסוק 14): „ביזטו דער געטליכער מאַן, וואָס איז געקומען פון יהודה? און ער האָט געזאָגט: איך בין דאָס." דער נביא פון ישראל האָט אים ווייטער געזאָגט (פּסוק 18): „איך בין אויך אַ נביא, ווי דו, און אַ מלאך האָט צו מיר גערעדט דורך דעם וואָרט פון גאָט

אזוי צו זאגען: קער אים אום צוריק מיט דיר אין דיין הויז אריין, ער זאל עסען ברויט און טרינקען וואסער — אבער ער האט אים געזאגט א ליגען." ווי עס ווערט ווייטער דערציילט, האט דער נביא פון יהודה זיך שוין מער נישט אומגעקערט צוריק א היים: ער איז געפונען געוואָרען א טויטער אויפ'ן וועג, וואס דער נביא פון ישראל האט אים דערצו געבראכט. אודאי האט דער דאָזיגער נביא געהייסען ביי זיין אייגענער פּאַרטיי אַן אמת'ער נביא, און דער נביא פון יהודה — א פאלשער.

אין מלכים ב, קאַפּיטעל 3, ווערט דערציילט וועגען נביאות־זאגען, וואס ווייזט אין אייניגע איינצעלהייטען דעם כאַראַקטער פון א נביא. יהושפט, דער קיניג פון יהודה, און יהורם, דער קיניג פון ישראל, האבען אויף א צייט פאַרבויגען זייער פיינטשאַפט איינע צו די אַנדערע און געשלאסען, אינאיינעם מיט'ן קיניג פון אדום, א בונד צו גיין מלחמה האַלטען מיט'ן קיניג פון מואב. די דריי פאַראייניגטע מלכים האבען זיך אוועקגעלאזט מיט זייערע אַרמייען אין וועג אַריין. עס ווערט ווייטער דערציילט, אַז עס האט זיי אין מיטען וועג אויסגעפעלט וואסער. „און יהושפט האט געזאגט (פסוק 11): איז דען דאַ נישט פאַראַן א נביא פון גאט, אז מיר זאלען דורך אים קאנען אנפרעגען ביי גאט? און איינער פון דעם קיניג פון ישראל האט געזאגט: דא איז אלישע". (אלישע האט געהערט צו יהודה). „און יהושפט (פסוק 12) האט געזאגט: דאס ווארט פון גאט איז מיט אים". די דריי מלכים, ווערט דערציילט, זיינען אוועק צו אלישע'ן. און ווען אלישע (וואס איז, ווי געזאגט, געווען א נביא פון יהודה) האט דערזעהען דעם קיניג פון ישראל, האט ער זיך געווענדט צו אים מיט די ווערטער (פסוק 13): „וואס האבען מיר איינס מיט'ן אנדערען צו טון? גיי דיר צו די נביאים פון דיין פאטער און צו די נביאים פון דיין מוטער. און דער מלך פון ישראל

האָט צו אים געזאָגט: ניין, וואָרים גאָט האָט צוזאַמענגערופען די דאָזיגע דריי קיניגען, כדי איבערצוגעבען זיי אין דער האַנט פון מואב" (אין דעם אויספעלען וואָסער האָט ער געזעהען אַ צייכען פון גאָט). דערויף האָט אלישע געענטפערט (פּסוק 14): „אַזוי וואָר, ווי גאָט לעבט, וואָלט איך נישט געאַכט דאָס אַנגעזיכט פון יהושפט, דעם מלך פון יהודה, וואָלט איך אויף דיר נישט געקוקט און דיך נישט געוואָלט אַנזעהן". איר פילט דאָ די גאַנצע גראָבקייט און בייזקייט פון אַ פּאַרטייאישען נביא.

מיר וועלען איצט זעהן די פאַרשטעלונג פון נביאות־זאַגעריי. פּסוק 15 פון דעמזעלביגען קאַפּיטעל: „ברייינגט מיר — האָט אלישע געזאָגט — אַ שפּילער; און עס איז געווען, ווען דער שפּילער האָט געשפּילט, אַזוי איז די האַנט פון גאָט געקומען אויף אים". דאָס איז דער לעבערליכער אַנשטעל פון דעם כשוף־מאַכער. און איצט די נבואה אליין: „און אלישע האָט געזאָגט: אַזוי האָט גאָט געזאָגט, מאַכט דעם דאָזיגען טאָל פול מיט גראָבענס"; אָבער יעדער דאָרפסמאַן וואָלט זיי דאָך אַן שום קונצען געקאָנט זאָגען, אַז כדי צו קריגען וואַסער, דאַרף מען גראָבען די ערד.

יעדער כשוף־מאַכער צייכענט זיך אויס אין עפּיס אַן אַנדער זאַך; און דאָס אייגענע איז אויך געווען מיט די דאָזיגע נביאים. כאָטש זיי האָבען אַלע, יעדענפאַלס די, וואָס איך האָב דאָ פון זיי געזעהן, זיך אויסגעצייכענט אין ליגען־זאָגען, האָבען אָבער אייניגע פון זיי זיך אויך אויסגעצייכענט אין פלוכען. אלישע האָט אין דער דאָזיגער אָפּטיילונג פון נביאות פאַרנומען דעם ערשטען פּלאַץ; דאָס האָט ער אין דעם נאָמען פון גאָט געשאָלטען די צוויי־און־פערציג קינדער, וואָס צוויי בערען האָבען זיי באַלד נאָך דעם צע־ריסען. מיר דאַרפען אַננעמען, אַז די דאָזיגע קינדער האָבען גע־הערט צו ישראל; אָבער אַזוי ווי דער, וואָס שילט, קאָן אויך

לינען זאגן, מעגן מיר אין דער גאנצער מעשה מיט אלישע'ס צוויי בערן אביסעל מסופק זיין.

עס איז געווען נאך אן אנדער טיפ נביאים, אזוינע, וואס האבן זיך פארנומען מיט חלומות און זעהונגען. די דאזיגע נביאים, אויב אפילו נישט אינגאנצען אומשעדליך, זיינען אבער כמעט גארנישט געווען בייזוויליג. צו זיי געהערען יחזקאל און דניאל.

לייענענדיג די ביכער פון די דאזיגע צוויי נביאים, איז די ערשטע פראגע, וואס מען שטעלט זיך, פונקט ווי ביי אלע אנדערע ביכער פון דער ביבעל — צי זיינען זיי עכט, ד. ה. צי זיינען זיי פארפאסט געווארן טאקע פון די נביאים אליין?

מיר האבן נישט דערויף קיין שום באווייז. אבער איך פערזענליך בין נוטה צו דענקען, אז יחזקאל און דניאל זיינען געווען די פארפאסער פון די ביכער, וואס טראגען זייערע נעמען. די דאזיגע מיינונג שטיצט זיך אויף פאלגענדיגע טעמים: ערשטענס, דערויף, וואס די ביכער האבן נישט אין זיך גופא קיין באוויין, אז זיי זיינען נישט אנגעשריבען געווארן פון יחזקאל און דניאל, ווי די ביכער, וואס ווערען צוגערעכענט צו משה'ן, יהושע'ן, שמואל'ן און א. וו. באווייזען מיט זיך אליין, אז ניט משה, ניט יהושע, ניט שמואל און א. וו. זיינען געווען זייערע פארפאסער; צווייטענס, דערויף, וואס די דאזיגע ביכער זיינען נישט אנגעשריבען פאר דער צייט פון גלות בבל (עס איז אגב פאראן א גוטער גרונט צו גלויבען, אז קיין שום בוך פון דער ביבעל איז נישט אנגעשריבען געווארן פאר דער דאזיגער צייט; מען קאן יעדענפאלס באווייזען דורך די ביכער גופא, ווי איך האב דאס שוין געוויזען פריהער, אז זיי זיינען נישט אנגעשריבען געווארן פאר דעם אנהויב פון דער אידישער מאנארכיע); דער דריטער, און דער לעצטער, גרונט פאר מיין מיינונג איז, וואס די ביכער פון יחזקאל און דניאל שטימען אין זייער פארם מיט די אומשטענדען, אין וועלכע די פארפאסער האבן זיך געפונען.

וואלטען די אלע אומצייליגע מפרשים און פריסטער, וואס האבן אומזיסט פארשווענדט זייער צייט אויף אויסצוטייטשען

און צו דערקלערען די דאָזיגע ביכער, וואָלטען זיי, ווי יחזקאל און דניאל, אַוועקגעפירט געוואָרען אין געפאַנגענשאַפט, וואָלט דאס זיי נענעבען מער שכל צו פאַרשטיין די פאָרם, אין וועלכער די ביכער זיינען געשריבען געוואָרען, און זיי וואָלטען פאַרשפּאָרט צו ברעכען זיך דעם קאָפּ איבער גאָרנישט: זיי וואָלטען אויסגעפונען, אז זיי אליין וואָלטען אין אַזאַ לאַגע געמוזט שרייבען וועגען זיך, אדער וועגען זייערע פריינט, אדער וועגען זייער לאַנד נישט אַנדערש, ווי אויף אַ פאַרשטעלטען אופן.

די דאָזיגע צוויי ביכער שיידען זיך אָפּ פון אַלע איבעריגע דערמיט, וואָס זיי זיינען פול מיט חלומות און זעהונגען. ווי געפ...נגענע אין אַ פרעמדען לאַנד, זיינען די שרייבער געצוואונגען געוועזען איבערצוגעבען אַלע זייערע פּאָליטישע פּלענער אדער מיינונגען, און אפילו יעדע מינדסטע קלייניגקייט, אין אַ טונקעלער מעטאַפאָרישער שפּראַך; רעדען קלאָר און דייטליך אין אַן איינפאַכען לשון איז פאַר זיי געוועזען נישט זיכער, און זיי האָבען אַלץ, וואָס זיי האָבען געוואָלט אַרויסזאָגען, אַרויסגעזאָגט פאַרשטעלטערהייט, אין דער פאָרם פון חלומות און זעהונגען. מיר דאַרפען פונדעסטוועגען אננעמען, אז די מענשען, צו וועמען זיי האָבען דאָס געשריבען, און טאַקע נאָר זיי אליין, האָבען פאַרשטאַנען, וואָס זיי האָבען דערמיט געמיינט. אָבער די פלייסיגע מפרשים און פּריסטער האָבען אנגעווענדט זייער גאַנצע חריפות אויף אויסצוגעפינען אַ זאַך, וואָס איז זיי גאָרנישט נוגע און וואָס איז מיט אַ כיון געשריבען געוואָרען אַזוי, אז זיי זאָלען דאָס נישט קאָנען פאַרשטיין.

יחזקאל און דניאל זיינען אַוועקגעפירט געוואָרען אין געפאַנגענשאַפט קיין בבל ביים ערשטען גלות, אין דער צייט פון יהויקים, ניין יאָר פאַר דעם צווייטען גלות בבל, וואָס איז געשעהען אין צדקיהו׳ס צייטען.

די אידען זיינען נאָך דעמאָלט געוועזען גרויס אין צאָל און האָבען געהאַט אין ירושלים אַ באַדייטענדע מאַכט. עס לאָזט זיך גאַנץ גוט גלויבען, אז מענשען, וואָס זיינען אין דער לאַגע פון יחזקאל און דניאל, זאָלען טראַכטען וועגען דער אויפריכטונג פון זייער לאַנד און וועגען זייער אייגענער באַפרייאונג; עס ליינט זיך אויך

גאנץ גוט אויפ'ן שכל, אז די אלע חלומות און זעהונגען, וואס די דאזיגע ביכער זיינען מיט זיי פול, זיינען געווען ניט מער, ווי א מיטעל צו מאכען זיך לייכטער דאס צוזאמענגרעדען זיך א בער אט־די זאכען — דאס איז געווען פאר זיי א מין שיפער אדער געהיימער אלפאבעט. אויב אבער אט־די חלומות און זעהונגען זייערע האבען זיי נישט געדינט פאר דעם דאזיגען ציל, זיינען זיי טאקע נישט מער, ווי פוסטע מעשיות און טרוימערייען, אדער אין בעסטען פאל, א מיטעל צו מאכען זיך גרינגער דעם שווערען יאך פון גלות. די ערשטע השערה איז פונדעסטוועגען א מער זיכערע.

יחזקאל'ס בוך הויבט זיך אן מיט א זעהונג פון כרובים און פון א ראד אין דער מיט פון א ראד, וואס ער האט געזעהען ביים טייך כבר, אין דעם לאנד פון זיין געפאנגענשאפט. עס איז גאנץ מעגליך, אז יחזקאל האט מיט די כרובים געמיינט דעם בית־המקדש אין ירושלים, וואו עס האבען זיך טאקע געפונען געשטאלטען פון כרובים, און מיט דעם ראד אין דער מיט פון א ראד (א בילדליכע פארם פון אויסדרוק, וואס האט אלע מאל באטייט פאליטישע פלענער) — די מיטלען אויפצוריכטען צוריק ירושלים. ביים סוף פון זיין בוך דערציילט ער, אז ער איז אריבערגעטראגען געווארען קיין ירושלים, אין דעם בית־המקדש, און זאגט, אז די דאזיגע זעהונג איז געווען, ווי די זעהונג ביים טייך כבר (קאפ. 43, פסוק 3); דאס ווייזט, אז מען דארף אונטער אט־די כלומר'שטיגע חלומות און זעהונגען נישט זעהן קיין שום אנדער זאך, ווי נאר די אויפריכטונג פון ירושלים.

די מפרשים און די פריסטער האבען די דאזיגע ווילדע חלומות און זעהונגען אויסגעטייטשט אויף אלערליי נישט ווייניגער ווילדע אופנים; אויב מען זאל זיי גלויבען, איז דאס אלץ נביאות־זאגעריי, וואס באציהט זיך אויף צייטען און געשעהענישען פון דער ווייטער צוקונפט, און אפילו אויף דעם היינטיגען טאג; אבער דאס ווייזט נאר, ווי ווייט די פאלשקייט פון די גייסטליכע אדער די אייגענע לייכטגלויבינקייט קאנען פארפירען דעם מענשען.

עס קאן שוין, דאכט זיך, גארנישט זיין קיין גרעסערער אומזין, ווי צו דענקען, אז יחזקאל און דניאל, וואס זייער לאנד איז באזיגט

און פאַרנומען געוואָרען פון שונא, וואָס אַלע זייערע קרובים און פריינט זיינען פאַרטריבען געוואָרען אין גלות, אָדער איבערגעגעבען צו שקלאַפעריי, אָדער אויסגעהרג׳עט, אָדער האָבען געלעבט אין שטענדיגער סכנה, — אַז מענשען אין אַזאַ לאַגע זאָלען נישט האָבען קיין אַנדער זאַך צו טון, ווי נאָר צו פאַרנעמען זיך מיט זאַכען, וואָס דאַרפען טרעפען מיט פרעמדע פעלקער ערשט אין טויזענט אָדער צוויי טויזענט יאָר אַרום; אָבער אין דערזעלביגער צייט איז די נאַטירליכסטע זאַך, אַז זיי זאָלען האָבען געטראַכט וועגען דער אויפבויאונג פון ירושלים און וועגען זייער אייגענער באַפרייאונג און אַז דאָס זאָל זיין דאָס איינציגע ציל פון אַלע זייערע טונקעלע שריפטען. וואָס זיינען דורכגענומען מיט געפילען פון גרויסען צאָרען און פאַרביטערטקייט.

די פאָרם, אין וועלכער די דאָזיגע צוויי ביכער זיינען געשריבען, האָט אַ זין נאָר דאַן, ווען מיר נעמען אָן, אַז זי איז אַרויפגעצוואונגען געוואָרען אויף די שרייבער דורך די אומשטענדען; ווען אָבער מיר וועלען אָט־די ביכער באַטראַכטען פאַר נביאות־זאַגעריי, זיינען זיי פאַלש.

אין יחזקאל, קאַפּיטעל 29, וואו עס רעדט זיך וועגען מצרים, ווערט געזאָגט אַזוי (פסוק 11): „קיין פוס פון אַ מענשען וועט עס (דאָס לאַנד מצרים) נישט איבערגיין, און אויך קיין פוס פון אַ בהמה וועט עס נישט איבערגיין, און עס וועט פערציג יאָר פאַרבלייבען נישט באַוואוינט“. דאָס איז קיינמאָל נישט פאַרגעקומען און עס איז דעריבער פאַלש, ווי אַלע ביכער, וואָס איך האָב ביז איצט באַטראַכט.

---

אין דעם ערשטען טייל פון „דער צייט פון פאַרשטאַנד“ האָב איך גערעדט וועגען יונה׳ן און דער מעשה מיט׳ן וואַלפיש. עס איז באמת אַ לעכערליכע געשיכטע. און אפשר איז זי גאָר אַנגעשריבען געוואָרען, כדי דורך איר אויסצופּרואוון די מענשליכע

לייכטגלויביגקייט. ווייל האט די לעצטע געקאנט פארלינגען יונה'ן מיט'ן וואלפיש, וועט זי שוין קאנען אלץ פארשלינגען.

ווי איך האב עס שוין געוויזען אין מיינע באמערקונגען א־כער'ן בוך א י ו ב און מ ש ל י, קאנען מיר נישט אלע מאל זיין זיכער, צי א בוך אין דער ביבעל איז אריגינעל געשריבען געווארען אין העברעאיש אדער עס איז אן איבערזעצונג פון א נישט־אידישע בוך. און אזוי ווי דאס בוך י ו נ ה באהאנדעלט גארנישט קיין אידישע ענינים, נאר רעדט דורכאוים וועגען ניט־אידען, איז עס טאקע גאנץ מעגליך, אז עס איז נישט קיין אידיש בוך און אז עס איז אנגעשריבען געווארען, ווי א סאטירע אויף דעם שלעכטען פארדארבענעם כאראקטער פון א ביבלישען נביא, אדער א נביאות־זאגענדיגען פריסטער.

יונה ווערט דא, ערשטענס, פארגעשטעלט, ווי א נישט־געהארכ־זאמער נביא, וואס אנטלויפט פון זיין מיסיע און באהאלט זיך אוים אויף א נישט־אידישער שיף, וואס איז געגאנגען פון יפו קיין תרשיש. גלייך ווי ער וואלט געהאט די נארישקייט צו רעכענען, אז ער קאן זיך ערגיץ אויסבאהאלטען פון גאט. עס האט זיך אויפגעהויבען אויפ'ן ים א שטורעמווינט, און די שיפסלייט, וואס זיי זיינען אלע נישט געווען קיין אידען, האבען דאס אנגענומען פאר א שטראף פון גאט, ווייל אויף דער שיף, האבען זיי גערעכענט, האט זיך אודאי געפונען איינער, וואס איז באגאנגען א פארברעכען. זיי האבען באשלאסען אויסצוגעפינען דורך א גורל דעם פארברעכער. דער גורל איז געפאלען אויף יונה'ן. אבער פריהער האבען זיי ארייגגע־ווארפען אין ים אריין די משא, וואס האט זיך געפונען אויף דער שיף, בעת יונה איז, ווי א נארישער יונג, געשלאפען אין דעם פראכטרוים.

ווען עס האט זיך ארויסגעוויזען דורכ'ן גורל, אז יונה איז גע־ווען די סבה פון דעם שטורעמווינט אויפ'ן ים, האבען די שיפסלייט אים נעפרעגט, ווער און וואס ער איז. יונה האט זיי געענטפערט, אז ע ר א י ז א א י ד. און עס ווערט פון דער מעשה פאר־שטאנען, אז ער האט זיך מודה געווען אין זיין שולדיגקייט. אבער

די דאזיגע לייט, וואס זיינען נישט געווען קיין אידען, האבען אים דוקא נישט גלייך אויפ'ן ארט אומגעבראכט אן רחמנות, ווי א קאמפאניע ביבלישע נביאים אדער פריסטער וואלטען אין אזא פאל געהאנדעלט מיט א פרעמדען, ווי שמואל האט, לויט עס ווערט דער־צילט אין דער ביבעל, געטון מיט אגג'ן, אדער ווי משה איז זיך באגאנגען מיט די פרויען און קינדער פון באזיגטע פעלקער; זיי האבען, איינשטעלענדיג זייערע אייגענע לעבענס, געוואלט אים ראַ־טעווען. עס דערציילט זיך וועגען דעם אזוי (יונה, קאפ. א, פסוק 13): „פונדעסטוועגען (ד. ה. כאטש יונה איז געווען א איד און א פרעמדער, און כאטש ער איז געווען די סבה פון אלע זייערע אומגליקען) האבען די לייט שווער גערודערט צו ברייננגען די שיף צו דער יבשה, זיי האבען עס אבער נישט גע־קאנט, ווייל דער ים האט אלץ מער און מער געשטורעמט איבער זיי." זיי האבען אבער נאך אלץ נישט געוואלט אים שלעכטס טון און זיי האבען גערופען צו גאט (פסוק 14): „מיר בעטען דיך, א, גאט, מיר בעטען דיך, לאז אונז נישט אומ־קומען איבער דעם לעבען פון דעם דאַ־זיגען מענשען, און לייג נישט אויף אונז קיין אומשולדיג בלוט; ווייל דו, א, גאט, האסט געטון, ווי דו האסט געוואלט." מיינענדיג דערמיט, אז זיי האבען נישט געוואלט אים פאר'משפט'ען, ווייל טאמער איז ער גאר אומשולדיג, נאר זיי האבען באטראכט דעם גורל, וואס איז אויסגע־פאלען אויף אים, ווי גאט'ס משפט. די דאזיגע תפלה ווייזט, אז נישט־אידען האבען אויך געגלויבט אין דעם איין־איינציגען גאט און זיינען נישט געווען, ווי די אידען האבען זיי פארגעשטעלט, קיין געצענדינער. אבער אזוי ווי דער שטורעם האט זיך אלץ נישט איינגעשטילט און די סכנה איז געווארען אלץ גרעסער, האבען זיי געטון מיט יונה'ן, ווי עס איז אויסגעפאלען אויף זיין גורל, און אים אריינגעווארפען אין ים אריין, וואו א גרויסער פיש האט אים, ווי עס ווערט דערציילט, איינגעשלונגען א לעבעדיגען.

מיר דאַרפן זיך איצט פאָרשטעלן, אַז יונה האָט אין בויך פון דעם פיש געפונען אַ זיכערן שוץ קעגן דעם שטורעם. מען דערציילט אונז, אַז ער האָט דאָרט גאָט געבעטן; אָבער זיין תפלה איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע שטיקלעך תהלים, וואָס קלעפּן זיך נישט איינס צום אַנדערן און זיינען צוגעפּאַסט בלויז צו דעם שטורעמווינט אויפ׳ן ים, אָבער גאָרנישט צו דער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. דאָס איז אַזאַ תפלה, וואָס אפילו נישט קיין איד, אויב ער האָט נאָר געוואוסט עפּיס פון ת ה ל י ם, האָט זי געקאָנט צוזאַמענשטעלן. פון דעם אַליין, ווען אפילו קיין אַנדערע באַווייזן זאָלן נישט זיין, קאָן מען שוין זעהן, אַז די גאַנצע מעשה איז אַן אויסגעטראַכטע. די תפלה האָט פונדעסט־וועגן געהאַט אַ ווירקונג, „א ו ן (קאַפּ. 2, פּסוק 10) ג אָ ט ה אָ ט ג ע ז אָ ג ט צ ו ד ע ם פ י ש, און דער פיש האָט אויסגעשפּיגן יונה׳ן אויף דער יבשה“.

יונה האָט דעמאָלט באַקומען אַ צווייטע שליחות קיין נינוה און ער איז אַהין אַוועק זי אויסצופירן. מיר קאָנען איצט זעהן יונה׳ן, אַלס אַ פּרעדיגער. די צרות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, די ערינערונג פון זיין אייגענער נישט־געהאָרכזאַמקייט, וואָס איז געוועזן די סבה פון זיינע צרות, און זיין ניצול־ווערן פון טויט, וואָס איז געשעהן אויף אַזאַ וואונדערליכען אופן, האָבען, דאַכט זיך, באַדאַרפט אָנפילען זיין האַרץ מיט ליבע און גוטסקייט צו אַנדערע מענשען; אָבער אַנשטאַט דעם, קומט ער אַריין אין דער שטאָט נינוה מיט אַ פלוך אויף זיינע ליפּען און מיט אַ געשריי (קאַפּ. 3, פּסוק 4): „נ אָ ך פ ע ר צ י ג ט ע ג — א ו ן נ י נ ו ה ו ו ע ט פ אַ ר ל ע נ ד ט ו ו ע ר ע ן“.

מיר וועלען איצט באַטראַכטען דעם דאָזיגען „שליח פון גאָט“ אין דעם לעצטען אַקט פון זיין שליחות. און דאָ באַווייזט זיך דער בייזער גייסט פון אַ ביבלישען נביא, אָדער פון אַ נביאות־זאָגענדי־גען פּריסטער, אין זיין גאַנצער טייוועלשער שוואַרצקייט.

אַרויסגעזאָגט זיין נבואה, איז יונה אַוועק אין מזרח־זייט פון דער שטאָט. צוליב וואָס האָט ער דאָס געטון? נישט כדי ער זאָל דאָרט קאָנען ביחידות פאַרטראַכטען זיך וועגען דעם חסד, וואָס גאָט

טויט מיט אים און מיט אנדערע מענשען, נאָר כדי צו וואַרטען מיט בייזער אומגעדולד אויף דער פאַרניכטונג פון נינוה. עס האָט זיך אָבער געמאַכט, אז די מענשען פון נינוה האָבען תשובה געטון אויף זייערע זינד. „און גאָט (קאַפּ. 3, פּסוק 10) האָט חרטה באַקומען אויף דעם שלעכטען, וואָס ער האָט זיי געזאָלט טון, און ער האָט עס נישט געטון". דאָס, ווערט ווייטער געזאָגט (קאַפּ. 4, פּסוק 1) „איז יונה'ן זעהר נישט געפעלען, און ער האָט זיך פיל געערגערט". ער האָט אין זיין האַרטהאַרציגקייט געוואָלט בעסער, אז גאַנץ נינוה זאָל פאַרניכטעט ווערען, אז אַלע מענשען, יונג און אַלט, זאָלען אומקומען אין די חורבות, איידער זיין נבואה זאָל נישט דערפילט ווערען.

כדי נאָך מער ארויסצושטעלען פאַר אונז דעם כאַראַקטער פון א נביא, ווערט דערציילט, אז דאָרט, וואו יונה האָט זיך צוריקגע־צויגען, איז איבער נאַכט אויסגעוואַקסען א בלאַט, וואָס האָט מיט זיין שאָטען געזאָלט אים באַשיצען פון דער היץ פון דער זון, ווען עס וואָלט נישט געווען גלייך אין פריהמאָרגען פאַרדאָרט גע־ווען. אָבער דאָס האָט שוין דעם נביא אריינגעבראַכט אין אזא נרימצאָרן, אז ער איז גרייט געווען זיך אליין דורס צו זיין. „עס איז בעסער — האָט ער געזאָגט — פאַר מיר צו שטאַרבען, ווי צו לעבען." ביי דעם טענה'עט זיך דער אלמעכטיגער אויס מיט'ן נביא (קאַפּ. 4, פּסוק 9, און ווייטער): „און גאָט האָט געזאָגט צו יונה'ן: טוסטו גוט צאָרענען איבער דעם בלאַט? און יונה האָט געזאָגט: יאָ, עס פאַרדריסט מיר ביז צום טויט. אזוי האָט גאָט געזאָגט: דו דערבאַרעמסט זיך אויף דעם בלאַט, וואָס נישט דו האָסט זיך אויף אים געמיהט און נישט דו האָסט עס געלאָזט וואַקסען, וואָס איז איבער נאַכט אויפגעגאַנגען און איבער נאַכט אומגעקומען; און זאָל איך זיך נישט דערבאַרעמען אויף דער גרויסער שטאָט

ניגוה. וואס עס איז אין איר פאראן
איבער צוועלף מאָל צען טויזענט מענ־
שען, וואס ווייסען נישט צו אונטער־
שיידען צווישען זייער רעכטער האנט
און זייער לינקער האנט?"

דערמיט ענדיגט זיך די דאָזיגע פאַבעלהאַפטיגע געשיכטע. ווי א סאַטירע, גרייפט זי שאַרף אָן דעם כאַראַקטער פון אַלע ביבלישע נביאים און דאָס פאַראורטיילען צום אונטערגאַנג מענער, פרויען און קינדער גאַר אָן אַן אונטערשייד, וואָס דאָס דאָזיגע פאַלשע בוך, די ביבעל, איז מיט דעם אַזוי פול; פאַר אַזעלכע פאַלען, ווי דער מבול, ווי די פאַרניכטונג פון סדום און עמורה, אדער די אויסראָטונג פון די כנענים, פאַר אַט־די אַלע פאַלען, וואו עס זיינען, לויט דער ביבעל, נישט געשוינט געוואָרען אפילו זויג־קינדער און מעוברת'ע פרייען, גילט דאָך אויך די טענה, אז „עס זיינען דאָרט פאראן איבער צוועלף מאָל צען טויזענט מענשען, וואס ווייסען נישט צו אונטערשיידען צווישען זייער רעכטער האנט און זייער לינקער האנט", ד. ה. קליינע קינדער. דאָס דאָזיגע בוך לאַכט אויך אָפּ פון דער באַזונדערער ליבע, וואָס גאָט זאָל כלומרשט פילען צו איין פאָלק.

דער מוסר השכל, וואָס מען קאָן זיך אראָפּנעמען פון אָט דעם בוך, רעדט קעגען דעם בייזווילינגען גייסט פון נבואה: ווייל אויב א מענש זאָגט נאָר פאַר א בייזע זאַך, וועט ער שוין זיין גענייגט צו ווינשען, אז זי זאָל געשעהן. דער שטאָלץ, וואָס עס גיט איּם די טרעפענדיגע נביאות־זאָגעריי, מאַכט האַרט זיין האַרץ, און ער פילט זיך דעריבער באַפרידיגט, ווען זיינע פאַראויסזאָגונגען ווערען דערפילט, און אַנטוישט, ווען ער טרעפט נישט מיט זיי. דער סוף פון דעם בוך איז א שטאַרקער אַנגריף קעגען נביאים און זייער נביאות־זאָגעריי, און קעגען דעם פאַראורטיילען מאַסען מענשען, נישט מאַכענדיג גאָר קיין אונטערשייד צווישען אַלט און יונג.

ווענגען די אַנדערע פּאָעטישע טיילען פון דער ביבעל, וואָס ווע־רען באַצייכענט מיט'ן נאָמען נ ב י א ו ת, האָב איך שוין גע־רעדט פריהער. איך האָב דאָרט געזאָגט, אַז דאָס וואָרט נ ב י א איז דאָס ביבלישע וואָרט פאַר'ן באַגריף פּ אָ ע ט און אַז די מליצות פון די דאָזיגע פּאָעטען, וואָס פיל פון זיי זיינען, צוליב דער ווייטקייט פון צייט און צוליב די ענדערונגען, וואָס זיינען זינט דעמאָלט פאָרגעקומען אין דער וועלט, געוואָרען אומפאַרשטענד־ליך, — אַז די דאָזיגע פּאָעטישע מליצות זיינען שפּעטער אָנגענו־מען געוואָרען פאַר נביאות און אָנגעווענדט פאַר זאַכען, וואָס די שרייבער האָבען זיי גאָר קיינמאָל נישט אינזינען געהאַט. ווען אַ פּריסטער ציטירט אַ שטעל פון אַט־די שריפטען, דערקלערט ער דאָס אויף זיין אייגענעם שטייגער, אין איינקלאַנג מיט זיינע איי־גענע אַנשויאונגען, און צווינגט דאָס אַרויף אויף זיין געמיינדע, ווי די אָריגינעלע מיינונג פון דעם שרייבער. די ז ו נ ה פ ו ן ב ב ל איז געווען די אַלגעמיינע זונה פון אַלע פּריסטער, און איי־נער האָט באַשולדיגט דעם צווייטען אין אויפהאַלטען אַט־די אויסגע־לאַסענע פרוי*); אַט־אַזוי האָבען זיי דאָס געשטימט צווישען זיך אין זייערע דערקלערונגען.

עס זיינען פאַרבליבען אין דער ביבעל נאָך אייניגע ביכער, וואָס געהערען צו די אַזוי־גערופענע קלענערע נביאים; אָבער אַזוי ווי איך האָב אייך שוין געוויזען, אַז די גרעסערע פון זיי זיינען גע־ווען פאַרפירער, וועט פון מיין זייט גאָרנישט זיין שען צו שטערען די רוה פון די קליינע. זאָלען זיי דעריבער רוהיג שלאָפען אין שוים פון זייער פלעגער, די פּריסטער, און צוזאַמען מיט זיי פאַרגעסען ווערען.

*) טאָמאַס פּעין האָט דאָ אינזינען די באַרימטע שטעל פון „אַנט־פּלעקונג" (קאַפּ. 17, פּסוקים 4, 5), וואו עס רעדט זיך וועגען דער ז ו נ ה פ ו ן ב ב ל. פּראָטעסטאַנטישע קאָמענטאַטאָרס פון דעם נייעם טעסטאַמענט אידענטיפיצירען די ז ו נ ה פ ו ן ב ב ל מיט דער הערשאַפט פון פּויפּסט, אַנדערע קאָמענטאַטאָרס, ווידער, טייטשען דעם פּסוק, אַז אַפּאָסטעל יוחנן האָט דערמיט געמיינט דעם היידנישען רוים, דעם גייסט פון גאָטלאָזיגקייט און שלעכטס אין אַלע זיינע פאַרשיידענע פאָרמען, און א. וו. — איבערזעצער.

איך בין דורכגעגאנגען די ביבעל, ווי איינער וואלט דורכגע־גאנגען א וואלד מיט א האק אויפ'ן אקסעל און אויסגעהאקט די בוימער. אט ליגען זיי פאר אייך, און זאלען די פריסטער זיי צו־ריקפלאנצען, אויב זיי קאנען דאס נאר טון. זיי וועלען אפשר קא־נען זיי צוריק ארייננשטעקען אין דעם באדען, זיי וועלען אבער קיינ־מאל נישט קאנען זיי לאזען ווידעראמאל וואקסען. איך וועל איצט איבערגיין צו די ביכער פון דעם **נייעם טעסטאמענט**.

# דער נייער טעסטאַמענט.

דער נ י י ע ר  ט ע ס ט א מ ע נ ט, זאגט מען אונז, איז געבויט אויף דער נביאות־זאַגעריי פון דעם א ל ט ע ן. אויב אזוי, מוז ער האבען דעמזעלביגען מזל, וואס זיין פונדאמענט.

אזוי ווי עס איז נישט חוץ לדרך הטבע, אז א פרוי זאל מעוברת ווערען פאר דער חתונה, און אז דער זון, וואס זי וועט געבוירען, זאל שפעטער, כאטש א גאנץ אומשולדיגער, היינגעריכט ווערען, האב איך נישט קיין גרונט ניט צו גלויבען, אז אזא פרוי, ווי מרים, און אזוינע מענער, ווי יוסף און ישו, האבען באמת געלעבט. דער בלויזער פאקט פון זייער עקזיסטענץ איז פאר אונז גאנץ אומוויכטיג. עס איז מעגליך, אז אזוינע מענשען, אדער, יעדענפאלס, ענליכע צו זיי, האבען טאקע געלעבט, ווייל אלע פאנטאסטישע געשיכטעס זיינען סוגערירט געווארען דורך אמת'ע געשעהענישען, ווי, א שטייגער, ראבינזאן קרוזא'ס אוואנטורען, וואס קייןווארט אין זיי איז נישט אמת, זיינען סוגערירט געווארען דורך דעם פאל פון אלעקסאנדער סעלקירק.

די עקזיסטענץ, אדער נישט־עקזיסטענץ פון די דאזיגע פערזאנען אינטערעסירט מיך דא גאנץ ווייניג. וואס איך וויל דא באקעמפען, איז די פאבעל וועגען ישו הנוצרי, ווי זי ווערט דערציילט אין דעם נ י י ע ם  ט ע ס ט א מ ע נ ט, און די ווילדע און פאנטאסטישע לערע, וואס איז אויף איר אויפגעבויט געווארען.

גענומען אזוי, ווי זי ווערט דערציילט אין דעם נ י י ע ם ט ע ס ט א מ ע נ ט, איז די מעשה פשוט נישט־אנשטענדיג. עס ווערט אין איר דערציילט וועגען א יונגער פרוי, וואס א גייסט האט, איינפאך גערעדט, זי פארפירט איז דער צייט פון איר פארלויבונג, אונטער'ן אויסרייד, אז (לוקאס, קאפיטעל 1, פסוק 35) „ד ע ר  ר ו ח  ה ק ו ד ש  ו ו ע ט  א ו י ף  ד י ר  ק ו מ ע ן  א ו ן  ד י  מ א כ ט  פ ו ן  ד ע ם  א י י ב ע ר ש ט ע ן  ו ו ע ט

ד י ר ב א ד ע ק ע ן". יוסף, איר חתן, האָט פונדעסטוועגן מיט איר דערנאָך חתונה געהאַט, געלעבט מיט איר, ווי מיט זיין פרוי, און אַזוי אַרום קאַנקורירט מיט'ן גייסט. אַט־דאָס איז די געשיכטע, דערציילט אין פשוט'ע ווערטער; און ווען איבערגעגעבן אויף אַזאַ שטייגער, דאַרף זיך יעדער גייסטליכער גאָר שעמען צו אנערקענען זי.*)

אין רעליגיעזע ענינים איז אומפאַרשעמטקייט, ווי פאַרשטעלט זי זאָל נישט זיין, אַלע מאָל א סמן פון פאַלשקייט און ליגען. אונזער ערנסטער גלויבען אין גאָט טאָר נישט זיין פאַרבונדען מיט מעשיות, וואָס קאָנען, ווי די פריהערדיגע מעשה, דערציילט ווערען, ווי א שפּאַס. די דאָזיגע געשיכטע איז פון דעמזעלביגען סאָרט, ווי די, וואָס ווערען דערציילט וועגען יופּיטער'ן און לעדאַ, אָדער וועגען יופּיטער'ן און אייראָפּאַ, אָדער וועגען אַנדערע ליבעס־אַוואַנטורען פון יופּיטער'ן. און דאָס ווייזט, ווי איך האָב דאָס שוין אַרויסגעזאָגט אין דעם ערשטען טייל פון „דער צייט פון פאַרשטאַנד", אז די קריסטליכע רעליגיע איז געבויט אויף דער היידנישער מיטאָלאָגיע.

אַזוי ווי די געשיכטליכע טיילען פון דעם נ י י ע ם ט ע ס־ ט א מ ע נ ט, אויף וויפיל זיי האָבען נאָר צו טון מיט ישו הנוצרי, זיינען באַשרענקט אויף זעהר א קורצער צייט, אויף ווייניגער פון צוויי יאָר, און אַזוי ווי אַלע, וואָס ווערט דאָ דערציילט, קומט פאָר אין איין לאַנד, און כמעט אויף איין־און־דעמזעלביגען אָרט, קאָנען מיר נישט ערוואַרטען צו געפינען דאָ אַזוי פיל ווידערשפּרוכען אין צייט, פּלאַץ און אומשטענדען, ווי אין דעם א ל ט ע ן ט ע ס ט א־ מ ע נ ט. דער נייער טעסטאַמענט, ווען פאַרגליכען מיט'ן אַלטען, איז ווי א פאַרס פון איין אַקט, וואָס עס איז אין אים נישטאָ גענוג פּלאַץ פאַר זעהר פיל ווידערשפּרוכען. כאָטש די, וואָס זיינען פאַראַן, זיינען אויך גאַנץ גענוג צו ווייזען, אז די מעשה מיט ישו הנוצרי איז דורכאויס פאַלש.

*) מרים, ישוע'ס כלומר'שטיגע יונגפרוי־מוטער, האָט געהאַט נאָך אַנדערע קינדער, זין און טעכטער. זעה מ ת י א, קאַפּ. 13, פסוקים 55, 56.

ווען אַלע טיילען פון א מעשה שטימען צווישען זיך, באווייזט דאס נאך נישט, אז די מעשה איז אן אמת'ע: די טיילען קאָנען טאַקע צווישען זיך שטימען, און דאַס גאַנצע זאָל דאך זיין פאַלש. ווען אָבער באַזונדערע טיילען פון א מעשה שטימען נישט צווישען זיך, איז דאַס א זיכערער באַוויז, אז דאַס גאַנצע קאָן נישט זיין אמת'דיג; ד. ה., דאַס שטימען פון די טיילען באַווייזט נישט דעם אמת, אָבער דאַס נישט־שטימען באַווייזט זיכער די פאַלשקייט. דאַס איז א פעסטגעשטעלטער כלל.

די מעשה מיט ישו הנוצרי געפינט זיך אין די פיר ביכער, וואָס ווערען צוגעשריבען צו מתיא, מארקוס, לוקאס און יוחנן.

דאַס ערשטע קאַפּיטעל פון מתיא הויבט זיך אָן מיט דער גענעאַלאָגיע (סדר היחוס) פון ישו הנוצרי; און אין דעם דריטען קאַפּיטעל פון לוקאס ווערט אויך געגעבען א גענעאַלאָגיע פון ישו הנוצרי. ווען די דאָזיגע צוויי גענעאַלאָגיעס וואָלטען געשטימט צווישען זיך, וואָלט דאַס נאך נישט באַוויזען, אז זיי זיינען אמת'דיג, ווייל דאַס וואָלט זיי פונדעסטוועגען נישט געשטערט צו זיין א פאַבריצירטע זאַך; אָבער אַזוי ווי זיי ווידערשפּרעכען איינע די אַנדערע אין יעדער איינצעלהייט, זיינען זיי זיכער פאַלש. אויב מתיא זאָגט אמת, זאָגט לוקאס ליגען, און אויב לוקאס זאָגט אמת, זאָגט מתיא ליגען; און אַזוי ווי מיר ווייסען נישט, ווער פון זיי ביידען איז מער באַגלויבט, קאָנען מיר נישט גלויבען קיינעם פון זיי; און אויב זיי קאָנען נישט זיין באַגלויבט גלייך אין אָנהויב פון דעם, וואָס זיי קלייבען זיך אונז צו דערציילען, קאָן מען זיי שוין נישט גלויבען אין קיין זאַך, וואָס זיי דערציילען אונז שפּעטער.

דער אמת איז אן איינהייטליכע זאַך. און וואָס אנבאַלאַנגט דער געטליכער אינספּיראַציע און אַנטפּלעקונג, קאָנען מיר אין דעם נישט צולאָזען קיין שום ווידערשפּרוך, אויב מיר נעמען נאָר אָן, אז אַזוינע זאַכען, ווי געטליכע אינספּיראַציע און אַנטפּלעקונג, זיינען מעגליך. א ווידערשפּרוך אין דעם דאָזיגען פאַל ווייזט איינס פון די ביידע, — אָדער די אַזוי־גערופענע אַפּאָסטאָלען זיינען פאַר־

פירער, אדער די ביכער זיינען אנגעשריבען געוואָרען פון אַנדערע מענשען און צוגערעכענט צו זיי, ווי מיר האָבען דאָס געזעהען ביי די ביכער פון דעם אלטען טעסטאַמענט.

דאָס בוך פון מ ת י א גיט (קאפּ. 1, פּסוק 6) די גענעאַלאָגיע פון דוד'ן ביז ישו הנוצרי, וואָס באשטייט אין סך הכל פון א כ ט ־ א ו ן ־ צ ו ו א נ צ י ג הורות; דאָס בוך פון ל ו ק א ס גיט דיזעלביגע גענעאַלאָגיע פאַרקערט, ד. ה. פון קריסטוס'ן ביז דוד'ן, רעכענענדיג צוזאַמען ד ר י י ־ א ו ן פ ע ר צ י ג דורות. אחוץ דעם זיינען איןביידע רשימות גלייך נאָר די צוויי נעמען פון יוסף'ן, מרים'ס מאַן, און דוד'ן.

איך ברענג דאָ ביידע גענעאַלאָגישע רשימות, וואָס איך האָב זיי, צוליב קלאָרקייט און צוליב דער מעגליכקייט פון פאַרגלייך, אויסגעשטעלט אין איין־און־דערזעלביגער ריכטונג, ד. ה. פון יוסף'ן ביז דוד'ן.

| | דער סדר היחוס לויט מתיא | דער סדר היחוס, לויט לוקאַס | | דער סדר היחוס לויט מתיא | דער סדר היחוס, לויט לוקאַס |
|---|---|---|---|---|---|
| | קריסטוס | | 23 | יהושפט | נרי |
| 2 | יוסף | יוסף | 24 | אָסא | מלכי |
| 3 | יעקב | עלי | 25 | אביה | אַדי |
| 4 | מתן | מתת | 26 | רחבעם | קוסם |
| 5 | אלעזר | לוי | 27 | שלמה | אלמודם |
| 6 | אליהוד | מלכי | 28 | דוד*) | ער |
| 7 | יכין | יני | 29 | | יוסי |
| 8 | צדוק | יוסף | 30 | | אליעזר |
| 9 | עזור | מתתיהו | 31 | | יורים |
| 10 | אליקים | עמוץ | 32 | | מתת |
| 11 | אביהוד | נחום | 33 | | לוי |
| 12 | זרבבל | חסלי | 34 | | שמעון |
| 13 | שאלתיאל | נגי | 35 | | יהודה |
| 14 | יכניהו | מחת | 36 | | יוסף |
| 15 | יאשיהו | מתתיהו | 37 | | יונם |
| 16 | אמון | שמעי | 38 | | אליקים |
| 17 | מנשה | יוסף | 39 | | מלאה |
| 18 | חזקיהו | יודה | 40 | | מנא |
| 19 | אחז | יותנן | 41 | | מתתא |
| 20 | יותם | רישע | 42 | | נתן |
| 21 | עזיהו | זרבבל | 43 | | דוד |
| 22 | יהורם | שאלתיאל | | | |

*) פון דוד'ס געבורט ביז דער געבורט פון קריסטוס'ן איז א משך

אויב די דאָזיגע לייט, מתיא און לוקאַס, קאָנען נישט זיין באַגלויבט, ווען זיי דערציילן אונז וועגן קריסטוס'עס נאַטירליכער אָפּשטאַמונג, איז ווי אַזוי קאָנען מיר זיי גלויבן, ווען זיי זאָגן אונז, אַז ער איז געווען דער זון פון גאָט, געבוירען דורך א גייסט, און אַז א מלאך האָט דאָס בסוד אַנגעזאָגט זיין מוטער? אויב זיי זיינען פאַלש אין איין טייל פון זיין אָפּשטאַם, איז ווי אַזוי קאָנען מיר זיי גלויבן אין דעם צווייטען טייל? אויב די דאָזיגע נאַטירליכע גענעאַלאָגיע איז פאַבריצירט געוואָרען, וואָס דאָס איז א זיכערע זאַך, איז וואָרום זאָלען מיר נישט אַננעמען, אַז די הימעלשע גענעאַלאָגיע איז אויך פאַבריצירט געוואָרען און אַז די גאַנצע מעשה איז אַן אויסגעטראַכטע?

וועט דען א דענקענדער מענש גאָר האָבען דעם מוט צו בויען זיין צוקונפטיג גליק אויף דעם גלויבען אין אַן אוממעגליכער מעשה וואָס איז אָפּשטויסיג פאַר יעדען באַגריף פון אַנשטענדיגקייט און דערצו נאָך דערציילט פון נישט פאַרטרויענסווערטע מענשען? איז דען נישט מער זיכער אַנצונעמען דעם איינפאַכען, ריינעם און נישט־געמיישטען גלויבען אין „יחדות־הבורא", אין דעם דעאיזם, איידער אַנצונעמען די דאָזיגע מאַסע אוממגליכיגע, אומלאָגישע, נישט־אַנשטענדיגע און ווידערשפּרעכיגע מעשיות?

די ערשטע פראַגע, וואָס מען שטעלט זיך אויף די ביכער פון

---

פון איבער 1080 יאָר; און אַזוי ווי די ציַיט פון קריסטוס'עס לעבען איז דאָ נישט איינגעשלאָסען, פאַרבלייבען נאָר 27 פולע דורות. כדי צו געפינען דעם דורכשניטליכען עלטער פון יעדען מענשען, וואָס ווערט דערמאָנט אין דער דאָזיגער רשימה, אין דער ציַיט, ווען זיין ערשטער זון איז געבוירען געוואָרען, דאַרפען מיר נאָר צעטיילען 1080 אויף 27, וואָס דאָס מאַכט אויס 40 יאָר אויף יעדען איינעם. אַזוי ווי די מענשען פון יענער ציַיט האָבען געלעבט נישט מער, ווי די מענשען פון היינטיגער ציַיט, איז גאָר נאַריש צו רעכענען, אַז אין 27 דורות נאָכאַנאַנד זאָלען די מענער חתונה האָבען, ווען זיי זיינען געווען אַלטע בחורים, בפרט נאָך, ווען מען דערציילט אונז, אַז שלמה, דער דירעקטער נאָכקומער פון דוד'ן, האָט געהאַט א פולע שטוב מיט ווייבער און געליבטע נאָך איידער ער איז אַלט געוואָרען איין־און־צוואַנציג יאָר. די דאָזיגע גענעאַלאָגיע איז נישט נאָר ניט קיין אמת, נאָר אפילו נישט קיין קלוגער ליגען. די רשימה פון לוקאַס גיט אַרום זעקס־און־צוואַנציג יאָר פאַר דעם דורכשניט־עלטער, און דאָס איז צופיל.

דעם נייעם טעסטאַמענט, אַזוי ווי אויף די ביכער פון דעם אלטען. איז — צי זיינען זיי נישט געפעלשט? צי זיינען זיי טאַקע אַנגעשריבען געוואָרען פון די מענשען, וועמעס נעמען זיי טראַגען? אַזוי ווי מיר האָבען דאָ נישט קיין דירעקטען באַווייזען פאַר אָדער קעגען דעם דאָזיגען פונקט, הייסט עס, אַז די גאַנצע זאַך געפינט זיך אונטער אַ צווייפעל, און צווייפעל איז דאָך דער היפוך פון גלויבען.

עס איז פונדעסטוועגען פאַראַן אַ שטאַרקער גרונט צו גלויבען, אַז די ביכער, וואָס ווערען צוגערעכענט צו די אַזוי־גערופענע עוואַנגעליסטען, זיינען געפעלשט און ניט פון זיי געשריבען. אַזא השערה גיט אונז די אומאָרדענונג פון דעם געשיכטליכען טייל פון די דאָזיגע פיר ביכער, דאָס, וואָס זאַכען, דערציילט אין איין בוך, ווערען פאַרשוויגען אין די אַנדערע און די פיל ווידערשפּרוכען צווישען איין בוך און דעם אַנדערען; דאָס ווייזט אויך, אַז די ביכער זיינען פאַרפאַסט געוואָרען פון מענשען, וואָס האָבען איינער מיט'ן אַנדערען נישט געהאַט קיין שום שייכות און אין פיל יאָר אַרום נאָך דעם, ווי דאָס, וואָס זיי דערציילען, איז געשעהען; יעדערער פון זיי האָט פאַרפאַסט זיין אייגענע לעגענדע. דאָס זיינען, אַלזוי, נישט די שריפטען פון מענשען, וואָס האָבען געלעבט צוזאַמען, ווי די אַזוי־גערופענע אַפּאָסטאָלען, נאָר געפעלשטע פאַרפאַסונגען, וואָס זיינען, ווי די ביכער פון דעם אַלטען טעסטאַמענט, אַרויסגעגעבען געוואָרען אונטער פרעמדע נעמען.

די מעשה מיט'ן מלאך, וואָס ברענגט מרים'ן די בשורה וועגען דעם, וואָס די קירך רופט אָן אומבאַפלעקטע באַפרוכטונג, ווערט אפילו נישט דערמאָנט אין די ביכער, וואָס ווערען צוגעשריבען צו מאַרקוס'ן און יוחנן, און ווערט איבערגעגעבען אין פאַרשיידענע נסחאות אין די ביכער פון מתיא און לוקאס. אין דעם ערשטען ווערט געזאָגט, אַז דער מלאך האָט זיך באַוויזען צו יוסף'ן; און לויט דעם צווייטען, האָט ער זיך נאָר באַוויזען צו מרים'ן. אָבער סיי יוסף און סיי מרים זיינען אין דעם

פאַל שלעכטע עדות: וועגען דעם האָבען אַנדערע מענשען באַ־
דאַרפט עדות זאָגען פ א ר ז י י, אָבער נישט זיי אַליין פאַר
זיך. וואָלט היינט אַ מיידעל, וואָס איז מעוברת, געזאָגט, אָדער
אפילו געשוואוירען, אַז זי איז מעוברת געוואָרען דורך אַ גייסט און
אַז אַ מלאך האָט דאָס איר אַליין געזאָגט, וואָלט מען איר דען גע־
גלויבט? געוויס נישט. איז וואָרום זאָלען מיר גלויבען אין דער־
זעלביגער זאַך אַן אַנדער מיידעל, וואָס מיר האָבען זי קיינמאָל
נישט געזעהען און וואָס קיינער וויים נישט פון ווענען, וואו און
ווען דאָס איז דערציילט געוואָרען? ווי מאָדנע און נישט־אויסגע־
האַלטען עס איז, אַז די זעלביגע זאַך, וואָס וואָלט אָפּגעשוואַכט דעם
גלויבען אפילו אין אַ מעגליכער מעשה, זאָל געגעבען ווערען, ווי אַ
מאָטיוו פאַר גלויבען אין דער מעשה מיט'ן מלאך, וואָס טראָגט
אויף זיך יעדען סמן פון אַבסאָלוטער אוממעגליכקייט און פאַלש־
קייט!

די מעשה מיט הורדוס'ן, וואָס האָט אומגעבראַכט אַלע קינדער
אונטער צוויי יאָר, געהערט אינגאַנצען צום בוך פון מתיא; די
איבעריגע ביכער דערמאָנען גאָרנישט וועגען דעם. ווען אַזאַ גע־
וואַלטיגע זאַך וואָלט געווען אַן אמת, וואָלט זי געמוזט באַוואוסט
ווערען צו אַלע שרייבער און פון קיינעם נישט אויסגעלאָזט. דער
דאָזיגער שרייבער, מתיא, דערציילט אונז, אַז ישו האָט אויסגע־
מיטען דעם טויט, ווייל אַ מלאך האָט געוואָרענט יוספ'ן און מרים'ן
צו אַנטלויפען מיט אים קיין מצרים; ער האָט אָבער פאַרגעסען צו
מאַכען עפּיס אַ באַוואָרעניש פאַר יוחנן המטבל, וואָס איז דעמאָלט
אויך אַלט געווען ווענינער פון צוויי יאָר. אָבער יוחנן, פאַרבלייי־
בענדיג אויפ'ן אָרט, האָט זיך פונדעסטוועגען פּונקט אַזוי געראַטע־
וועט, ווי ישו, וואָס איז אַנטלאָפען; און אַזוי אַרום לייקענט דאָ די
מעשה זיך אַליין אָפּ.

קיינער פון די דאָזיגע שרייבער שטימט נישט מיט די איבע־
ריגע אין איבערגעבען ג ע נ ו י א י ן ד י ז ע ל ב י ג ע ו ו ע ר־
ט ע ר די קורצע אויפשריפט, וואָס מען האָט, ווי זיי דערציילען,
אַרויפגעזעצט איבער ישוע'ן, ווען ער איז געקרייציגט געוואָרען.
אַ חוץ דעם זאָגט מאַרקוס, אַז ע ר איז געקרייציגט געוואָרען אין

דער דריטער שעה (ניין אינדערפרי), און יוחנן זאָגט, אַז דאָס איז געווען אין דער זעקסטער שעה (צוועלף בייטאָג)*).

די אויפשריפט ווערט אין אַט־די ביכער איבערגעגעבן אַזוי:

מתיא — „דאָס איז ישוע, דער מלך פון די אידען."

מאַרקוס — „דער מלך פון די אידען."

לוקאַס — „דאָס איז דער מלך פון די אי־דען."

יוחנן — „ישוע הנוצרי, דער מלך פון די אידען."

מיר קאָנען זעהן פון דעם דאָזיגען פאַל, ווי אומוויכטיג ער זאָל נישט זיין, אַז די שרייבער, וועלכע זיי זאָלען נישט זיין און ווען זיי זאָלען נישט האָבען געלעבט, זיינען נישט בייגעווען די כצענע פון ישו'ס קרייציגונג. דער איינציגער פון די אַזוי־גערופענע אַפּאָס־טאָלען, וואָס איז, ווייזט אויס, געווען נאָהענט פון דעם פּלאַץ, איז געווען פּעטרוס, און ווען מען האָט אים באַשולדיגט, אַז ער איז איינער פון קריסטוס'עס נאָכפאָלגער, „אַזוי האָט (מתיא, קאַפּ. 26, פּסוק 74) ער (פּעטרוס) אָנגעהויבען צו פלוכען און צו שווערען, זאָגענדיג: איך קען ניט דעם מאַן!" און דאָך הייסט מען אונז גלויבען דעמזעלביגען פּעטרוס, וואָס איז, לויט זייערע אייגענע ווערטער, באַגאַנגען דעם פאַרברעכען פון שווערען פאַלש. צוליב וואָס זאָ־לען מיר דאָס טון?

וועגען די אומשטענדען, ביי וועלכע די קרייציגונג איז פאָרגע־קומען, ווערט אויך דערציילט אין די דאָזיגע פיר ביכער אויף פאַר־שיידענע אופנים.

דאָס בוך, וואָס ווערט צוגערעכענט צו מתיא'ן, דערציילט ווע־גען דעם אַזוי (קאַפּ. 27, פּסוק 45): „און פון דער

*) לויט יוחנן, איז דער טויט־אורטייל ארויסגעגעבען געוואָרען ערשט ארום דער זעקסטער שעה (צוועלף בייטאָג) און ממילא האָט די הינריכטונג נישט געקאָנט פאַרקומען פריהער, ווי נאָכמיטאָג־צייט; אָבער מאַרקוס זאָגט אויסדריקליך, אַז ישוע איז געקרייציגט געוואָרען אין דער דריטער שעה (ניין אינדערפריה), קאַפּ. 15, פּסוק 25, יוחנן, קאַ־פּיטעל 19, פּסוק 14.

זעקסטער שעה איז געווען פינסטער איבער'ן גאַנצען לאַנד, ביז צו דער ניינטער שעה." פּסוק 51, און ווייטער: „און זעה, דער פּרוכת פון דעם בית המקדש איז אין צוויען צעריסען געוואָרען, פון אויבען ביז אַראָפּ, און די ערד האָט גע־ציטערט, און די פעלזען האָבען זיך גע־שפּאָלטען; און די קברים האָבען זיך אויפגעמאַכט, און פיל הייליגע, וואָס זיינען דאָרט געשלאָפען, זיינען אויפ־געשטאַנען און פון די קברים ארויסגע־קומען, נאָך זיין אויפשטיין, און זיינען אוועק אין דער היליגער שטאָט, און האָ־בען זיך באַוויזען צו פיל מענשען." אַט־דאָס איז די מעשה, וואָס דער היציגער שרייבער פון דעם בוך מתיא דערציילט, און וואָס די שרייבער פון די אַנדערע ביכער דערמאַנען וועגען דעם קיין וואָרט נישט.

דער שרייבער פון דעם בוך, וואָס ווערט צוגערעכענט צו מאַרקוס'ן, גיבענדיג אַ רעטאַלירטע דערציילונג וועגען דער קרייציגונג, דערמאָנט נישט מיט קיין וואָרט ניט וועגען דער ערדציטערניש, ניט וועגען די פעלזען, וואָס האָבען זיך צעשפּאָלטען, ניט וועגען די קברים, וואָס האָבען זיך געעפענט, און ניט וועגען די מתים, וואָס זיינען פון דאָרט אַרויסגעקומען. דער שרייבער פון דעם בוך אונטער לוקאַס' נאָמען פאַרשווייגט אויך די דאָזיגע אַלע זאַכען. און וואָס איז שייך דעם בוך אונטער יוחנן'ס נאָמען, ווערט דאָרט גאָרנישט געזאָגט ניט וועגען דער פינסטערניש, ניט וועגען דעם פּרוכת פון בית המקדש, ניט וועגען דער ערדציטער־ניש, די פעלזען, די קברים אָדער די מתים.

אויב אַט־די זאַכען וואָלטען באמת פּאַסירט און אויב די שריי־בער וואָלטען געלעבט אין דער צייט, ווען זיי האָבען פּאַסירט און וואָלטען טאַקע געווען די פּערזאָנען, וואָס מען זאָגט אונז, אַז זיי־נען געווען, ד. ה. די פיר מענשען, וואָס מען רופט זיי אַפּאָסטאָלען,

וואָלט גאָר אוממעגליך געווען פאַר זיי, אַז זיי זאָלען דאָס נישט האָבען פאַרצייכענט, אַפּילו אַן דער הילף פון געטליכער באַגייס־טערונג. די דאָזיגע זאַכען, וועז אַנגענומען, ווי פאַקטען, זיינען צו עפענטליך, אַז זיי זאָלען נישט זיין באַוואוסט, און צו וויכטיג, אַז מען זאָל זיי נישט דערציילען.

די אַלע אַפּאָסטאָלען וואָלטען געמוזט זיין עדות פון דער ער־־ציטערניש, אויב זי וואָלט נאָר באמת פאָרגעקומען, ווייל עס וואָלט דאָך אוממעגליך געווען, אַז זיי זאָלען זי אויסמיידען; דאָס עפענען זיך פון קברים און דאָס לעבעדיג־ווערען פון טויטע מענשען, ווי אויך זייער אַרומגיין איבער דער שטאָט, איז נאָך וויכטיגער, ווי די ערדציטערניש. אַן ערדציטערניש איז אַלעמאָל מעגליך און נאַ־טירליך, און באַווייזט גאָרנישט; אָבער דאָס דאָזיגע עפענען זיך פון קברים איז איבערנאַטירליך און אין פולען הסכם מיט זייער לערע און זייערע אַפּאָסטעל־אינטערעסען. וואָלט דאָס נאָר געווען אַן אמת, וואָלט עס שוין אַנגעפילט גאַנצע קאַפּיטלען פון די דאָ־זיגע ביכער און עס וואָלט געווען די באַליבטסטע טעמע פון אַלע שרייבער; אָבער אַנשטאָט דעם, ווערט דאָרט אָפּט דערציילט מיט אַלע פּרטים וועגען גאַנץ אומוויכטיגע קלייניגקייטען און פּלוידע־רייען, בעת די דאָזיגע געשעהעניש, די וויכטיגסטע פון אַלע, ווערט נאָכלעסיג אָפּגע'פּטר'ט מיט איין פעדער־שטריך, און דאָס נאָר פון איין־איינציגען שרייבער, און אַפּילו נישט דערמאָנט מיט קיין וואָרט פון די איבעריגע שרייבער.

עס איז אַ גרינגע זאַך צו זאָגען אַ ליגען, עס איז אָבער שווער אויפצוהאַלטען אים נאָכדעם, ווי ער איז אַרויסגעזאָגט. דער שריי־בער פון דעם בוך מתיא וואָלט אונז באַדאַרפט זאָגען, ווער עס זיינען געווען די הייליגע, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים און אוועק אין שטאָט אריין, וואָס עס איז פון זיי דערנאָך געוואָרען, און ווער עס האָט זיי געזעהען — צו זאָגען, אַז ער אַליין האָט זיי געזעהען, האָט ער נישט געהאַט דערויף גענוג מוט; צי זיינען זיי אַרויסגעקומען נאַקעטע און צי זיינען דאָס געווען מענער אָדער פרויען; צי זיינען זיי אַרויסגעקומען אין קליידער און וואו האָבען זיי זיי באַקומען; צי זיינען זיי אוועק צו זייערע פריהערדיגע וואוי־

נונגען און פארלאנגט צוריק זייערע פרויען, זייערע מאנען און זייער אייגענטום, און וואס פאר א קבלת פנים האבען זיי באקומען; צי האבען זיי אנגעגעבען אין געריכט פאר דעם צוריקקער פון זייער אייגענטום, אדער אנגעקלאגט די, וואס האבען זיך ארייגעריסען אין זייער פריוואט־לעבען; צי זיינען זיי פארבליבען אויף דער ערד און זיך צוריק פארנומען מיט זייער פריהערדיגער באשעפטיגונג, אלס ארבייטער אדער פרעדיגער; צי זיינען זיי ווידעראמאל גע־שטארבען, אדער זיי זיינען לעבעדיגערהייט אוועק צוריק צו זייערע קברים און האבען זיך אליין באגראבען.

עס איז אודאי א מאדנע זאך, אז א גאנצע ארמיי הייליגע זאלען אויפשטיין תחית המתים, און קיינער זאל גארנישט וויסען, ווער זיי זיינען, אדער ווער עס האט זיי געזעהען, און קיין איבעריג ווארט זאל וועגען דעם דאזיגען ענין נישט ארויסגעזאגט ווערען, און די הייליגע אליין זאלען אונז גאר קיין זאך נישט האבען צו דערציילען! וואלטען דאס געווען די נביאים, וואס האבען, ווי מען זאגט אונז, אמאל נביאות געזאגט איבער אט־די געשעהענישען, וואלטען זיי געמוזט האבען צו דערציילען אן א שיעור זאכען. זיי וואלטען אונז געקאנט אלץ אויסזאגען, און מיר וואלטען אזוי ארום געהאט נייע פראפעצייאונגען, מיט באמערקונ־גען און קאמענטארען אויף די ערשטע, יעדענפאלס אביסעל בע־סערע, ווי די, וואס מיר האבען איצט. וואלטען דאס געווען משה, אהרן, יהושע, שמואל און ד״ד, וואלט אין גאנץ ירושלים נישט פארבליבען קיין איינציגער נישט־באקערטער איד. וואלט דאס גע־ווען יוחנן המטבל און די הייליגע פון יענער צייט, וואלט יעדער איינער זיי געקענט, און זיי וואלטען מיט זייער פרעדיגען און רום פארטונקעלט אלע איבעריגע אפאסטאלען. אבער אנשטאט דעם, האט מען די דאזיגע הייליגע געלאזט פלוצלינג אויפגיין, ווי יונה׳ס בלאט איז אויפגעגאנגען, איבער דער נאכט, נאר כדי צו פארוועל־קען אין פריהמארגען.

די מעשה פון ישוע׳ס לעבעדיג־ווערען פאלגט באלד נאך דער מעשה פון דער קרייציגונג, און אויך דא ווידערשפרעכען די שרייבער, ווער זיי זאלען נישט זיין, איינע די אנדערע אויף אזוי

פיל, אז עס איז קלאר, אז קיינער פון זיי איז דערביי אליין נישט געווען.

אין דעם בוך פון מ ת י א ווערט דערציילט, אז ווען מען האט ישוע'ן אריינגעלייגט אין קבר, האבען די אידען פארלאנגט פון פילאטוס'ן, אז ער זאל אוועקשטעלען ביים קבר א וואך, כדי צו פארהיטען, אז ישוע'ס תלמידים זאלען נישט ארויסגנב'ענען זיין קערפער; עס ווערט דארט אויך דערציילט, אז פילאטוס האט נאכגעגעבען זייער פארלאנג און זיי האבען פ א ר ז י ג ע ל ט דעם ש ט י י ן, וואס האט צוגעדעקט די עפענונג פון קבר, און אוועקגעשטעלט א וואך. אבער די אנדערע ביכער דערציילען גארנישט ניט וועגען דער דאזיגער ווענדונג צו פילאטוס'ן, ניט וועגען פארזיגלען דעם שטיין און ניט וועגען דער וואך. לויט דעם, ווי זיי גיבען איבער די דאזיגע מעשה, איז דארט גארנישט געווען קיין וואך. מתיא גיט צו אט־דעם טייל פון דער מעשה מיט דער וואך צו נאך א טייל, וואס איך וועל זיך דערויף שפעטער אפשטעלען, ווי אויף א זאך, וואס דעקט אויף די פאלשקייט פון די דאזיגע ביכער.

דאס בוך פון מ ת י א דערציילט ווייטער אין זאגט (קאפ. 28, פסוק 1), אז נאך מוצאי שבת, ווען עס האט אנגעהויבען טאגען, קעגען דעם ערשטען טאג פון דער וואך, איז מרים המגדלית און די אנדערע מרים געקומען זעהן דעם קבר. מארקוס זאגט, אז דאס איז געווען ביים זון־אויפגאנג, און יוחנן זאגט, אז עס איז געווען פינסטער. לוקאס זאגט, אז עס זיינען געקומען צום קבר מרים המגדלית, יוחנה, מרים, די מוטער פון יעקב, און נאך אנדערע פרויען; און יוחנן זאגט, אז מרים המגדלית אליין איז געקומען. אט־אזוי שטימען זיי דאס אין זייער עדות־זאגען! עס זעהט פונדעסטוועגען אויס, אז זיי האבען מער פון אלץ געוואוסט וועגען מרים המגדלית; זי איז געווען א פרוי, וואס האט געהאט א ברייטע באקענטשאפט, און עס איז דעריבער נישט געווען קיין אויסערגעוויינטליכע זאך צו טרעפען זי אומעטום.

דאס בוך פון מ ת י א דערציילט ווייטער (פסוק 2): „און זעה, עס איז געשעהען א גרויסע ערדציטערניש, ווארים א מלאך

פון גאָט איז אַראָפּגעקומען פון הימעל, און ער איז געגאַנגען און האָט אַוועקגעשאָרט דעם שטיין פון דער טיר, און האָט זיך אויף אים געזעצט". אָבער די אַנדערע ביכער זאָגען גאָרנישט ניט וועגען דער ערדציטערניש, ניט וועגען דעם מלאך, וואָס האָט אַוועקגעקייקעלט דעם שטיין און זיך אויף אים געזעצט; לויט ווי זיי דערציילען, איז דאָרט קיין מלאך נישט געזעסען אויפ'ן שטיין. מאַרקוס זאָגט, אַז דער מלאך איז געזעסען אינעווייניג אין קבר, ביי דער רעכטער זייט. לוקאַס זאָגט, אַז עס זיינען דאָרט געווען צוויי מלאכים און זיי זיינען ביידע געשטאַנען; און יוחנן זאָגט, אַז זיי זיינען ביידע געזעסען. איינער — צוקאָפּענס און דער אַנדערער — צופיסענס.

מ ת י א זאָגט, אַז דער מלאך, וואָס איז געזעסען אויפ'ן שטיין, אויסער דעם קבר, האָט געזאָגט די צוויי מרים'ס, אַז ישו איז אויפגעשטאַנען, און זיי זיינען שנעל אַוועקגעגאַנגען פון דאָרטען. מאַרקוס זאָגט, אַז ווען די פרויען האָבען מיט פאַרוואונדערונג דערזעהען, אַז דער שטיין איז אַוועקגענומען פון קבר, זיינען זיי אריין אינעווייניג און דער מלאך, וואָס איז דאָרט געזעסען ביי דער רעכטער זייט, האָט זיי דערציילט וועגען ישו'ס לעבעדיג־ווערען. לוקאַס זאָגט, אַז דאָס האָבען די צוויי מלאכים, וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען, דערציילט די פרויען וועגען ישו'ס לעבעדיג־ווערען; און יוחנ'ן זאָגט, אַז דאָס האָט ישו הנוצרי אליין דערציילט מרים המגדלית וועגען דעם, און אַז זי איז נישט אריינגעגאַנגען אינעווייניג אין קבר, נאָר זי האָט זיך אָנגעבויגען און אריינגעקוקט.

ווען די שרייבער פון די דאָזיגע ביכער וואָלטען געגאַנגען אין א געריכט־הויז צו באַווייזען אַן alibi (ווייל דאָס, וואָס זיי ווילען דאָ באַווייזען, נעמליך, דאָס נישט־ווערען פון א טויטען קערפּער מיט דער הילף פון איבערנאַטירליכע קרעפטען, טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַן alibi) און וואָלטען דאָס געטון אויפ'ן זעלבּיגען ווידערשפּרעכיגען אופן, ווי זיי טוען עס דאָ, וואָלטען זיי געווען אין דער געפאַר, אַז מען זאָל זיי אָפּשניידען די אויערען פאַר פאַלש־שווערען, און זיי וואָלטען דאָס מיט רעכט פאַרדינט. און דאָך זיינען אָט די ביכער אַרויסגעצוואונגען געוואָרען אויף דער

וועלט, ווי געטליך־באגייסטערטע שריפטען און ווי דאס אומפאר־ענדערליכע ווארט פון גאט.

דער שרייבער פון דעם בוך מ ת י א גיט צו דער פריהער־דיגער מעשה צ׳ נאך א טייל, וואס אין די אנדערע ביכער איז דאס נישטא:

„און ווען זיי — זאגט ער — זיינען אוועקגעגאנגען (ד.ה. נאכ׳ן געשפרעך צווישען די פרויען און דעם מלאך, וואס איז גע־זעסען אויפ׳ן שטיין), אזוי זיינען עטליכע פון דער וואך (מיינענ־דיג די וואך, וואס איז אוועקגעשטעלט געווארען ביי דעם קבר) אריינגעקומען אין שטאט, און האבען דערציילט די ראשי כהנים אלץ, וואס עס איז געשעהען. און זיי האבען זיך פארזאמעלט מיט די לעצטע און האבען א עצה געהאלטען, און האבען געגעבען פיל געלט צו די זעלנער; און האבען געזאגט: איר זאלט זאגען, אז זיינע תלמידים זיינען ביינאכט געקומען און האבען אים צוגע־גנב׳עט, בעת מ י ר ז י י נ ע ן ג ע ש ל א פ ע ן; און ווען דער גובערנאטאר וועט דאס דערהערען, וועלען מיר איהם איבער־רעדען און אייך אויסער געפאר שטעלען. און זיי האבען גענומען דאס געלט, און האבען געטון, ווי מען האט זיי געלערנט; און די דאזיגע זאך (ד.ה. אז ישוע׳ס תלמידים האבען איהם צוגעגנב׳עט) ווערט געוויינטליך דערציילט צווישען די אידען ביז צום הייגטי־גען טאג“.

דער אויסדרוק „ב י ז צ ו ם ה י י נ ט י ג ע ן ט א ג“ ווייזט, אז דאס בוך, וואס ווערט צוגערעכענט צ׳ מתיא׳ן, איז נישט פון איהם געשריבען געווארען, נאר פאבריצירט א לאנגע צייט נאכדעם, ווי דאס, וואס ווערט דארט דערציילט, איז כלומרשט געשעהען. עס האט דאך נישט קיין זין צו רעדען אויף אזא אופן וועגען זאכען, וואס קומען פאר אין אונזער אייגענער צייט. כדי דער דאזיגער אויסדרוק זאל דא האבען א זין, מוזען מיר אננעמען, אז צווישען איהם און דער געשעהעניש, אויף וועלכער ער טייט אן, ליגט וועניגסטענס א צווישען־צייט פון עטליכע דורות.

עס איז אויך כדאי צו באמערקען די אומזיניגקייט פון דער

גאַנצער מעשה, ווייל זי ווייזט, אַז דער שרייבער פון דעם בוך מ ת י א איז געווען אַן אויסערגעוויינטליך שוואַכזיניגער און נאַרישער מענש. ער דערציילט א מעשה, וואָס ווידערשפּרעכט זיך אַליין בנוגע צו איהר מעגליכקייט: אויב מען האָט אפילו געקאָנט הייסען די וועכטער זאָגען, אַז דער קערפּער איז אוועקגענומען געוואָרען, בעת זיי זיינען ג ע ש ל אָ פ ע ן, וואָס מחמת דעם האָבען זיי דאָס נישט געקאָנט פאַרהיטען, האָבען זיי אָבער, מחמת דעמזעלביגען שלאָף, אויך נישט געקאָנט וויסען, פון וועמען און ווי אַזוי דאָס איז אָפּגעטון געוואָרען; און דאָך הייסט מען זיי זאָגען, אַז דאָס האָבען געטון ישוע׳ס תלמידים. ווען א־מיצער וואָלט אַנגעבאָטען זיין עדות־זאָגען וועגען עפּיס א זאַך, וואָס זאָל, לויט זיינע אייגענע ווערטער, האָבען געשעהען, בעת ער איז געשלאָפען, וואָלט אַזאַ מין עדות־זאָגען זיכער נישט געקאָנט אַנגענומען ווערען; אַזאַ עדות־זאָגען קאָן גילטען טאָקע נאָר פאַר דעם ט ע ס־ ט אַ מ ע נ ט, אָבער נישט פאַר קיין זאַך, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען דעם אמת.

איך וועל איצט איבערגיין צו יענעם טייל פון די דאָזיגע ביכער, וואו עס דערציילט זיך וועגען ישוע׳ס כלומר׳שטיגען באַווייזען זיך פאַר מענשען נאָך זיין כלומר׳שטיגען לעבעדיג־ווערען.

דער שרייבער פון דעם בוך מ ת י א דערציילט, אַז דער מלאך, וואָס איז געזעסען אויפ׳ן שטיין ביי דער עפענונג פון קבר, האָט געזאָגט צו די צוויי מרים׳ס (קאַפּ. 28, פּסוק 7): „ז ע ה ט ע ר ג י י ט פ אַ ר א י י ך ק י י ן ג ל י ל; ד אָ ר ט ו ו ע ט א י ה ר א י ה ם ז ע ה ן; ז ע ה ט, א י ך ה אָ ב ע ס א י י ך ג ע ז אָ ג ט.“ און דערזעלביגער שרייבער לאָזט אין די אַנדערע צוויי פּסוקים (9, 8) ישוע׳ן אַליין רעדען וועגען דערזעלביגער זאַך צו די דאָזיגע פרויען באַלד נאָכדעם, ווי דער מלאך האָט זיי דאָס געזאָגט; די פרויען זיינען שנעל אוועק איבערצוגעבען דאָס צו די תלמידים; און אין פּסוק 16 ווערט געזאָגט אַזוי. „און ד י ע ל ף ת ל מ י ד י ם ז י י נ ע ן א ו ו ע ק ק י י ן ג ל י ל, צום באַרג, וואָס ישוע האָט זיי געהייסען; און ווען זיי האָבען איהם דערזעהען, האָבען זיי זיך געבוקט פאַר איהם.“

אבער דער שרייבער פון דעם בוך יוחנן דערציילט אונז שוין גאר אן אנדער געשיכטע. עס ווערט אין דעם דאזיגען בוך געזאגט אזוי (קאפ. 20, פסוק 19): „און אין אווענט פון דעמזעלבינגען טאג, וואס איז געווען דער ערשטער טאג פון דער וואך (ד.ה. אין דעמזעלביגען טאג, וואס ישוע זאל האבען אויפגעשטאנען פון קבר), ווען די טירען אין דעם פלאץ, וואו די תלמידים זיינען זיך צוזאמענגעקומען, אויס מורא פאר די אידען, זיינען געווען פארשלאסען, איז ישוע געקומען און זיך געשטעלט צווישען זיי."

לויט מתיא'ן, זיינען די עלף תלמידים געגאנגען קיין גליל צו באגעגענען דארט ישוע'ן, אויף דעם לעצטענס אייגענעם באפעל, אין דערזעלביגער צייט, ווען זיי האבען, לויט ווי עס ווערט דערציילט אין דעם בוך פון יוחנן, זיך פארזאמעלט גאר אין אן אנדער פלאץ, און ניט אויף ישוע'ס באפעל, נאר אין געהיים, אויס מורא פאר די אידען.

דער שרייבער פון דעם בוך לוקאס ווידערשפרעכט מתיא'ן נאך פיל מער, ווי דאס טוט יוחנן: ער זאגט אויסדריקליך, אז דער צוזאמענטרעף איז פארגעקומען אין ירושלים, אין אווענט פון דעמזעלביגען טאג, וואס ער (ישו הנוצרי) איז אויפגעשטאנען, און אז די עלף זיינען דארט געווען (זעה לוקאס, קאפ. 24, פסוקים 13 און 33).

עס איז נישט מעגליך, סיידען מיר וועלען אנערקענען פאר די אזוי גערופענע תלמידים דאס רעכט צו זאגען ליגען, אז דער שרייבער פון די דאזיגע ביכער זאל קאנען זיין איינער פון די עלף מענשען, וואס ווערען אנגערופען תלמידים; ווייל אויב די עלף, ווי מתיא דערציילט, זיינען אוועק קיין גליל צו באגעגענען אויף א בארג ישוע'ן, לויט זיין, ישוע'ס, אייגענעם באפעל, אין דעריזעלביגען טאג, ווען ער איז אויפגעשטאנען פון קבר, האבען לוקאס און יוחנן באדארפט זיין צוויי פון די דאזיגע עלף; און דאך זאגט דער שרייבער פון דעם בוך לוקאס אויסדריקליך, און דער

שרייבער פון יוחנן טייט דערויף אן, אז דער צוזאמענטרעף איז פארגעקומען דעמזעלביגען טאג, אין א הויז, אין ירושלים; און פון דער אנדער זייט, אויב די עלף תלמידים האבען, לויט לוקאס און יוחנן, זיך פארזאמעלט אין א הויז, אין ירושלים, האט דאך מתיא באדארפט זיין איינער פון זיי, און דאך זאגט מתיא, אז דער צוזאמענטרעף איז פארגעקומען אויף א בארג, אין גליל; דאס אלץ ווייזט קלאר, אז די ביכער לייקענען מיט די פרטים, וואס זיי דערציילען, אפּ איינע די אנדערע.

דער שרייבער פון דעם בוך מארקוס זאגט גארנישט וועגען דעם צוזאמענטרעף אין גליל; ער זאגט אבער (קאפּ. 16, פּסוק 12), אז ישוע האט, נאך זיין לעבעדיג־ווערען, זיך באוויזען איין אן אנדער געשטאלט צו צוויי פון די תלמידים, ווען זיי זיינען ארויסגעקומען אין פרייען פעלד; זיי האבען עס דערציילט די איבעריגע, וועלכע האבען אין דעם נישט געגלויבט.

לוקאס דערציילט אויך א מעשה, אין וועלכער ער האלט ישוע'ן באשעפטיגט דעם גאנצען טאג פון זיין כלומר'שטיגען לעבעדיג־ווערען, ביז'ן אווענט, וואס דאס מאכט אינגאנצען צונישט די מעשה מיט'ן גיין צום בארג, אין גליל. ער זאגט ווייטער, אז צוויי פון זיי (ער זאגט נישט, וועלכע צוויי*) זיינען אין דעמזעלביגען טאג געגאנגען צו א דארף, וואס הייסט עמאוס, אויף א שטח פון זעכציג אקער פעלד פון ירושלים, און ישוע איז פארשטעלטערהייט געגאנגען צוזאמען מיט זיי און האט מיט זיי פארבראכט ביז'ן אווענט; ער האט אינאיינעם מיט זיי געגעסען אווענט־ברויט און איז פון זיי פארשוואונדען; אין דעמזעלביגען אווענט האט ער זיך ווידעראמאל באוויזען אויף דער פארזאמלונג פון די עלף אין ירושלים.

---

*) אין דער שטעל, וואָס טאָמאס פעין ציטירט דאָ, ווערט געזאָגט, אַז איינער פון אָט־די צוויי האָט געהייסען קלעאָפּאס (לוקאַס, קאפּ. 24, פּסוק 18); פון אַן אַנדער פּלאַץ פון דערזעלביגער שטעל איז אויך צו זעהן, אז די צוויי מענשען האָבען נישט געהערט צו די עלף תלמידים. (זעה לוקאַס, קאפּ. 24, פּסוק 33). — איבערז.

אויף אַזאַ ווידערשפּרעכיגען אופן ווערט דאָס דערציילט וועגען דער דאָזיגער כלומר'שטיגער ווידער־ערשיינונג פון ישו הנוצרי; דער איינציגער פּונקט, אין וועלכען די שרייבער קומען זיך צוזאַמען, איז די באַהאַלטענקייט פון דער דאָזיגער ווידער־ערשיינונג; צי דאָס איז פאָרגעקומען אין א הייל פון א באַרג, אין גליל, אָדער אין א פאַרשלאָסענעם הויז, אין ירושלים, איז דאָס אַלץ געווען א באַהאַלטענע זאַך. צו וואָס זאָלען מיר, אַלזוי, צושרייבען די דאָזיגע באַהאַלטענקייט? כאָטש דאָס שטימט לחלוטין נישט מיט דעם ציל, וואָס די שרייבער פון די דאָזיגע ביכער פּרעטענדירען צו וועלען דערגרייכען, און דאָס איז, צו איבערצייגען די וועלט, אַז ישוע איז אויפגעשטאַנען תחית המתים, האָבען זיי אָבער, פון דער אַנדער זייט, נישט געקאָנט באַהאַלטען, אַז ישוע'ס ווידער־ערשיינונג איז פאָרגעקומען עפענטליך, ווייל דאָס וואָלט זיי אַרויסגעשטעלט אין זייער אמת'ען ליכט, און זיי זיינען דעריבער געצוואונגען געווען צו מאַכען דערפון א פּריוואַטע זאַך.

וואָס איז שייך דער דערציילונג וועגען דעם, אַז ישוע איז געזעהען געוואָרען פון איבער פינף הונדערט מענשען מיט אַמאָל, זאָגט עס דאָך נאָר אַפּאָסטעל פּולוס אַליין, אָבער נישט די פינף הונדערט מענשען. און דעריבער איז דאָס נישט מער, ווי דאָס עדות־זאָגען פון איין מענשען, און נאָך פון אַזאַ מענשען, וואָס האָט, לויט דער דערזעלביגער דערציילונג, אַליין נישט געגלויבט אין דעם, בעת דאָס האָט כלומרשט פּאַסירט. דאָס דאָזיגע עדות־זאָגען, אויב אָנגענומען, אַז דאָס איז פּולוס דער פאַרפאַסער פון דעם „15־טען קאַפּיטעל פון „קאָרינטער", אין וועלכען עס געפינט זיך אַט־די דערציילונג, איז ווי ווי דאָס עדות־זאָגען פון א מענשען, וואָס קומט אין א געריכט־הויז צו שווערען, אַז דאָס, וואָס ער האָט דערוויף פריהער געשוואוירען, איז פאַלש. א מענש האָט טאַקע א רעכט צו בייטען אַלע מאָל זיין מיינונג, אָבער די דאָזיגע פרייהייט באַציהט זיך נישט אויף פאַקטישע ענינים.

איך גיי איצט איבער צו דער לעצטער סצענע, צו ישוע'ס אַרויפגיין אויפ'ן הימעל. דאָ קאָן שוין קיין רייד נישט זיין וועגען דער מורא פאַר אידען, אָדער פאַר וואָסער־עס־איז אַנדער זאַך;

ווען דאס וואלט געווען אז אמת, וואלט עס באדארפט פארזיגלען דאס גאנצע אין דינען פאר א פעסטען באווייז, אז די צוקונפטיגע מיסיאן פון די תלמידים איז א רעאלע זאך. ווערטער, ווי דאס זיי־נען געווען דעקלאראציעס אדער צוזאגען, וואס זיינען ארויסגע־זאגט געווארען אין דער שטיל, אין א הייל פון א בארג, אין גליל, אדער אין א פארשלאסענע הויז, אין ירושלים, ווען אפילו אנגענו־מען, אז זיי זיינען באמת ארויסגעזאגט געווארען, האבען נישט גע־קאנט זיין באווייזען פאר דער עפענטליכקייט; עס איז דעריבער נויטיג געווען, אז די דאזיגע לעצטע סצענע זאל אויסשליסען יעדע מעגליכקייט פון אפלייקענונג אדער חלוקי־דעות און זאל, ווי איך האב דאס שוין געזאגט אין דעם ערשטען טייל פון „דער צייט פון פארשטאנד", זיין אזוי עפענטליך און אפענבאר, ווי די זון אין מיטען טאג; זי האט יעדענפאלס באדארפט זיין אזוי עפענטליך, ווי די קרייציגונג, לויט עס ווערט ווענען איהר דערציילט. אבער מיר וועלען איבערגיין צום פונקט.

דער שרייבער פון דעם בוך מ ת י א זאגט אפילו קיין ווארט נישט ווענען דער דאזיגער סצענע; און דאס אייגענע אויך דאס בוך י ו ח נ ן. עס לאזט זיך גארנישט גלויבען, אז די דאזיגע שרייבער, וואס באהאנדלען אזוי דעטאלירט אנדערע ענינים, זא־לען דאס פארשוויינען, ווען עס וואלט נאר געווען אז אמת. דער שרייבער פון דעם בוך מ א ר ק ו ס פטר'ט דאס אפ אויף א נאכלעסיגען אופן, מיט איין שטריך פון דער פען, גלייך ווי ער וואלט שוין געווען מיד פון ליגען־זאגען און זיך געשעמט מיט דער דאזיגער געשיכטע. דאס אייגענע טוט אויך דער שרייבער פון דעם בוך ל ו ק א ס. און אפילו אט־די צוויי שרייבער שטימען אויך נישט צווישען זיך בנוגע דעם פלאץ, וואו דער דאזיגער לעצטער אפשייד זאל האבען פארגעקומען.

אין בוך מ א ר ק ו ס ווערט געזאגט, אז ישוע האט זיך באוויזען צו די עלף תלמידים, ווען זיי זיינען געזעסען ביים טיש, מיינענדיג דערמיט די פארזאמלונג פון די עלף אין ירושלים; עס ווערט דארט ווייטער איבערגעגעבען דער געשפרעך, וואס זאל הא־בען ביי דער דאזיגער פארזאמלונג פארגעקומען, און גלייך נאך

דעם ווערט געזאָגט (ווי א שול־אינגעל וואָלט פאַרענדיגט א לאַנג־ווייליגע געשיכטע) אַזוי: „און נאָכדעם, ווי דער האַר האָט צו זיי גערעדט, איז ער אַרויפגענומען געוואָרען אויפ'ן הימעל, און האָט זיך געזעצט צו דער רעכטער האַנט פון גאָט“. אָבער דער שרייבער פון לוקאַס זאָגט, אַז ישוע'ס אַרויפגיין אויפ'ן הימעל איז געשעהען אין בית־עניה; אַז ער (ישוע) האָט זיי אַרויסגעפירט ביז בית־עניה, און ער האָט זיך פון זיי אָפּגעשיידט און איז אַרויפגעטראָגען געוואָרען אויפ'ן הימעל“. דאָס אייגענע ווערט אויך דערציילט וועגען מהמד'ן; און וואָס אַנבאַלאַנגט משה'ן, זאָגט דער אַפּאָסטעל יהודה (פסוק 9), „אַז דער מלאך מיכאל האָט זיך געקריגט מיט'ן שטן איבער משה'ס קערפּער“. ווען מיר גלויבען אין אַזוינע מעשיות, טיילען מיר דערמיט נישט צו קיין פיל כבוד דעם נאָמען פון דעם אַלמעכטיגען.

מיר האָבען דאָ באַטראַכט די פיר ביכער, וואָס ווערען צוגעשריבען צו מתיא, מאַרקוס, לוקאַס און יוהנן; און ווען מיר וועלען נעמען אין אַכט, אַז פון דער קרייציגונג ביז דער אַזוי־גערופענער „אַרויפשטייגונג“ (אויפ'ן הימעל) האָט געדויערט בלויז עטליכע טעג, וואַרשיינליך נישט מער פון דריי אָדער פיר טעג, און אַז אַלץ האָט פּאַסירט כמעט אויף איין אָרט, אין ירושלים, איז גאָר אוממעגליך, דאַכט זיך, צו געפינען נאָך אַ מעשה, וואָס זאָל האָבען אין זיך אַזוי פיל ווילדע אומזיניגקייטען, אַזוי פיל ווידערשפּרוכען און פאַלשקייטען, ווי עס איז צו געפינען אין די דאָזיגע ביכער. זיי זיינען פיל מער און פון אַן ערגערען סאָרט, ווי איך האָב זיך נאָר אַליין געריכט צו געפינען, בעת איך האָב זיך גענומען צו דער דאָזיגער פאָרשונג, און אודאי נאָך פיל מער, ווי איך האָב זיך דאָס פאָרגעשטעלט, ווען איך האָב געשריבען דעם ערשטען טייל פון „דער צייט פון פאַרשטאַנד“. איך האָב דעמאָלט נישט געהאַט ביי זיך קיין ביבעל און איך נישט געקאָנט זי באַקומען. מיין לאַגע, און אפילו מיין עקזיסטענץ, איז מיט יעדען טאָג געוואָרען אַלץ אומזיכערער. און אַזוי ווי איך האָב געוואָלט איבערלאָזען נאָך זיך עפּיס איבער דעם דאָזיגען ענין, בין איך געצוואונגען געווען צו טון

די דאָזיגע אַרבייט שנעל און קורץ. די ציטאַטען, וואָס איך האָב דעמאָלט געבראַכט, זיינען געווען נאָר פון זכרון. זיי זיינען אָבער געווען ריכטיג, און די מיינונגען, וואָס איך האָב אַרויסגעזאָגט, זיי־נען געווען דער רעזולטאַט פון מיין זיכערער און פעסטער איבער־צייגונג, אַז די ביבעל איז א שווינדעל, וואָס איז אַרויפגעצוואונגען געוואָרען אויף דער וועלט, אַז דאָס פאַלען פון דעם מענשען, און די מעשה וועגען ישו הנוצרי, ווי וועגען גאָט'ס זון, און וועגען זיין טויט, וואָס האָט באַדאַרפט שטילען גאָט'ס צאָרען, און וועגען דער־לייזונג דורך אַט־דעם מאָדנעם מיטעל, — אַז דאָס זיינען אַלץ פאַנטאַסטישע זאַכען, וואָס זיינען אומווירדיג פאַר דער חכמה און מאַכט פון דעם אַלמעכטיגען; אַז די איינציגע אמת'ע רעליגיע איז דער ד ע א י ז ם. אונטער וועלכען איך האָב דאַן פאַרשטאַנען, און פאַרשטיי אויך איצט, דעם גלויבען אין איין גאָט און דאָס נאָכ־טון זיין מאָראַלישען כאַראַקטער, אָדער דאָס פּראַקטיצירען גוטע מדות; און נאָר אויף דעם אליין (ווי ווייט דאָס האָט נאָר צו טון מיט רעליגיע) האָב איך געלייגט אַלע מיינע האָפענונגען אויף גליק נאָכ'ן לעבען.

כאָטש עס איז איצט, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, אוממעגליך פעסטצושטעלען, ווער עס זיינען געווען די שרייבער פון די דאָזיגע פיר ביכער (וואָס דאָס אַליין איז שוין גענוג צו צווייפלען אין זייער עכטקייט, — און דאָרט, וואו מיר צווייפלען, גלויבען מיר דאָך נישט), איז עס אָבער גאָרנישט שווער פעסטצושטעלען נעגאַטיוו, אַז זיי זיינען נישט אָנגעשריבען געוואָרען פון די פּערזאָנען, צו וועלכע זיי ווערען צוגערעכענט. די ווידערשפּרוכען פון אַט די ביכער ווייזען אויף צוויי זאַכען:

ערשטענס, אַז די שרייבער אַליין האָבען נישט געקאַנט זיין עדות פון דעם, וואָס זיי דערציילען, ווייל אַנדערש וואָלטען זיי דאָס דערציילט אָן די ווידערשפּרוכען, און ממילא זיינען די ביכער נישט אָנגעשריבען געוואָרען פון די אַזוי־גערופענע אַפּאָסטאָלען, וואָס האָבען כלומרשט אַליז אַליין צוגעזעהען.

צווייטענס, אַז די שרייבער, ווער זיי זאָלען נישט זיין, האָבען

זיך נישט צוזאמענגערעדט, נאר יעדערער פון זיי האט געהאנדעלט גאנץ באזונדער פון די איבעריגע.

וואס אנבאלאנגט דער געטליכער אינספיראציע, לאזט זיך דאס לחלוטין נישט גלויבען, ווייל אינספיראציע און ווידערשפרעכיגקייט לאזען זיך פונקט אזוי נישט פאראייניגען, ווי אמת און פאלשקייט.

אויב פיר מענשען זעהען מיט זייערע אייגענע אויגען צו א געוויסע סצענע, וועלען זיי, נישט צוזאמענרעדענדיג זיך גאר וועגען דעם, שטימען צווישען זיך בנוגע דער צייט און פלאץ, ווען און וואו די סצענע איז געשעהען. אזוי ווי יעדער איינער באזונדער איז באקענט מיט'ן ענין, איז גארנישט נויטיג, אז זיי זאלען זיך דארפען צוזאמענרעדען; איינער וועט נישט זאגען, אז דאס איז פארגעקומען אויף א בארג, אין פעלד, און דער אנדערער — אין א הויז, אין שטאט; איינער וועט נישט זאגען, אז דאס איז פארגעקומען ביים זון־אויפגאנג, און דער אנדערער — אז עס איז דעמאלט געווען פינסטער. אין וועלכען פלאץ און אין וועלכער צייט דאס זאל נישט געווען פארקומען, וועלען זיי דאס אלע גלייך.

און פון דער אנדער זייט, אויב פיר מענשען רעדען זיך צוזאמען וועגען עפּים א געשיכטע, וועלען זיי מאכען אזוי, אז די באזונדערע טיילען פון דער געשיכטע זאלען שטימען צווישען זיך. אזא מין צוזאמענרעדען זיך קומט אויס נייטיג, ווען עס פעלען פאקטען, בעת די באקענטשאפט מיט די פאקטען מאכט דאס צוזאמענרעדען זיך פאר אן איבעריגער זאך. דיזעלביגע ווידערשפרוכען, וואס באווייזען, אז די שרייבער האבען זיך נישט צוזאמענגערעדט, ווייזען אויך, אז זיי זיינען נישט באקענט געווען מיט די פאקטען (אדער בעסער געזאגט, מיט דעם, וואס זיי גיבען ארויס פאר פאקטען), און דעקען אויף די פאלשקייט פון זייערע דערציילונגען. די דאזיגע ביכער זיינען, אלזוי, נישט געשריבען געווארען פון די אזוי־גערופענע אפאסטאלען און די פארפאסער זייערע האבען זיך אויך נישט צוזאמענגערעדט. ווי אזוי זשע זיינען זיי פארט אנגעשריבען געווארען?

איך געהער נישט צו די מענשען, וואס ווילען גלויבען, אז די דאזיגע ביכער באשטייען צום גרעסטען טייל פון בכיונ'דיגע ליגענס,

ווי די כלומר'שטיגע נביאות־זאָגעריי פון דעם אַלטען טעסטאַמענט (ווייל זיין אַ נביא הייסט דאָך, אייגענטליך, זיין אַ פּראָפּעסיאָנעלער ליגנער). אין כמעט אַלע אַזוינע פאַלען איז נישט שווער צו געפינען, ווי אַזוי פון אַ פּשוט'ער השערה ווערט מיט דער הילף פון מענשליכער לייכטגלויביגקייט אַ ליגען, וואָס ווערט שפּעטער אַרויסגעגעבען פאַר אַ פאַקט; און ווען אַזאַ זאַך לאָזט זיך נאָך דערקלערען אויף אַט־אַזאַ מילדען אופן, דאַרפען מיר נישט זוכען קיין שטרענגערע דערקלערונג.

די מעשה מיט ישו הנוצרי, וואָס האָט זיך באַוויזען נאָך זיין טויט, איז די מעשה פון אַן ערשיינונג, וואָס די שרעקעדיגע פאַנטאַזיע קאָן אַלע מאָל באַשאַפען און אין וואָס דער מענש קאָן אין זיין לייכטגלויביגקייט אַלע מאָל גלויבען. אַזוינע מעשיות זיינען דערציילט געוואָרען וועגען דער דערמאָרדונג פון יוליוס צעזאַר נישט זעהר לאַנג פאַר דער קריסטליכער צייטרעכענונג; און בכלל ווערען זיי געשאַפען אין פאַלען פון אַ געוואַלט־טויט אָדער הינריכטונג פון אומשולדיגע מענשען. דאָס געפיל פון מיטלייד מישט זיך דאָ אַריין און גיט צו צו דער מעשה אַלץ מער און מער אייכצעלהייטען, ביז וואַנען זי ווערט ביסלעכווייז אַ זיכערער אמת. ווערט נאָר געמאַכט אַן אָנהויב אין אַ מעשה מיט עפּיס אַ גייסט, פילט שוין די לייכטגלויביגקייט אויס די געשיכטע פון זיין לעבען און געפינט אַ גרונט פאַר זיין באַווייזען זיך צו מענשען. איינער דערציילט די מעשה אויף איין שטייגער, אַן אַנדערער — אויף אַן אַנדער שטייגער, ביז וואַנען עס ווערען געשאַפען אַזוי פיל מעשיות וועגען דעם גייסט און זיין אייגענטימער, ווי די, וואָס ווערען דערציילט וועגען ישו הנוצרי אין די ערשטע פיר ביכער פון דעם נייעם טעסטאַמענט.

די מעשה וועגען ישוע'ס באַווייזען זיך ווערט דערציילט מיט יענעם מאָדנעם געמיש פון דעם נאַטירליכען און אוממעגליכען, וואָס שיידט אָפּ אַ לעגענדאַרישע מעשה פון אַ פאַקט. ער ווערט פאַרגעשטעלט, ווי ער קומט פּלוצלינג אַריין און גייט אַרויס, בעת די טירען פון הויז זיינען געווען צוגעשלאָסען, ווי ער פאַרשווינדט פון אויג און באַווייזט זיך ווידער; און ווייטער איז ער הונגעריג,

זעצט זיך צום טיש און עסט אווענטברויט. אבער אזוי ווי די מענשען, וואס דערציילען מעשיות פון אט דעם סארט, באווארענען זיך נישט קענען אלע מעגליכע פאלען, זעהען מיר דאס אייגענע אויך דא: מען דערציילט אונז, אז ווען ישוע איז לעבעדיג געווארען, האט ער איבערגעלאזט זיינע תכריכים אין קבר; מען פארגעסט אבער צו באזארגען איהם מיט אנדערע קליידער, אין וועלכע ער זאל זיך שפעטער באווייזען, אדער צו דערציילען אונז, וואס ער האט מיט זיי געטון, ווען ער איז ארויף אויפ'ן הימעל — צי האט ער זיי אראפגעווארפען פון זיך, אדער ער איז ארויף אויפ'ן הימעל מיט די קליידער. אין דעם פאל מיט אלישע'ן זיינען די דערציי־לער געווען גענוג פארזיכטיג צו לאזען איהם אראפווארפען פון זיך זיין מאנטעל, כאטש זיי דערציילען אונז נישט, ווי אזוי עס האט געטראפען, דאס דער מאנטעל איז נישט פארברענט געווארען אין דעם פייערדיגען רייטוואגען. אבער אזוי ווי די פאנטאזיע פארריכט אלע פעלערען פון אט־דעם סארט, קאנען מיר אננעמען, אז דער מאנטעל איז געמאכט געווארען פון סאלאמאנדער־וואל.

די, וואס זיינען נישט פיל באקענט מיט דער קירכען־גע־שיכטע, קאנען מיינען, אז דער אזוי־גערופענער נייער טעסטאמענט עקזיסטירט זינט ישו הנוצרי'ס צייטען, ווי זיי מיינען, אז די בי־כער, וואס ווערען צוגערעכענט צו משה'ן, עקזיסטירען זינט משה'ס צייטען. אבער היסטאריש איז די לאגע גאר אן אנדערע. אזא בוך, ווי דער נייער טעסטאמענט, איז גארנישט געווען בנמצא ביז ערשט מיט א דריי הונדערט יאר נאך דער צייט, ווען ישוע זאל האבען געלעבט.

אין וואסער צייט די ביכער, וואס ווערען צוגערעכענט צו מתיא, מארקוס, לוקאס און יוחנן, האבען אנגעהויבען זיך באווייזען, איז אינגאנצען נישט באוואוסט. עס איז נישטא די מינדסטע אנ־ווייזונג, ווער עס זיינען געווען די מענשען, וואס האבען זיי גע־שריבען, און אין וואסער צייט זיי זיינען געשריבען געווארען; און זיי האבען פונקט אזוי געקאנט טראגען די נעמען פון וואסערע־עס־איז אנדערע אפאסטאלען, ווי די, וואס זיי טראגען איצט. קיין שום עקזיסטירענדיגע קריסטליכע קירך האט נישט אין איהר רשות

די אָריגינאַלען פון די דאָזיגע ביכער, פּונקט ווי די אידען האָבען נישט די צוויי שטיינערנע לוחות, וואָס גאָט אַליין זאָל האָבען אויסגעקריצט אויף זיי די צען געבאָט און זיי איבערגעגעבען צו משה'ן אויפ'ן באַרג סיני. און ווען זיי וואָלטען אַפילו געווען, וואָלטען מיר אויך נישט געהאַט קיין שום מעגליכקייט צו באַווייזען אין ביידע פאַלען די עכטקייט פון דער האַנטשריפט. אין דער צייט, ווען אַט־די ביכער זיינען אָנגעשריבען געוואָרען, האָט מען נאָך נישט געוואוסט פון דרוקעריי און יעדע פאַרפאַסונג האָט ממילא נישט געקאָנט ערשיינען אַנדערש, ווי נאָר אין געשריבענע קאָפּיעס, וואָס יעדער מענש האָט זיי געקאָנט אַליין מאַכען אָדער איבער־אַנדערשען, ווי ער האָט נאָר געוואָלט, און זיי אָנרופען אָריגי־נאַלען*).

קאָנען מיר דען גאָר צולאָזען, אַז דער אַלמעכטיגער זאָל אין זיין חכמה אַנטפּלעקען זיין ווילען פאַר'ן מענשען דורך אַזוינע אומזיכערע מיטלען, אָדער אַז מיר זאָלען אונזער גלויבען שטיצען אויף אַזוינע אומזיכערע זאַכען? מיר קאָנען נישט מאַכען, אָדער איבעראַנדערשען, אָדער אַפילו נאָר נאָכמאַכען אַ גרעזעל, וואָס ער האָט באַשאַפען, און דאָך קאָנען מיר שאַפען אָדער איבעראַנדערשען

*) עס איז קוים פאַראַן צוויי יאָר, זינט דער ערשטער טייל פון „דער צייט פון פאַרשטאַנד" איז פאַרעפענטליכט געוואָרען, און שוין גע־פינט זיך דאָרט אַן אויסדרוק, וואָס געהער נישט צו מיר. דער דאָזיגער אויסדרוק איז: „ד אָ ס ב ו ך פ ו ן ל ו ק אַ ס א י ז אָ נ ג ע־נ ו מ ע ן ג ע וו אָ ר ע ן ד ו ר ך אַ מ אַ י אָ ר י ט ע ט פ ו ן ב ל ו י ז א י י ן ש ט י ם." עס קאָן זיין, אַז עס איז אמת, אָבער איך האָב דאָס נישט געזאָגט. אימיצער, וואָס איז אודאי געווען באַקענט מיטן ענין, האָט צוגעשטעלט די דאָזיגע ווערטער אין אַ באַמערקונג אויף איינער פון די אויפלאַגען, וואָס זיינען געדרוקט געווען אין ענגלאַנד, אָדער אין אַמעריקע; און די דרוקער האָבען זיי אַריינגעשטעלט אין מיין טעקסט און אַזוי אַרום געמאַכט מיך פאַר'ן פאַרפאַסער פון אַט־דעם זאַץ. אויב דאָס האָט פּאַסירט אין משך פון אַזאַ קורצער צייט, נישט געקוקט אויף דער דרוקעריי, וואָס דערלאָזט נישט צו ענדערען איינציגע קאָ־פּיעס, איז וואָס האָט דען נישט געקאָנט פּאַסירען אין אַ פיל לענגערער צייט, ווען פון קיין דרוקעריי האָט מען נאָך נישט געוואוסט און ווען יעדער מענש, וואָס האָט נאָר געקאָנט שרייבען, האָט געקאָנט מאַכען פאַר זיך אַ געשריבענע קאָפּיע און זאָגען, אַז דאָס איז דער אָריגינאַל פון מתיא, מאַרקוס, לוקאַס, אָדער יוחנן?

די װ ו ע ר ט ע ר פ ו ן ג א ט אזוי לייכט, ווי די ווערטער פון מענשען.

ארום דריי הונדערט און פופציג יאר נאך דער צייט, ווען ישו הנוצרי זאל האבען געלעבט, האבען עטליכע שריפטען פון אט דעם סארט זיך געפונען אין די הענט פון פארשיידענע מענשען; און ווען די קירך האט זיך אנגעהויבען פארמירען אין א היעראר־כיע, ארער קירכען־רעגירונג מיט א וועלטליכער מאכט, האט זי גענומען זיי זאמלען אין א מין קאדעקס, ווי מיר זעהען זיי איצט אונטער'ן נאמען נ י י ע ר ט ע ס ט א מ ע נ ט. עס איז באשלאסען געווארען דורך אפשטימונג, ווי איך האב דאס שוין געזאגט אין דעם ערשטען טייל פון דער „צייט פון פארשטאנד“, וואסערע שריפטען פון דער זאמלונג זאלען זיין דאס ו ו א ר ט פ ו ן ג א ט“ און וואסערע נישט. די אידישע רבנים האבען דאס איינענע פאר דעם געטון מיט די ביכער פון דעם אלטען טעס־טאמענט.

אזוי ווי דאס ענדציל פון דער קירך, ווי פון אלע נאציאנאלע קירכען־אינסטיטוציעס, איז מאכט און איינקונפט, און איהר מיטעל — טערארר, קען מען זיך שוין משער זיין, אז פון די געזאמעלטע שריפטען האבען די, וואס זיינען צום מייסטען פול געוועזן מיט וואונדערליכע געשיכטעס, געהאט די בעסטע געלעגענהייט אנגע־נומען צו ווערען. און וואס איז שייך דער עכטקייט פון די ביכער, האבען מיר נישט דערויף קיין בעסערען באוויי, ווי נאר דאס, וואס זיי זיינען אנגענומען געווארען ד ו ר ך א פ ש ט י מ ו נ ג.

אין דעם ויכוח צווישען די פערזאנען, וואס האבען גע־הייסען אויגוסטין און פאוסט, זאגט דער לעצטער אזוי: „די ביכער, וואס ווערען אנגערופען די עוואנגעליעס, זיינען פארפאסט גע־ווארען פון עפים טונקעלע פערזאנען לאנג נאך די צייטען פון די אפאסטאלען; אזוי ווי די פארפאסער האבען מורא געהאט, אז די וועלט וועט נישט גלויבען אין זייערע דערציילונגען וועגען זאכען, וואס זיי האבען זיי נישט געקאנט וויסען, האבען זיי דאס פאר־עפענטליכט אונטער די נעמען פון די אפאסטאלען; די עוואנגע־ליעס זיינען אזוי פול מיט נארישקייטען און ווידערשפרעכינגע

מעשיות, אז עס איז אין זיי נישטאָ קיין אייגהייטליכקייט און נישט קיין צוזאמענהאנג".

און אין אַן אנדער פּלאַץ, ווענדענדיג זיך צו די פּארטיידיגער פון די דאָזיגע ביכער, ווי דאָס וואָרט פון גאָט, זאָגט ער אזוי: „אָט־אזוי האָבען אייערע פאָרגייער ארייננגעשטעלט אין די שריפטען פון אונזער האר פיל זאכען, וואָס כאָטש זיי טראָגען זיין נאָמען, שטימען זיי אבער נישט מיט זיין לערע. דאָס איז גאָרנישט קיין חידוש, ווייל די דאָזיגע זאכען, ווי מיר האָבען דאָס פיל מאָל באַוויזען, זיינען נישט אָנגעשריבען געוואָרען ניט פון איהם און ניט פון זיינע אַפּאָסטאָלען, נאָר זיינען צום גרעסטען טייל געבויט אויף מעשיות, אויף נישט קלאָרע באַריכטען און צוזאמענגעשטעלט פון עפּים האַלבע אידען, וואָס שטימען אבער זעהר וועניג צווישען זיך; און דאָך האָבען זיי דאָס פאָרעפענטליכט אונטער די נעמען פון די אַפּאָסטאָלען פון אונזער האר און אזוי ארום זיי צוגעשריבען זייערע אייגענע טעותים און ליגענס*).

דער לעזער וועט זעהן פון די דאָזיגע אויסצוגען, אז די ביכער פון דעם נייעם טעסטאמענט זיינען באטראכט געוואָרען פאר מעשיות, פאַלשקייטען און ליגענס אין דער צייט, ווען זיי זיינען דורך אַפּשטימונג אָנגענומען געוואָרען, ווי דאָס וואָרט פון גאָט**). אבער

*) איך האָב די דאָזיגע צוויי אויסצוגען אַרויסגענומען פון בולאַנזשע'ס לעבען פון פּולוס, וואָס איז געשריבען אין פראַנצויזיש. בולאַנזשע האָט זיי ציטירט פון די שריפטען פון אויגוסטין קעגען פאַוסט'ן.

**) בולאַנזשע האָט אין זיין ווערק „דאָס לעבען פון פּולוס" געזאַמעלט פון די קירכען־געשיכטעס און די שריפטען פון די אַזוי־גערופענע פאָטערס מאַטעריאַלען, וואָס ווייזען די מיינונגען, וועלכע האָבען געהערשט צווישען די פאַרשיידענע קריסטליכע סעקטען אין דער צייט, ווען דער נייער טעסטאַמענט, ווי מיר זעהען איהם איצט, איז דורך אָפּשטימונג אָנגענומען געוואָרען פאר גאָט'ס וואָרט. די פאָלגענדיגע אויסצוגען זיינען גענומען פון דעם צווייטען קאַפּיטעל פון בולאַנזשע'ס ווערק.

„די מאַרקיאָניסטען (אַ קריסטליכע סעקטע) האָבען באַהויפּטעט, אז די עוואַנגעליעס זיינען פול מיט פאַלשקייטען. די מאַניכייער, אַ גרויסע סעקטע אין אָנהויב פון קריסטענטום, האָבען צוריקגעוויזען, אַלס פאַלש, דעם גאַנצען נייעם טעס־

די אינטערעסען פון דער קירך האָבען מיט דער הילף פון שייטער־הויפענס באַקעמפט די אָפּאָזיציע און אונטערדריקט יעדען פאַרזוך פון פאָרשונג. מופתים האָבען געפּאָלגט נאָך מופתים, אויב מיר וועלען זיי נאָר גלויבען, און מען האָט געלערנט מענשען צו זאָגען, אַז זיי גלויבען, צי דאָס איז אמת, אָדער נישט.

(מיר וועלען באַמערקען בדרך אגב, אַז די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אוועקגענומען פון דער קירך די קראַפט צו באַווייזען וואונדער; זינט דער רעוואָלוציע האָט זי קיין איין וואונדער נישט געקאָנט באַווייזען מיט דער הילף פון אַלע איהרע הייליגע; אין אַזוי ווי זי האָט זיך קיינמאָל נישט געפונען אין קיין ערגערער לאַגע, ווי איצט, קאָנען מיר גאַנץ באַשטימט באַשליסען, אַז אַלע איהרע פריהערדיגע וואונדער זיינען געווען נאָר קונצשטיק און ליגענס).

ווען מיר וועלען נעמען אין אַכט, אַז צווישען דער צייט, ווען ישוע זאָל האָבען געלעבט, און דער צייט, ווען דער נ י י ע ר ט ע ס ט א מ ע נ ט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אין א בוך, ליגט א פעריאָד פון איבער דריי הונדערט יאָהר, וועלען מיר, אפילו אָן דער הילף פון היסטאָרישע באַווייזען, קאָנען זעהן, ווי ווייט אומ־

ט אַ מ ע נ ט און געוויזען אַנדערע, גאַנץ פאַרשיידענע שריפטען, וואָס זיי האָבען אָנגעגעבען, אלס עכטע שריפטען. די קערינטינער, אַזוי ווי די מאַרקיאָניסטען, האָבען נישט אָנגענומען די אַפּאָסטעל־געשיכטע. די ענ־קראַטיסטען און די סעווערויאַנער האָבען נישט אָנגענומען ניט די אַ פּ אָ ס ט ע ל ־ ג ע ש י כ ט ע און ניט די ב ר י װ ו פ ו ן פּ ו ל ו ס. קריזאָסטאָם האָט אין אַ קירכען־רעדע איבער דער אַפּאָסטעל־געשיכטע געזאָגט, אַז אין זיין צייט (אַרום דעם יאָר 400) האָבען פיל מענשען גאָרנישט געוואוסט ניט וועגען דעם פאַרפאַסער און ניט וועגען דעם בוך. דער הייליגער אירענוס, וואָס האָט געלעבט פאַר יענער צייט, זאָגט, אַז די וואַלענטינער, ווי אויך איינינע אַנדערע קריסטליכע סעקטען, האָבען געהאַלטען, אַז די ה י י ל י ג ע ש ר י פ ט ע ן זיינען פול מיט חסרונות, טעותים און ווידערשפּרוכען. די עביאָניטען (אביונים), אָדער די אָנגעהעריגע פון דער סעקטע נצרת, וואָס זיינען געווען די ערש־טע קריסטען, האָבען צוריקגעוויזען אַלע בריוו פון אַפּאָסטעל פּולוס און אים באַטראַכט פאַר א שווינדלער. זיי דערציילען, צווישען אַנדערע זאַ־כען, אַז ער איז לכתחילה געווען א געצענדינער, און איז אָנגעקומען קיין ירושלים, וואו ער האָט געלעבט א געוויסע צייט; ער האָט געהאַט בדעה חתונה צו האָבען פאַר דער טאָכטער פון דעם כהן גדול און האָט זיך דעריבער געלאָזט מל זיין; אַזוי ווי ער האָט זי נישט געקאָנט באַקומען, האָט ער זיך צעקריגט מיט די אידען און געשריבען קעגען ברית מילה, קעגען האַלטען שבת און קעגען אַלע אידישע דינים.

זיבער מיר זיינען בנוגע דער עכטקייט פון דעם דאזיגען בוך. די עכטקייט פון האמער'ס בוך, אויף וויפיל עס האנדעלט זיך וועגען דער פערזענליכקייט פון זיין פארפאסער, איז שוין פיל בעסער פעסטגעשטעלט, איידער די עכטקייט פון דעם נ י י ע ם ט ע ס־ ט א מ ע נ ט. כאטש האמער איז מיט א טויזענט יאהר עלטער. אזא בוך, ווי האמער'ס, האט געקאנט אנשרייבען נאר אן אויסער־געוויינליך גוטער פאעט, און דעריבער האבען ווייניג מענשען גע־קאנט אזא זאך אונטערנעמען; און א מענש, וואס איז פעהיג דאס צו טוהן, וואלט זיך נישט אפגעזאגט פון זיין רום, כדי אוועקצוגעבען אים צו אן אנדערען. פונקט אזוי האבען ווייניג מענשען געקאנט פארפא־סען אזא ווערק, ווי איקליד'ס ע ל ע מ ע נ ט ע ן, ווייל נאר אן אויסערגעוויינליך־גוטער מאטעמאטיקער האט געקאנט זיין דער פארפאסער פון דעם דאזיגען ווערק.

וואס אנבאלאנגט אבער די ביכער פון דעם נ י י ע ם ט ע ס־ ט א מ ע נ ט, דערהויפט אזוינע טיילען, ווי די, וואס דערציילען אונז וועגען ישוע'ס לעבעדיג־ווערען און וועגען זיין ארויפשטייגען אויפ'ן הימעל, וואלט יעדער מענש, וואס קאן נאר דערציילען א מעשה פון א געשפענסט, געקאנט פארפאסען אזוינע ביכער. די מעשה פון דעם ט ע ס ט א מ ע נ ט ווערט דערציילט אויסער־געוויינליך־שלעכט, און די מעגליכקייט פון פעלשונג איז דא דע־ריבער אומגעהויער גרעסער, ווי אין דעם פאל פון האמער'ן אדער איקליד'ן.

צווישען די אלע פריסטער אדער גייסטליכע פון היינטיגער צייט געפינט זיך נישט קיינער, וואס זאל נישט קאנען צוזאמענ־שטעלען א דרשה אדער איבערזעצען א שטיקעל לאטיין, דערהויפט נאך ווען עס איז שוין פריהער איבערזעצט געווארען א טויזענט מאל; איז אבער פאראן צווישען זיי אפילו איינער, וואס קאן שריי־בען פערזען, ווי האמער, אדער וויסענשאפטליכע אפהאנדלונגען, ווי איקליד? דאס וויסען פון די גייסטליכע, מיט זעהר ווייניג אויסנאמען, איז שטארק באשרענקט, אבער דאך מער ווי גענוג צו קאנען, ווען זיי וואלטען נאר געלעבט אין יענער צייט, אנשרייבען אלע ביכער פון דעם נייעם טעסטאמענט.

פונקט ווי די געלעגענהייט פאר פעלשונגען איז דא געווען גרע־סער, אזוי איז אויך גרעסער געווען דער רייץ. א מענש האט גאר־נישט געקאנט געווינען פון שרייבען אונטער האמער'ס אדער אייק־ליד'ס נאמען; ווען ער וואלט געקאנט שרייבען גלייך מיט זיי, וואלט זיך איהם בעסער געלוינט צו שרייבען אונטער זיין אייגענעם נאמען; און אויב ערגער פון זיי, וואלט ער נישט געקאנט האבען קיין שום ערפאלג. אין ערשטען פאל וואלט זיין שטאלץ איהם נישט דער־לאזט צו טון אזא זאך, און אין צווייטען פאל וואלט עס פאר איהם געווען אן אוממעגליכקייט. וואס אנבאלאנגט אבער אזוינע ביכער, ווי די פון דעם נ י י ע ם ט ע ס ט א מ ע נ ט, האט זיך דא דורכאוים געלוינט צו פעלשען. די בעסטע געשיכטע, וואס א מענשענ'ס פאנטאזיע האט געקאנט אויסטראכטען ארום צוויי אדער דריי הונדערט יאהר נאך יענער צייט, וואלט באין אופן נישט אנגע־נומען געווארען פאר אן אריגינעלער געשיכטע אונטער'ן נאמען פון דעם אמת'ען שרייבער; די איינציגע מעגליכקייט פון ערפאלג איז געלעגען אין פעלשונג, ווייל די קירך האט פארלאנגט א תירוץ פאר איהר נייער לערע, און אמת און טאלאנט האבען דא ווייניג וואס געקאנט אויפטון.

אבער אזוי ווי עס איז נישט קיין אויסערגעוויינליכע זאך (ווי איך האב דאס שוין פריהער באמערקט) צו דערציילען מעשיות וועגען מענשען, וואס ו ו א נ ד ל ע ן א ר ו ם נאך זייער טויט, און וועגען גייסטער און געשפענסטער פון מענשען, וואס זיינען אומגעקומען דורך א געוואלטזאמען אדער אויסערגעוויינליכען טויט; און אזוי ווי די מענשען פון יענער צייט פלעגען גלויבען אין אזוינע זאכען און אין מלאכים, ווי אויך אין רוחות, וואס קומען אריין אין א מענשען און טרייסלען איהם, ווי אין קדחת, און ווערען דערנאך ארויסגעטריבען פון איהם, ווי דורך א ברעך־מיטעל (מרים המגדלית, דערציילט אונז דאס בוך פון מארקוס, האט אויפגעהאל־טען אין זיך זיבען שדים) — איז גאנץ נאטירליך, אז אזא מעשה זאל פארשפרייט ווערען וועגען דער פערזאן, וואס הייסט ישו הנוצרי, און ווערען שפעטער דער יסוד פון די פיר ביכער, וואס ווערען צוגעשריבען צו מתיא, מארקוס, לוקאס און יוחנן. יעדער

שרייבער האט דערציילט די מעשה אזוי, אדער אומגעפער אזוי, ווי ער האט זי געהערט, און האט צוגעבען צו זיין בוך דעם נאמען פון דעם הייליגען אדער אפאסטעל, וואס די טראדיציע האט געמאכט פאר אן עדות פון אלע געשעהעני שען. נאר אויף אזא אופן קאן מען דערקלערען די ווידערשפרוכען פון די דאזינע ביכער; און אויב די דאזיגע ערקלערונג איז נישט קרוב לאמת, זיינען די ביכער נישט מער, ווי פשוטע שווינדלען, ליגענס און פעלשונגען, וואס קאנען אפילו נישט האבען דעם אויסרייד פון לייכט־גלויביגקייט.

עס לאזט זיך לייכט מערקען, אז די דאזיגע ביכער זיינען אנ־געשריבען געווארען פון האלבע אידען, ווי דאס ווערט אנגעטייט אין דער אויבענגעבראכטער ציטאטע. דאס אפטע בארופען זיך פון די פארפאסער אויף דעם הויפט־מערדער און פארפירער, משה'ן, און אויף די אזוי־גערופענע נביאים שטעלען פעסט דעם דאזיגען פונקט; און פון דער צווייטער זייט האט די קירך נאך מיטגעהאל־פען אין דעם שווינדעל, מאכענדיג די ביבעל און דעם טעסטאמענט צו שטימען איינס מיט'ן אנדערען. צווישען דעם אידישען און דעם נישט־אידישען קריסט איז די אזוי־גערופענע נבואה און די זאך, וואס אויף איהר איז די נבואה געזאגט געווארען, דער צייכען און די זאך, וואס איז באצייכענט געווארען, גאנץ פלייסיג איבערגעמישט און צוגעפאסט געווארען איינס צום צווייטען, ווי אלטע שלעסער און נאכגעמאכטע שליסלען. פון דער נארישער מעשה ווענען חוה'ן און דער שלאנג, וואס איז אגב גאנץ נאטירליך בנוגע דער פיינטשאפט, וואס עקזיסטירט צווישען מענשען און שלענג (די שלאנג בייסט אלע מאל ארום די ט ר י ט, ווייל זי קאן נישט דערגרייכען הע־כער, און דער מענש שלאגט אלעמאל דער שלאנג איבער'ן ק א פ, ווייל דאס איז דאס ווירקזאמסטע מיטעל נישט צו דערלאזען איהר צו בייסען*), פון דער דאזיגער נארישער מעשה איז געמאכט גע־ווארען א נבואה, א צייכען און א צוזאג; און דער פארפירערישער ליגען, וואס ישעיהו האט געזאגט אחז'ן („א י ו נ ג פ ר ו י וועט טראגענדיג ווערען און געווינען א

*) „ער וועט דיר צעטרעטען דעם ק א פ און דו וועסט אים שטעכען די ט ר י ט — בראשית, ג, 15.

ז ו ן"), ווי א צייכען, אז ער, אחז, וועט זיגען, בעת אין דער אמת'ן האט ער גאר געליטען א נידערלאגע (ווי איך האב שוין דער־רויף אנגעוויזען אין די באמערקונגען איבער'ן בוך פון ישעיה), איז איבערגעדרייט געווארען אזוי, אז ער זאל באצייכענען א נבואה איוף ווייטע צייטען.

פון יונה'ן און דעם וואלפיש איז אויך געמאכט געווארען א צייכען. יונה איז ישוע און דער וואלפיש איז דער קבר; ווייל עס ווערט געזאגט (און מען האט נאך געלאזט ישוע'ן אליין זאגען דאס), מתיא, קאפ. 12, פסוק 40: „ווייל אזוי ווי יונה איז געווען אין די געדערים פון דעם פיש ד ר י י ט ע ג א ו ן ד ר י י נ ע כ ט, אזוי וועט דער בן־אדם זיין אין הארץ פון דער ערד ד ר י י ט ע ג א ו ן ד ר י י נ ע כ ט". אבער, ליידער, טרעפט עס, אז ישוע זאל, לויט זייערע אייגענע דערציילונגען, זיין אין קבר נאר איין טאג און צוויי נעכט, ארום 36 שעה, אנשטאט 72, ד. ה. די נאכט פון פרייטאג, שבת און די נאכט פון שבת, ווייל עס ווערט דערציילט, אז ער איז אויפגעשטאנען זונטאג ביים זונ־אויפגאנג, אדער נאך פריהער. אבער אזוי ווי דאס איז נישט ער־גער פון דער מעשה מיט דער שלאנג, אדער דער י ו נ ג פ ר ו י און איהר ז ו ן, וועט עס שוין ווי עס־איז דורכגיין אין דער גאנ־צער מאסע פון א ר ט א ד א ק ס י ש ע זאכען.

---

ד י ב ר י ו ו פ ו ן פ ו ל ו ס. — די בריוו, וואס ווערען צוגערעכענט צו אפאסטעל פולוס, פערצען אין צאל, פילען כמעט אויס דעם איבעריגען טייל פון דעם נ י י ע ם ט ע ס ט א מ ע נ ט. צי זיי זיינען טאקע געשריבען געווארען פון דעם מענשען, צו וועמען זיי ווערען צוגערעכענט, איז נישט שטארק וויכטיג, ווייל דער שרייבער, ווער ער זאל נישט זיין, פליסט זיך צו באווייזען זיין לערע דורך ארגומענטען. ער פרעטענדירט נישט צו זיין אליין אן עדות פון דעם, וואס עס ווערט דערציילט וועגען ישוע'ס לעבעדיג־ווערען און וועגען זיין ארויפשטייגען אויפ'ן הימעל, און ער דער־

קלערט, אז ער האט אליין אין דעם פריהער נישט געגלויבט.

די מעשה פון דעם, ווי ער איז אויף זיין נסיעה קיין דמשק געטראפען געווארען פון א בליץ, איז גארנישט חוץ לדרך הטבע; ער איז ארוים מיט'ן לעבען, און דאס איז מער, ווי עס האט אין אזא פאל פאסירט מיט פיל אנדערע מענשען; און אז ער זאל פארלירען זיין ראיה אויף דריי טעג און נישט קאנען די גאנצע צייט גארנישט עסען אדער טרינקען, איז אין דעם פאל אויך א גאנץ געוויינליכע זאך. זיינע חברים, וואס זיינען געווען מיט איהם, זיינען, ווייזט אוים, לייכטער אפגעקומען, ווייל זיי זיינען געווען גענוג געזונט צו קאנען איהם פירען ווייטער, אויפ'ן וועג קיין דמשק; זיי האבען אויך נישט פרעטענדירט צו האבען געזעהען עפים א זעהונג.

אין דעם כאראקטער פון דער פערזאן מיט'ן נאמען פולוס, לויט דעם, וואס עס ווערט וועגען איהם דערציילט, איז פאראן א היבש ביסעל גרויזאמקייט און פאנאטיזם; ער האט געררודפ'ט מענ־שען מיט'ן זעלביגען ברען, וואס ער האט שפעטער געפרעדיגט; דער בליץ האט אריינגעבראכט אן ענדערונג בלויז אין זיינע גע־דאנקען, אבער נישט אין זיין כאראקטער; און סיי אלס איד, און סיי אלס קריסט איז ער אלין פארבליבען דערזעלביגער פאנאטיקער. אזעלכע מענשען זיינען קיינמאל נישט קיין גוטע רעקאמענדאציע פאר דער מאראליטעט פון די לערעס, וואס זיי פרעדיגען. זיי זיי־נען שטענדיג עקסטרעם, סיי אין זייערע מעשים און סיי אין זייער גלויבען.

די לערע, וואס ער נעמט זיך אונטער צו באווייזען מיט ארגו־מענטען, איז דאס לעבעדיג־ווערען פון דעמזעלביגען קערפער, און ער ברייגגט זי, ווי א באווייז פון אומשטערבליכקייט. אבער מענ־שען אונטערשיידען זיך אזוי פיל אין זייער ארט דענקען און אין די אויספירען, וואס זיי מאכען פון איין־און־דיזעלביגע הנחות, אז טאמער די לערע וועגען דער ווידער־אויפלעבונג פון דעמזעלביגען קער־פער זעהט מיר גאר אוים צו זיין נישט קיין באווייז פון אומ־שטערבליכקייט, נאר, פארקערט, א באווייז קעגען איהר; ווייל אויב איך בין איינמאל געשטארבען אין אט־דעם קערפער און לעב

ווידער אויף אין דעמזועלביגען קערפער, און וועלכען איך האב געלעבט, איז דאך דאס א קלארער באווייז, אז איך וועל ווידעראמאל שטארבען. דאס דאזיגע לעבעדיג־ווערען פארזיכערט מיך נישט קעגען דער ווידערהווילונג פון טויט, פונקט ווי אן אנפאל פון קדחת, ויען אפילו פארגאנגען, פארזיכערט מיך נישט קעגען א צווייטען אנפאל. כדי צו גלויבען אין אומשטערבליכקייט, מוז איך, אלזוי, האבען א מער דערהויבענע השגה, ווי די, וואס עס איז פאראן אין דער שווערער לערע פון תחית המתים.

אויסער דעם וואלט איך, ווען דאס זאל זיך נאר ווענדען אן מיר, אליין געוואלט האבען א בעסערען קערפער און א באקוועמערע פארם, ווי די איצטיגע. יעדעס לעבעדיג באשעפעניש טרעפט אינז, מענשען, מיט עפיס איבער. די באפליגעלטע אינזעקטען, שוין נישט רעדענדיג וועגען טויבען און אדלערס, קאנען אין עטליכע מינוט דורכגיין א גרעסערען שטח און פיל לייכטער, ווי א מענש קאן דאס טון אין א שעה. דאס פלינקע באוועגען זיך פון דעם קלענסטען פישעל איז, פראפארציאנעל צו זיין גרייס, אן אן ערך פיינער און שנעלער פון אונזערע באוועגונגען. אפילו דער אומבאוועגליכער שליאמאק קאן זיך אויפהויבען פון דער טיפעניש פון א גרוב, וואו א מענש וואלט אומגעקומען, און א שפין קאן זיך שפילעוודיג אראפלאזען אהין. דעם מענשענ׳ס כחות זיינען אזוי באשרענקט און זיין שווערער קערפער איז אזוי ווייניג צוגעפאסט צו שטארקען געגנים, אז מיר קאנען גארנישט פארלאנגען, אז פולוס׳עס מיינונג זאל זיין אמת׳דיג. זי איז צו קליין פאר דער גרויסקייט פון דעם בילד און צו נידעריג פאר דער דערהויבענקייט פון דעם ענין.

דאס באוואוסטזיין פון עקזיסטענץ איז די איינציגע פארשטעלונג, וואס מיר קאנען האבען וועגען אן אנדער לעבען, און דאס נישט־אויפהערען פון דעם דאזיגען באוואוסטזיין איז אומשטערבליכקייט. דאס באוואוסטזיין פון עקזיסטענץ, אדער דאס וויסען, אז מיר עקזיסטירען, מוז נישט, אפילו אין דעם דאזיגען לעבען, זיך דוקא באשרענקען מיט דעזעלביגער פארם, אדער דעמזעלביגער מאטעריע.

גישט אלע מאל האבען אונזערע קערפערס דיזעלביגע פארם און קינמאל באשטייען זיי נישט פון דער זעלביגער מאטעריע, וואס מיט צוואנציג אדער דרייסיג יאהר צוריק; און דאך האבען מיר דעם באוואוסטזיין, אז מיר זיינען דיזעלביגע פערזאנען. אפילו הענט און פיס, וואס פון זיי באשטייט כמעט א העלפט פון דעם מענשליכען ארגאניזם, זיינען נישט נויטיג פאר׳ן באוואוסטזיין פון עקזיסטענץ. זיי קאנען פארלארען גיין אדער אוועקגענומען ווערען, און דאס פולע באוואוסטזיין פון עקזיסטענץ זאל דאך פארבלייבען; און וואלטען זיי פארביטען געווארען אויף פליגלען אדער אנדערע מיני ענד־גלידער, וואלט דאס אויך נישט איבערגעאנדערט אונזער באוואוסטזיין פון עקזיסטענץ. קורץ, מיר ווייסען אליין נישט, וואסער קליין טיילכעל פון אונזער וועזען עס שאפט אין אונז אט־דעם באוואוסטזיין פון עקזיסטענץ, און ווי געוואלטיג־איידעל דאס דאזיגע טיילכעל איז.

ווער קען זאגען, דורך וועלכען אויסערגעווייגליך־דעליקאטען פראצעס עס ווערט געשאפען אין אונזער מח א געדאנק? און דאך קען דער דאזיגער געדאנק, ווען געשאפען, ווי איך שאף איצט דעם געדאנק, וואס איך שרייב דא אן, ווערען אומשטערבליך; און דאס איז די איינציגע מענשליכע שאפונג, וואס פארמאגט אזא מענשליכקייט.

סטאטוען פון בראנז אדער מירמעלשטיין וועלען פארניכטעט ווערען; און סטאטוען וואס ווערען רעפראדוצירט, זיינען נישט די־זעלביגע סטאטוען און פארמאגען נישט דיזעלביגע קינסטלערישע פולקאמענקייט, וואס די אריגינאלען, פונקט ווי א קאפיע פון א בילד איז נישט דאסזעלביגע, וואס דאס אריגינעלע בילד. אבער דרוקט אפ א געדאנק און דרוקט איהם איבער טויזענט מאל און דורך וואסערע מאטעריאלען איהר ווילט נאר אליין — שניצט איהם אוים אויף האלץ, קריצט איהם אויס אויף שטיין — דער געדאנק וועט אייביג פארבלייבען דערזעלביגער. ער איז מסוגל צו אן אומ־פארענדערליכער עקזיסטענץ, וואס די מאטעריע האט דערויף קיין שום שליטה נישט. און איז אין תוך גאנץ פארשיידען פון אלע איבעריגע זאכען, וואס מיר קאנען נאר באגעגענען. אויב אלזוי, די

געשאַפענע זאַך איז מסוגל צו זיין אומשטערבליך, קאָנען מיר דאָך דערפון דרינגען, אז די קראַפט, וואָס האָט די זאַך געשאַפען, און דאָס איז טאַקע דאָסזעלביגע, וואָס באַוואוסטזיין פון עקזיסטענץ, קאָן אויך זיין אומשטערבליך, גאַנץ אָפּגעזונדערט פון דער מאַטעריע, מיט וועלכער זי איז לכתחילה געווען פאַרבונדען, פונקט ווי די אומשטערבליכקייט פון דעם געדאַנק איז נישט אָפּהענגיג פון דרוק אָדער שריפט, אין וועלכע ער איז צוערשט ערשינען. עס איז נישט שווערער צו גלויבען אין דער ערשטער השגה, ווי אין דער צווייטער, און מיר קאָנען זעהן, אז איינע פון זיי איז אמת'דיג.

אז דאָס באַוואוסטזיין פון עקזיסטענץ איז נישט אָפּהענגיג פון איין־און־דערזעלביגער פאָרם אָדער מאַטעריע, ווערט אַנטפּלעקט פאַר אונזערע חושים אין די ווערק פון דער באַשאַפונג, ווי ווייט נאָר אונזערע חושים זיינען אימשטאַנד דאָס אויפצונעמען. א זעהר גרויסער טייל פון דער באַלעבטער נאַטור פרעדיגט פאַר אונז, פיל בעסער, ווי דאָס טוט פּולוס, דעם גלויבען אין א לעבען נאָכ'ן טויט. דאָס קליינע לעבען פון חיה'לעך איז ענליך צו אַן ערד און א הימעל — א די־וועלט און א יענע־וועלט — און אַנטהאַלט, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, אומשטערבליכקייט אין מיניאַטור.

די שענסטע טיילען פון דער באַשאַפונג, וואָס שטעלען זיך פאַר פאַר אונזער אויג, זיינען די באַפליגעלטע אינזעקטען. נישט אַזוי זיינען זיי אָבער גלייך פון אָנהויב. זיי באַקומען די דאָזיגע פאָרם און אומפאַרגלייכליכען פּראַכט דורך שטופּענווייזע ענדערונגען. דאָס לאַנגזאַמע און קריכענדיגע מאַטיל־ווערימעל ווערט אין עטליכע טעג אַרום פאַרשטאַרט און קומט אריין אין א טויט־ענליכען צושטאַנד; און אין דעם צווייטען גלגול ערשיינט עס שוין אין דעם גאַנצען פּראַכט פון לעבען, א גלענצענדיגער שמעטערלינג. עס פאַרבלייבט נישט אין איהם קיין סימן פון דעם פריהערדיגען באַשעפעניש; אַלץ איז אין איהם אַנדערש; אלע זיינע קרעפטען זיינען ניי, און דאָס לעבען איז פאַר איהם א גאַנץ נייע זאַך. מיר קאָנען זיך נישט פאָרשטעלען, אז דאָס באַוואוסטזיין פון עקזיסטענץ זאָל אין אָט־דעם צושטאַנד פון דעם באַשעפעניש נישט זיין דאָסזעלביגע וואָס פריהער; געווען. אַלזוי, זאָל איך גלויבען, אַז

עס איז נויטיק דאָס ווידער־אויפלעבען פון דעמזעלביגען קערפּער, כדי איך זאָל קאָנען ווייטער, נאָך אַט־דעם לעבען, האָבען דעם באַוואוסטזיין פון עקזיסטענץ?

אין דעם ערשטען טייל פון „דער צייט פון פאַרשטאַנד" האָב איך אָנגערופען די באַשאַפונג דאָס איינציג־אמת'ע און ווירקליכע וואָרט פון גאָט; און אַט־דער ביישפּיל, אָדער טעקסט, אין דעם בוך פון דער באַשאַפונג ווייזט אונז נישט נאָר, אז דאָס קאָן אזוי זיין, נאָר אז עס איז טאַקע אזוי און נישט אנדערש; עס ווייזט אונז אויך, אז דער גלויבען אין א צוקונפטיגען לעבען איז א ראַציאָנאַלער גלויבען, וואָס איז באַגרינדעט אויף פאַקטישע זאַכען, וואָס מיר אליין זעהען זיי אין דער באַשאַפונג. עס איז דאָך נישט שווערער צו גלויבען, אז מיר וועלען, נאָך אַט־דעם לעבען, עקזיסטירען אין א בעסערען צושטאַנד און אין א בעסערער פאָרם, ווי איצט, איידער צו גלויבען, אז פון א ווערימעל זאָל ווערען א שמעטערלינג, וואָס זאָל פאַרבייטען דאָס מיסטבערגעל אויף דער פרייער לופט, ווען מיר וואָלטען דאָס לעצטע נישט צוגעזעהען מיט אונזערע אייגענע אויגען.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם צווייפעלהאַפטיגען זשאַרגאָן אין דעם 15־טען קאַפּיטעל פון ק אָ ר י נ ט ע ר א, וואָס ווערט צוגעשריבען צו פּולוס'ן און איז א טייל פון א הספד נאָך איינינגע קריסטליכע סעקטאַנטען, האָט ער פונקט אזוי וועניג זין, ווי דאָס קלינגען פון א קלויסטער־גלאָק ביי א לויה; ער דערקלערט גאָרנישט פאַר'ן שכל און שילדערט גאָרנישט פאַר דער פאַרשטעלונג, נאָר לאָזט איבער פאַר'ן לעזער אליין אויסצוטייטשען עס, ווי עס לאָזט זיך נאָר. „נישט יעדעס פלייש (זאָגט ער) איז דאָס זעלביגע פלייש, נאָר איינס איז דאָס פלייש פון מענשען, אַן אנדערס — פון בהמות, און אַן אנדערס — פון פיש, און אַן אנדערס — פון עופות". און וואָס ווייטער? דאָס אייגענע וואָלט דאָך אויך א קוכער געקאָנט זאָגען. „עס זיינען אויך פאַראַן (זאָגט ער ווייטער) הימעלשע קערפּערס, אָבער די הימעלשע האָבען אַן אנדער הערליכקייט, און די ערדישע — אַן אנדער הערליכקייט". און וואָס ווייטער? און וואָס איז צווישען זיי דער אונטערשייד? וועגען דעם זאָגט ער אונז

גאַרנישט. „עס איז (זאָגט ער) אַן אַנדער הערליכקייט צו דער זון, און אַן אַנדער הערליכקייט צו דער לבנה, און אַן אַנדער הער־ליכקייט צו די שטערן.“ און ווייטער זאָגט ער אונז גאַרנישט. אחוץ דעם, וואָס ער גיט צו, אַז א י י ן ש ט ע ר ע ן א ו נ־ ט ע ר ש י י ד ט ז י ך פ ו ן א ן א נ ד ע ר ע ן א י ן ה ע ר ל י כ ק י י ט. אנשטאט אין דיסטאַנץ ; ער וואָלט פונקט אזוי געקאָנט אונז זאָגן, אַז די לבנה שיינט נישט אזוי העל, ווי די זון.

דאָס אַלץ איז נישט בעסער פון דעם זשאַרגאָן פון א וואָר־זאָגער, וואָס קלייבט צונויף אומפארשטענדיגע ווערטער, כדי מיט זיי צו צעטומלען די לייכטגלויביגע מענשען, וואָס קומען אויסהע־רען זיין וואָרזאָרגעריי. פריסטער און וואָרזאָגער געהערען צו דעמזעלביגען פאַך.

אמאָל מאַכט פּולוס דעם אַנשטעל פון א נאַטוראַליסט און זוכט צו באַווייזען די טעאָריע פון תחית המתים דורך די געזעצען פון דעם פלאַנצען־לעבען. „דו נאַר (זאָגט ער), וואָס דו פאַרזייסט, ווערט נישט לעבעדיג, סיידען עס שטאַרבט“. אויף דעם וואָלט מען איהם געקאָנט ענטפערען אין זיין אייגענעם לשון און זאָגען : דו נאַר, פּולוס, וואָס דו פאַרזייסט, וואַקסט נישט אויף, סיידען עס שטאַרבט נ י ש ט; ווייל די קערנער, וואָס שטאַרבען אָפּ אין דעם באָדען, קאָנען קיינמאָל נישט אויפגיין ; נאָר פון די לעבעדיגע קער־נער קומט ארויס די תבואה.“ אָבער די דאָזיגע מעטאַפאָר קאָן סיי ווי נישט דינען פאַר קיין פאַרגלייך. אין דעם פאַל מיט די קער־נער ווערט דאָס לעבען פון די קערנער איבערגעגעבען צו דער תבואה, עס איז אָבער נישט קיין פאַל פון ווידער־אויפלעבונג.

דער איבערגאַנג פון א לעבעדיגען וועזען פון איין צושטאַנד צו אַן אַנדערען, ווי פון א וואָרם צו א שמעטערלינג, פאַסט זיך דאָ גוט ; אָבער דער ביישפיל מיט די קערנער ווייזט נאָר, אַז פּו־לוס אַליין איז געווען דאָס, וואָס ער זאָגט וועגען אַנדערע — א נ א ר.

צי די פּערצען בריוו, וואָס ווערען צוגערעכענט צו פּולוס'ן, זיינען טאַקע אָנגעשריבען געוואָרען פון איהם, אָדער נישט, איז

פאַר אונז נישט וויכטיג צו וויסען; זיי באַשטייען אַדער פון אַר־גומענטען, אַדער פון דאָגמען; און אַזוי ווי די אַרגומענטען זיינען פעלערהאַפטיג און דער דאָגמאַטישער טייל איז געבויט בלויז אויף איינבילדונגען, איז נישט וויכטיג צו וויסען, ווער עס האָט זיי געשריבען. דאָס אייגענע קאָן אויך געזאָגט ווערען וועגען דעם איבעריגען טייל פון דעם ט ע ס ט א מ ע נ ט.

די קירך, וואָס רופט זיך אליין די קריסטליכע קירך, איז באַ־גרינדעט נישט אויף אַט די בריוו, נאָר אויף די פיר ביכער, די אזוי־גערופענע עוואַנגעליעס, וואָס ווערען צוגערעכענט צו מתיא, מאַרקוס, לוקאַס און יוחנן, און אויף דער כלומר'שטיגער נבואה. די בריוו זיינען געבויט אויף די לעצטע און מוזען האָבען דעמזעלביגען מזל; ווייל אויב די מעשה מיט ישו הנוצרי איז פאַבעלהאַפטיג, מוזען צוזאַמען מיט איהר אויך פאַלען די אלע חקירות, וואָס זיי־נען געבויט אויף איהר, ווי אויף אַן אָנגענומענעם אמת.

מיר וויסען פון דער געשיכטע, אַז איינער פון די הויפּט־פירער פון דער קירך, אַטאַנאַזיוס, האָט געלעבט אין דער צייט, ווען דער נייער טעסטאַמענט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען*); מיר וויסען אויך פון דעם אומזיניגען זשאַרגאָן, וואָס ער האָט אונז איבערגעלאָזט אונטער'ן נאָמען „עיקרים פון גלויבען", וואָס עס האָבען פאַרגעשטעלט מיט זיך די צוזאַמענשטעלער פון דעם נייעם טעסטאַמענט; און פון דערזעלביגער געשיכטע וויסען מיר נאָך, אַז מען האָט אין יענער צייט זיך אָפּגעזאָגט צו גלויבען אין דער עכטקייט פון די ביכער, פון וועלכע עס באַשטייט דער נייער טעס־טאַמענט.

אויף דער אָפּשטימונג פון אַט־אַזוינע מענשען, ווי אַטאַנאַזיוס, איז דאָס דער נייער טעסטאַמענט באַשטימט געוואָרען צו זיין דאָס וואָרט פון גאָט. מיר קאָנען זיך גאָרנישט פאָרשטעלען קיין זוני־דערבאַרערע זאַך, ווי דאָס באַשטימען דאָס וואָרט פון גאָט דורך אָפּשטימונג. די, וואָס גלויבען אין אַזאַ מין אויטאָריטעט, שטע־לען אוועק א מענשען אויפ'ן אָרט פון גאָט און האָבען נישט קיין

*) אטאנאזיוס איז, לויט דער קירכען־כראָנאָלאָגיע, געשטאָרבען אין יאָר 371

שום גרונט פאר צוקונפטיג גליק. גלויביגקייט איז נישט קיין פארברעכען; זי ווערט אבער פארברעכעריש, ווען זי שטעלט זיך קעגען איבערצייגונגען. זי דערשטיקט אין ווארצעל יעדע אנ־שטרענגונג, וואס דאס באוואוסטזיין מאכט צו געפינען דעם אמת.

איך שליס דא מיין אפהאנדלונג איבער דעם אלטען און נייעם טעסטאמענט. די ראיות, וואס איך האב דא געבראכט צו באווייזען זייער פאלשקייט, זיינען גענומען געווארען פון די ביכער גופא: זיי ווירקען, ווי א צוויי־שארפיגע שווערד, אויף ביידע זייטען. אויב די באווייזען וועלען אפגעלייקענט ווערען, וועט צוזאמען מיט דעם אויך אפגעלייקענט ווערען די עכטקייט פון די דאזיגע שריפטען, ווייל די באווייזען זיינען דארט פון דארט גענומען געווארען; און אויב די באווייזען וועלען אנגענומען ווערען, וועט ממילא אויך אפגעלייקענט ווערען די עכטקייט פון די ביכער. די ווידער־שפרעכיגע אוממעגליכקייטען, וואס געפינען זיך אין דעם אלטען און נייעם טעסטאמענט, שטעלען די דאזיגע ביכער אין דער לאגע פון א מענשען, וואס שווערט פאר און קעגען א געוויסער זאך. ביידע מאל שווערען ווייזען זיין שולד אין פאלשער שבועה און צעשטערען אלצאיינס זיין רעפוטאציע.

וועט די ביבעל און דער נייער טעסטאמענט שפעטער פאלען, וועט די שולד נישט זיין מייגע. איך האב מעהר נישט געטון, ווי נאר ארויסגענומען פון את־דעם גאנצען געמיש די באווייזען, וואס זיינען דארט פאראן, און איינגעארדענט זיי אזוי, אז מען זאל זיי קאנען קלאר זעהן און לייכט פארשטיין; און איצט, ווען איך בין פארטיג געווארען מיט מיין אויפגאבע, לאז איך איבער דעם לעזער צו אורטיילען פאר זיך, ווי איך האב דאס אליין געטון.

# שלום.

אין דעם ערשטען טייל פון דער „צייט פון פארשטאנד“ האָב איך גערעדט וועגען די דרייערליי שווינדלען: מ י ס ט ע ר י ע, ו ו א ו נ ד ע ר און נ ב ו א ה; און אזוי ווי איך האָב אין די ענטפערס אויף דעם דאָזיגען ווערק נישט געפונען קיין זאך, וואָס זאָל אויף וויפיל־עס־איז באַרירען דאָס, וואָס איך האָב דאָרט ארויסגעזאָגט איבער די דאָזיגע ענינים, וועל איך נישט באַלעס־טיגען אָט־דעם צווייטען טייל מיט צוזאצען, וואָס זיינען נישט נויטיג.

איך האָב אין דעמזעלביגען פּלאַץ אויך גערעדט וועגען דער אזוי־גערופענער א נ ט פ ל ע ק ו נ ג: און געוויזען, ווי שלעכט דאָס דאָזיגע וואָרט פּאַסט זיך צו די ביכער פון דעם אלטען און נייעם טעסטאמענט; ווייל עס איז זיכער, אז בנוגע א זאך, וואָס א מענש האָט געזעהען מיט זיינע אייגענע אויגען, אדער אליין זיך אין דעם באַטייליגט, קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין וועגען אנטפּלעקונג. דאָרט, וואו א מענש האָט עפּיס געטון אדער געזעהען, איז נישט נויטיג קיין אנטפלעקונג צו זאָגען איהם, אז ער האָט דאָס געטון אדער געזעהען, ווייל ער וויים דאָס שוין אליין, און אויך נישט — צו געבען איהם א מעגליכקייט וועגען דעם צו דערציילען אָדער שרייבען. אַנצואווענדען דאס וואָרט א נ ט פ ל ע ק ו נ ג פאַר אזוינע פאַלען איז אָדער אומוויסענקייט, אָדער א שווינדעל; און דאָך איז די ביבעל און דער טעסטאַמענט קלאַסיפיצירט אונטער דעם דאָזיגען פאַלשען נאָמען א נ ט פ ל ע ק ו נ ג.

דאָס וואָרט א נ ט פ ל ע ק ו נ ג, אויף וויפיל עס באַטייט אנטפלעקונג צווישען גאָט און דעם מענשען, קאָן אַנגעווענדט ווע־רען נאָר פאר דער אנטפלעקונג פון גאָט׳ס ו ו י ל ע ן צום מענ־

שען; און כאַטש מען מוז צוגעבען, אז דער אלמעכטיגער קאָן מאַכען אזא מיטטיילונג צום מענשען, ווייל פאר דער מאַכט פון דעם אלמעכטיגען איז אלץ מעגליך, איז אָבער די זאַך, וואס איז אזוי ארום אַנטפּלעקט געוואָרען (אויב נאָר דאָס איז וועןֿעסֿאיז געשעהען, וואָס איז אגב אוממעגליך צו באוויזען), אַן אַנטפּלעקונג נאָר צו דעם מענשען, צו וועמען זי איז געמאַכט געוואָרען. זיין דערציילען וועגען דעם צו אַן אַנדער מענשען איז שוין ניט קיין אנטפּלעקונג; און ווער עס גלויבט אין דער דאָזיגער דערציילונג, גלויבט אין דעם מענשען, פון וועמען זי קומט; און דער לעצטער האָט געקאָנט אָפּנעאַרט ווערען, אַדער ער האָט געקאָנט פון דעם חלום׳ען, אָדער ער האָט געקאָנט זיין אַ שווינדלער און זאָגען אַ ליגען. עס איז גאָר נישטאָ קיין מעגליכער קריטעריום צו אורטיילען וועגען דעם אמת פון דעם, וואָס ער דערציילט, ווייל אפילו די מאָראַלישקייט פון זיינע רייד קאָן דאָ אויך נישט דינען פאר אַ באווייז. אין אלע אַזוינע פאַלען וואלט דער פּאַסיגער ענטפער געוועזען אזאַ: „ווען דאָס וועט אַנטפּלעקט ווערען פאר מיר, וועל איך גלויבען, אז עס איז אַן אַנטפּלעקונג; אזוי ווי דאָס איז אָבער פאר מיר נישט געוועזען קיין אַנטפּלעקונג, קאָן מען דאָס אויף מיר נישט ארויפצווינגען; אחוץ דעם איז נישט פּאַסיג, אז איך זאָל אָננעמען דאָס וואָרט פון אַ מענשען פאַר דאָס וואָרט פון גאָט און אָוועקשטעלען דעם מענשען אויפ׳ן אָרט פון גאָט“. אין אַזאַ זין האָב איך גערעדט וועגען אַנטפּלעקונג אין דעם ערשטען טייל פון „דער צייט פון פאַרשטאַנד“; אַננעמענדיג אנטפּלעקונג, ווי אַ מעגליכע זאַך, ווייל פאַר׳ן אלמעכטיגען, ווי געזאָגט, איז אַלץ מעגליך, האָב איך אָבער צוריקגעוויזען דאָס ארויפצווינגען אַזאַ מין אַנטפּלעקונג פון איין מענשען אויפ׳ן צווייטען און אויפגעוויזען דעם שלעכטען געברויך, וואָס ווערט געמאַכט פון אזאַ כלומרשטיגער אַנטפּלעקונג.

און כאַטש איך גיב צו די מעגליכקייט פון אַנטפּלעקונג, גלויב איך אָבער דורכאויס נישט, אז דער אַלמעכטיגער זאָל אַמאָל האָבען עפּיס מיטגעטיילט צו אַ מענשען מיט דער הילף פון וואסערֿעסֿאיז שפּראַך, אָדער זעהונג, אָדער וואסערעֿעסֿאיז אַנדערע מיטלען,

וואָס מיר קאָנען אויפנעמען מיט אונזערע חושים; אויב דער אַל־מעכטיגער אַנטפּלעקט זיך צו מענשען, איז עס נאָר דורך די ווערק פון דער באַשאַפונג, וואָס זיינען אָפען פאַר אַלעמען גלייך, און אין דעם געפיל פון עקעל, וואָס מיר פילען צו שלעכטע האנדלונגען, און אין אונזער נייגונג צו טון גוטס.

די סאמע אָפּשטויסיגע פאַרדאַרבענקייט, די שוידערליכטע גרויזאמקייט און די גרעסטע אומגליקען, וואָס די מענשהייט האָט געהאַט אויסצושטיין, האָבען זיך גענומען פון אָט־דער אזוי־גערופע־נער געטליכער אנטפּלעקונג. דער דאָזיגער גלויבען איז אַ פאַר־שוועכונג פון גאָט'ס נאָמען, און זיין שעדליכקייט פאר דער מאָראַל, פאַר דעם שלום און גליק פון מענשען איז פיל גרעסער ווי פון יעדען אַנדער מין גלויבען, וואָס האָט אַמאָל געהערשט צווישען מענשען. ווען מיר וואָלטען ארויסגעלאָזט איבער דער וועלט א טויזענט טייוואָלים צו פּרעדיגען עפענטליך די טייוועלשע לערע, אויב דאָס וואָלט נאָר מעגליך געווען, וואָלט עס אפשר בעסער געווען, ווי צוצולאָזען איינעם פון אזוינע פאַרפירער און מאַנסטערס, ווי משה, יהושע, שמואל און די ביבלישע נביאים, צו קומען מיט דעם בלומרשטיגען וואָרט פון גאָט אין מויל און צו קריגען אונזער אָנער־קענונג.

פון וואַנען שטאַמען די אלע שרעקליכע אויסשלאַכטונגען פון גאַנצע פעלקער, וואָס די ביבעל איז מיט דעם פול, און די אלע בלוטיגע רדיפות און נגישות, און די אלע רעליגיעזע מלחמות, וואָס האָבען זינט יענער צייט געבראַכט א חורבן אויף אייראָפּע און פאַרפלייצט זי מיט בלוט, — פון וואַנען שטאַמט דאָס אַלץ, אויב נישט פון אָט־דער גאָטלאָזער זאַך, וואָס הייסט געטליכע אַנטפּלע־קונג, און פון דעם מאַנסטרועזען גלויבען, אז גאָט האָט גערעדט צו א מענשען? די ליגענס פון דער ביבעל האָבען געבראַכט די ערשטע אומגליקען, און די ליגענס פון דעם טעסטאַמענט האָבען געבראַכט די צווייטע.

איינינע קריסטען פּרעטענדירען, אז דאָס קריסטענטום האָט זיך נישט באַפעסטיגט דורך דער שווערד. אָבער פון וועלכער צייט רעדען זיי דאָס? עס איז געווען אוממעגליך, אז צוועלף מענשען

זאלען קאנען אנהויבען מיט דער שווערד; זיי האבען דערויף נישט געהאט קיין מאכט; אבער אזוי גיך ווי די נאכפאלגער פון קריס־טענטום האבען זיך דערפילט גענוג מעכטיג צו באנוצען די שווערד, ווי אויך דעם מארטער־סלופ און דעם שייטער־הויפען, האבען זיי דאס נישט פארפעלט צו טון. און דאס אייגענע איז אויך געווען מיט מחמד'ן. מיט'ן זעלביגען אימפעט, וואס פעטרוס האט אפגע־שניטען דעם אויער פון דעם כהנ'ס קנעכט (אויב די דאזיגע מעשה איז נאר אמת), וואלט ער איהם אויך אפגעשניטען דעם קאפ, ווי אויך דעם קאפ פון דעם באלעבאס, ווען ער וואלט דאס נאר גע־קאנט טון. אויסער דעם האט דאס קריסטענטום לכתחילה זיך גע־שטיצט אויף דער ביבעל, און די לעצטע האט זיך דאך דורכאויס באפעסטיגט דורך דער שווערד, און דאס נאך אויפ'ן ערגסטען אופן: די שווערד איז נישט באנוצט געווארען בלויז אויף אנצושרעקען, נאר טאקע, ווי אן אויסראטונגס־מיטעל. די אידען האבען קיינעם נישט באקערט צו זייער גלויבען; זיי האבען אלעמען אויסגעשאכ־טען. דער אלטער טעסטאמענט איז דער פאטער פון דעם נייעם, און ביידע ווערען זיי אנגערופען דאס וואָרט פון גאט. די קריסטען לייענען ביידע ביכער; די גייסטליכע פרעדיגען פון ביי־דע ביכער; און דאס אזוי־גערופענע קריסטענטום איז אויפגעשטעלט געווארען פון ביידע. עס איז, אלזוי, נישט אמת, ווען מען זאגט, אז דאס קריסטענטום האט זיך נישט באפעסטיגט דורך דער שווערד.

די איינציגע סעקטע, וואס האט קיינעם נישט פארפאלגט, איז די סעקטע פון די קוויקערס; און די איינציגע דערקלערונג, וואס מען קאן דערויף געבען, איז, אז זיי זיינען גיכער דעאיסטען, ווי קריסטען. זיי גלויבען נישט פיל אין ישו הנוצרי, און זיי האלטען די „היילינע שריפט" פאר א טויטען בוכשטאב. ווען זיי וואלטען אט־די שריפט געהאלטען פאר אן ערגערער זאך, וואלטען זיי געווען נעהענטער צים אמת.

אויף יעדען איינעם, וואס פילט יראת הכבוד צום באשעפער און וויל פארקלענערען די צאל נישט־נויטיגע אומגליקען, ווי אויך באזייטיגען די אורזאך, וואס האט געבראכט אזוי פיל צרות אויף

דער מענשהיים, ליגט א חוב צו באקעמפען די אלע אידעען פון געטליכער אנטפלעקונג, ווי א געפערליכע אפיקורסות און א גאט־לאזען שווינדעל. וואס אזוינס האבען מיר דען זיך געלערנט פון דער רעליגיע פון געטליכער אנטפלעקונג? קיין זאך, וואס איז ניצליך פאר'ן מענשען, און אלין, וואס איז אן אומכבוד פאר זיין באשעפער. וואס לערנט אונז די ביבעל? רויבעריי, גרויזאמקייט און מארד. וואס לערנט אונז דער טעסטאמענט? צו גלויבען, אז דער אלמעכטיגער האט פארפירט א מיידעל, וואס האט געהאלטען ביי חתונה האבען, און אט־דער אקט פון אויסגעלאסענקייט ווערט אנגערופען אמונה.

וואס אנבאלאנגט די פראגמענטען פון מאראל, וואס זייגען נישט־רעגעלמעסיג און שיטער צעווארפען איבער די דאזיגע ביכער, זיינען זיי נישט קיין טייל פון דער אזוי גערופענער רעליגיע פון אנטפלעקונג. זיי זיינען די נאטירליכע באפעלען פון דעם געוויסען און דער באנד, וואס האלט צוזאמען די געזעלשאפט און וואס אן איהם קאן די געזעלשאפט נישט עקזיסטירען. אבער דאס קאן מען געפינען כמעט אין יעדער רעליגיע און אין יעדער געזעלשאפט. דער טעסטאמענט לערנט אונז נישט שום נייע זאך איבער אט־דעם ענין, און דארט, וואו ער וויל זיין העכער איבער אלע אנדערע מאראל־לערעס, ווערט ער פשוט און לעכערליך. די לערע פון נישט צאלען א רעה פאר א רעה איז פיל בעסער אויסגעדריקט אין מ ש ל י, ווי אין דעם טעסטאמענט. עס ווערט דארט געזאגט אזוי (משלי, קאפ. 25, פסוק 21): „ו ו ע ן ד י י ן פ י י נ ט א י ז ה ו נ ג ע ר י ג, ג י ב א י ה ם ב ר ו י ט צ ו ע ס ע ן; א ו ן ו ו ע ן ע ר א י ז ד א ר ש ט י ג, ג י ב א י ה ם ו ו א ס ע ר צ ו ט ר י נ ק ע ן“*); ווי עס ווערט

---

*) אין דער אַזוי־גערופענער באַרג־פרעדיגט אין דעם בוך פון מתיא, וואו צווישען אנדערע גוטע זאכען ווערט ארויגעפירט א היבש ביסעל כלומרשטיגע מאראַליטעט, ווערט אויסדריקליך געזאָגט, אז די לערע פון אויסדויער, אַדער פון נישט צאָלען מדה כנגד מדה, איז נישט געוועזן קיין אידישע לערע; אבער אזוי ווי די דאָזיגע לערע געפינט זיך אין מ ש ל י, האָט זי, לויט אַט־דער באהויפטונג, געמוזט געקומען ווערען פון נישט־אידען, פון וועמען ישוע האָט דאָס געלערנט. יענע מענשען, וואָס די אידישע און קריסטליכע געצענדינער האָבען זיי אָנגערופען הייד־

אבער אין דעם „טעסטאַמענט“ געזאָגט: ווען אַ מענש וועט דיך שלאָגען אויף דער רעכטער באַק, שטעל איהם אויך אַן די אַנדערע באַק“. הייסט דאָס מאַכען אַ תל פון דער ווירדיגקייט פון אויס־דויער און לאָזען דעם מענשען זינקען צו דער מדרגה פון אַ הונט.

די ליבע צו שונאים איז נאָך אַ דאָגמע פון כלומרשטיגער מאָראַליטעט, וואָס האָט נאָך דערצו קיין שום זין נישט. דער מאָראַלישער חוב פון יעדען מענשען איז נישט צו נעמען נקמה פאַר אַ באַליידיגונג; דאָס איז אויך גוט אין פּאָ־ליטישען זין, ווייל דאָס אָפּרעכענען זיך פאַר אַ באַליידיגונג וועט גאַר קיין סוף נישט האָבען, ווען יעדער איינער וועט זיך אָפּרע־כענען מיט'ן צווייטען און דאָס אָנרופען גערעכטיגקייט; אָבער ליבען פּראָפּאָרציאָנעל צו דער באַליידיגונג, אויב דאָס וואָלט נאָר געקאָנט געטון ווערען, וואָלט געהייסען געבען אַ באַלוינונג פאַר אַ פאַרברעכען. אויסער דעם איז דאָס וואָרט שונאים צופיל נישט־קלאָר און אַלגעמיין, אַז מען זאָל דאָס באַנוצען אין אַ מאָ־ראַלישען פּרינציפּ, וואָס דאַרף אַלע מאָל זיין אַזוי קלאָר און באַ־שטימט, ווי אַ שפּריכוואָרט. אויב אַ מענש פילט פיינשאַפט צום צווייטען דורך טעות און פאָראורטייל, ווי אין דעם פאַל פון רע־ליגיעזע מיינונגען און אַמאָל אויך פון פּאָליטיק, איז דאָס נישט דערזעלביגער מין פיינטשאַפט, וואָס איינער טראָגט אין זיין האַרץ אויפ'ן צווייטען מיט אַ פאַרברעכערישער כונה; און עס ליגט אויף אונז אַ חוב, און עס איז אויך נויטיג פאַר אונזער אייגענער

נער, האָבען געהאַט בעסערע און קלאָרערע באַגריפען פון יושר און מאָ־ראַל, ווי די, וואָס מען קאָן געפינען אין דעם אַלטען טעסטאַמענט, אויף וויפיל זיי זיינען נאָר אידישע באַגריפען, אַדער אין דעם נייעם. סאָ־לאָנ'ס ענטפער אויף דער פראַגע: „וואָס איז די בעסטע רעגירונג פאַר אַ פאָלק?“ — איז, ווי אַ גרונדזאַץ פון פּאָליטישער מאָראַל, נאָך פון קיי־נעם, זינט זיין צייט, נישט איבערגעטראָפען געוואָרען. „אַזאַ רעגירונג, — האָט ער געענטפערט, — וואו דאָס קלענסטע אומרעכט, וואָס ווערט באַגאַנגען קעגען דעם קלענס־טען מענשען, ווערט באַטראַכט, ווי אַ באַ־ליידיגונג קעגען דער גאַנצער קאָנסטיטו־ציע.“ סאָלאָן האָט געלעבט מיט 500 יאָר פאַר קריסטוס'ן.

זיכערקייט, אז מיר זאָלען טון דאָס בעסטע, וואָס מיר קאָנען, צו פאַרמיידען די מעגליכע רעזולטאַטען פון פיינטשאַפט. אבער אפילו פיינטשאַפט, וואָס קומט דורך א טעות, קאָן נישט דינען פאַר'ן צווייטען צד פאַר א מאָטיוו פון ליבע; און צו ליבען נאָך אונזער אייגענעם ווילען און אָן יעדען מאָטיוו איז א מאָראַלישע און פיזישע אוממעגליכקייט.

עס איז א פאַרלעצונג פון דער מאָראַל, ווען מען שרייבט איהר צו פליכטען, וואָס מען קאָן זיי גאָרנישט דורכפירען, און וואָס וואָלטען געווען מסוגל צו שאַפען שלעכטס, אדער, ווי געזאָגט פריהער, געווען א באַלוינונג פאַר פאַרברעכען, ווען מען וואָלט זיי אפילו געקאָנט דורכפירען. דער כלל פון טון יענעם אזוי ווי מיר וואָלטען געוואָלט, אז מען זאָל אונז טון, שליסט נישט איין אין זיך אָט־די מאָדנע לערע פון ליבע צו שונאים, ווייל קיין מענש ערוואַרט נישט, אז מען זאָל איהם ליבען פאַר זיין פאַרברעכען אדער פיינטשאַפט.

די, וואָס פרעדיגען די לערע פון ליבע צו שונאים, זיינען בכלל די גרעסטע פאַרפאָלגער. און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך, ווייל די לערע אליין איז היפאָקריטיש און עס איז בדרך הטבע, אז א היפאָקריט זאָל האַנדלען להיפוך צו דעם, וואָס ער פרעדיגט.

איך, פון מיין זייט, אנערקען נישט די דאָזיגע לערע און באַטראַכט זי פאַר א פאַלשער אדער פאַבעלהאַפטיגער מאָראַל; און דאָך איז נישטאָ דער מענש, וואָס זאָל קאָנען זאָגען, אז איך האָב אים, אדער וועמען־עס־איז אנדערש פאַרפאָלגט סיי בעת דער אמעריקאַנער און סיי בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אדער אז איך האָב אין וואָסער־עס־איז פאַל געענטפערט מיט א רעה פאַר א רעה. עס איז פונדעסטוועגען נישט דעם מענשען'ס פליכט צו באַצאָלען פאַר א רעה מיט א טובה; און אויב אזא זאַך ווערט געטון, איז עס א פרייוויליגער אקט, אבער נישט קיין פליכט. עס איז אויך אָן אומזין צו דענקען, אז אזא לערע קאָן זיין א טייל פון דער רעליגיע פון אנטפלעקונג. ווען מיר באַנעמען זיך מילד איינער מיט'ן אנדערען, טוען מיר דערמיט נאָך דעם באַשעפער, ווייל ער איז מילד צו אונז אלעמען; אבער לויט אָט־דער לערע קומט גאָר

אויס, אז ער ליבט דעם מענשען נישט אזוי פאר זיין נוטסקייט, ווי פאר זיין שלעבט־זיין.

אויב מיר וועלען נעמען אין אכט די טבע פון אונזער דאַ־זיין, וועלען מיר מוזען איינזעהן, אז עס איז פאר אונז גאַרנישט נויטיג אַזאַ זאך, ווי ר ע ל י ג י ע פ ו ן א נ ט פ ל ע ק ו נ ג. וואס אזוינס דארפען מיר דען וויסען? אנטפלעקט דען פאר אונז נישט דער אוניווערז, די באשאפונג, וואס מיר זעהען, די עקזיסטענץ פון אן אלמעכטיגער קראפט, וואס באהערשט און פירט דאס גאנצע? און איז דען דאס, וואס די באשאפונג דעקט אויף פאר אונזערע חושים, נישט קיין שטארקערער באווייז, איידער יעדע זאך, וואס מיר קאנען לייענען אין א בוך, וואס יעדער פארפירער קאן עס פארפאסען און אנרופען עס דאסווארט פון גאט? און וואס אנבא־לאנגט דער מאראליטעט, געפינט זי זיך אין דעם געוויסען פון יעדען מענשען.

די עקזיסטענץ פון אן אלמעכטיגער קראפט ווערט פאר אונז גאַנץ גענוג דעמאנסטרירט, כאטש מיר קאנען נישט אויפפאסען די טבע און די פאָרם פון איר עקזיסטענץ און עס איז אויך אומ־מעגליך, אז מיר זאלען עס אמאל קאנען טון. מיר קאנען נישט פארשטיין, ווי אזוי מיר זיינען געקומען אויף דער וועלט, און דאך וויסען מיר, ווי א פאקט, אז מיר זיינען דאַ. מיר מוזען אויך וויסען, אז די קראפט, וואס האט אונז ארויסגערופען צום לעבען, קאן, אויב זי זאל נאר וועלען, צו יעדער צייט אונז ארויסרופען אפ־צוגעבען דין וחשבון פאר דעם, ווי אזוי מיר האבען דא געלעבט; און אזוי ווי מיר וויסען פאראויס, אז די דאזיגע אלמעכטיגע קראפט קאן פאדערען פון אונז דין וחשבון, איז עס דעריבער גאנץ שכל'דיג פון אונזער זייט צו גלויבען, אז דאס וועט אזוי זיין, נישט זוכענ־דיג קיין שום אנדער מאטיוו פאר אזא מין גלויבען. די ווארשיינ־ליכקייט אדער אפילו די מעגליכקייט פון אזא זאך איז אלין, וואס מיר דארפען וויסען; ווייל ווען מיר וואלטען דאס געוואוסט אויף זיכער, וואלטען מיר בלויז געווען שקלאפען פון שרעק; אונזער גלויבען און אונזערע בעסטע מעשים וואלטען דאן קיין שום ווערט נישט געהאט.

דער דעאִיזם לערנט אונז, אַלזוי, אַלץ, וואָס עס איז פאַר אונז נויטיג אָדער פּאַסיג צו וויסען. די באַשאַפונג איז די ביבעל פון דעם דעאיסט. ער לייענט אין איר, אין דער האַנטשריפט פון דעם באַשעפער אליין, וועגען דער זיכערקייט פון זיין עקזיסטענץ און דער אומפאַרענדערליכקייט פון זיין מאַכט, און אַלע אַנדערע בי־בעלס און טעסטאַמענטען זיינען פאַר אים נישט מער, ווי פעלשונ־גען.

די השערה, אַז מיר וועלען מעגליך גערופען ווערען אָפּצוגעבען דין וחשבון נאָכ'ן לעבען, וועט יעדען דענקענדיגען מענשען באַאיינ־פלוסען צו גלויבען; ווייל דאָס זיין אָדער נישט־זיין פון אַט־דעם פאַקט ווענדט זיך נישט אָן אונזער גלויבען אָדער נישט־גלויבען. אַזוי ווי דאָס איז דער צושטאַנד, וואָס מיר געפינען זיך אין אים און וואָס איז גאַנץ פּאַסיג, אַז מיר זאָלען זיך אין אים געפינען, ווי מענשען, וואָס זיינען פריי צו האַנדלען, וועט נאָר דער נאַר אַליין לעבען אַזוי, ווי עס וואָלט קיין גאָט נישט געווען, אָבער נישט דער פילאָזאָף און אַפילו נישט דער פשוט'ער בר־דעת.

אָבער דער גלויבען אין גאָט ווערט אַזוי אָפּגעשוואַכט דערפון, וואָס מען מישט אים צונויף מיט דער מאָדנער פאַבעל פון דער קריסטליכער אמונה, מיט די ווילדע אַוואַנטורען, וואָס ווערען דער־ציילט אין דער ביבעל, און מיט דעם נישט־קלאָרען און אומאַנשטענ־דיגען אומזין פון דעם טעסטאַמענט, אַז דעם מענשען'ס שכל ווערט דאָ איינגאַנצען צעטומעלט. באַטראַכטענדיג די דאָזיגע אַלע זאַכען אין זייער אַנגעהורבעטער מאַסע, מישט דער מענש צונויף דאָס אמת'דיגע מיט'ן פאַבעלהאַפטיגען; און אַזוי ווי ער קאָן נישט גלוי־בען אין אַלץ, דערפילט ער אַ נייגונג אַלצדינג אָפּצולייקענען. אָבער דער גלויבען אין גאָט איז אַ גאַנץ באַזונדערע זאַך און דאַרף נישט צונויפגעמישט ווערען מיט עפּיס אַנדערש. דער באַגריף פון דער געטליכער דרייאייניגקייט האָט אָפּגעשוואַכט דעם גלויבען אין איין גאָט. אַ כ פ ל פון געטער ווירקט דאָ, ווי אַ ח י ל ו ק פון גלויבען; און יעדע זאַך ווערט דאָך, ווי באַוואוסט, אָפּגעשוואַכט, ווען זי ווערט צעטיילט.

רעליגיע ווערט אַזוינע מיטלען ווערט די רעליגיע אַ זאַך פון פאָרם,

אַנשטאָט פֿאַקטען, פֿון באַגריפֿען, אַנשטאָט פּרינציפּען. די מאָראַליטעט ווערט אַרויסגעשטויסען. כדי צו מאַכען פּלאַץ פֿאַר אַן איינגערעדעטער זאַך, וואָס ווערט אָנגערופֿען גלויבען, און דער דאָזיגער גלויבען שטאַמט פֿון אַן אַקט פֿון אויסגעלאַסענקייט, וואָס מען רעכענט אים צו צום אַלמעכטיגען אַליין; אַנשטאָט דעם גלויבען אין גאָט ווערט געפֿאָדערט דער גלויבען אין אַ מענשען; אַ הינריכטונג איז אַן אָביעקט פֿון דאַנקבאַרקייט; די פּרעדיגער שמירען זיך אַליין איין מיט׳ן בלוט, ווי אַ מתנה מערדער, און מאַכען דעם אָנשטעל, אַז זיי באַוואונדערען דעם גלאַנץ, וואָס דאָס גיט זיי צו; זיי האַלטען גורנע הרשות איבער דער באַשטימונג פֿון דער הינריכטונג; זינגען לויב־געזאַנגען צו ישוס׳ן פֿאַר דעם, וואָס ער איז הינגעריכט געוואָרען, און פֿאַרדאַמען די אידען, וואָס האָבען דאָס געטהון ווען אַ מענש הערט אויס אָט דעם גאַנצען אומזין, מישט ער צוזאַמען דעם גאָט פֿון דער באַשאַפֿונג מיט דעם איינגעבילדעטען גאָט פֿון די קריסטען, און לעבט אַזוי, גלייך ווי ער וואָלט גאָר קיין גאָט נישט געווען.

פֿון אַלע רעליגיעזע סיסטעמען, וואָס זיינען אַמאָל געשאַפֿען געוואָרען, איז גאָר נישטאָ נאָך איינע וואָס זאָל זיין אַזוי גאָט־לעסטערנדיג, אַזוי אוממאָראַליש, אַזוי אָפּשטויסענד פֿאַר׳ן מענשליכען שכל און אַזוי ווידערשפּרעכענד אין זיך גופֿא, ווי די רעליגיע, וואָס ווערט אָנגערופֿען קריסטענטום. צו אַבסורד צו גלויבען אין איה, צו אוממעגליך צו זיין איבערציינגענד און צו נישט־אויסגעהאַלטען צו קאָנען זי אָנווענדען במעשה פֿאַרטעמפּט זי דאָס האַרץ, אָדער שאַפֿט אַטעאיסטען און פֿאַנאַטיקער. ווי אַ ווערקצייג פֿון מאַכט, דינט זי די אינטערעסען פֿון דעספּאָטיזם; און ווי אַ מיטעל פֿון רייכקייט, דינט זי דעם געלטגייץ פֿון די פּריסטער; אָבער אויף וויפֿיל דאָס איז נוגע דעם מענשליכען וואוילזיין בכלל, פֿירט זי צו גאָרנישט סיי אויף דער־וועלט און סיי אויף יענער־וועלט.

די איינציגע רעליגיע, וואָס איז נישט אויסגעטראַכט געוואָרען און טראָגט אין זיך אַלע סמנים פֿון געטליכער אָפּשטאַמונג, איז דער ריינער דעאיזם. זי האָט געמוזט זיין די ערשטע און וועט מן הסתם אויך זיין די לעצטע רעליגיע פֿון דעם מענשען. אָבער

די דאָזיגע רעליגיע דינט נישט די אינטערעסען פון דעספּאָטישע רעגירונגען. די לעצטע קאָנען אנדערש נישט אויסנוצען די רעליגיע, ווי א ווערקצייג פון זייער מאכט, סיידען זיי זאָלען זי צוזאַמענמישען מיט מענשליכע ערפינדונגען און מאכען זייער אייגענע מאכט פאר א טייל פון דער רעליגיע. זי קאָן אויך אנדערש נישט דינען דעם געלט־גייץ פון די פּריסטער, סיידען די לעצטע פאראייניגען זיך און זייערע פונקציעס מיט איר און ווערען, אַזוי ווי די רעגירונג, א טייל פון דער סיסטעם. נאָר אויף אַזאַ אופן ווערט געשאַפען די פאראייניגונג צווישען דער קירך און דעם שטאַט, די פאראייניגונג צווישען דער כלומרשט־הומאניטארער קירך און דעם דעספּאָטישען שטאַט, וואָס וואָלט אַנדערש נישט מעגליך געווען.

ווען דער מענש וואָלט אַזוי שטאַרק און אזוי טיף דורכגענומען געוואָרען פון דעם גלויבען אין גאָט, ווי דאָס באַדערט פון אים זיין נאַטור, וואָלט זיין מאָראַליש לעבען געפירט געוואָרען דורכ'ן כח פון אָט־דעם גלויבען און ער וואָלט מיט יראת הכבוד געשטאַנען פאר גאָט און פאר זיין אייגענעם געוויסען. כדי צו לאָזען אָט־דעם גלויבען זיך פריי אנטוויקלען, מוז מען אים איבערלאָזען צו זיך אליין. און דאָס איז דעאיזם. ווען אבער איין טייל פון גאָט ווערט, לויט דער קריסטליכער סכעמע פון דרייאייניגקייט, פארגעשטעלט דורך א שטאַרבענדיגען מענשען און אַן אנדער טייל, וואָס ווערט אַנגערופען דער הייליגער גייסט, — דורך א פליהענדיגער טויב*), איז גאָר אוממעגליך, אז דער גלויבען זאָל זיך האַלטען אויף אַזוינע ווילדע איינבילדונגען.

*) דאָס בוך, וואָס ווערט אָנגערופען דאָס בוך פון מ ת י א, זאָגט (קאפּ. 3, פּסוק 16); אַז ד ע ר ה ו י ל י ג ע ר ג י י ס ט ה אָ ט ז י ך אַ ר ו נ ט ע ר ג ע ל אָ ז ט א י ן ד ע ר ג ע ש ט אַ ל ט פ ו ן אַ ט ו י ב. עס וואָלט מיט'ן זעלביגען רעכט געקאָנט געזאָגט ווערען, אַז דער גייסט האָט אָנגענומען די פאָרם פון א גאנז; ביידע באַשעפענישען זיינען גלייך אומשעדליך, און דאָס ערשטע איז פונקט אַזאַ נאַרישער ליגען, ווי דאָס צווייטע. אין דער אַ פּ אָ ס ט ע ל ג ע ש י כ ט ע (קאפּ. 2, פּסוקים 3, 2) ווערט געזאָגט, אז דער רוח הקודש האָט זיך אראָפּגעלאָזט אין דעם ג ע ר ו י ש פ ו ן אַ ש ט אַ ר ק ע ן ו ו י נ ט און אין דער פאָרם פון צעשפּאַלטענע צינגען; אפשר זיינען

די כונה פון דער קריסטליכער קירך, ווי פון אלע אנדערע אויסגעטראכטע רעליגיעזע סיסטעמען, איז צו האלטען דעם מענ־שען אין אומוויסענקייט בנוגע צום באשעפער, אזוי ווי דער שטאט זעהט צו האלטען דעם מענשען אין אומוויסענקייט בנוגע צו זיינע רעכט. דאס ערשטע איז פונקט אזוי פאלש, ווי דאס צווייטע, אוןביידע סיסטעמען זיינען אויסגערעכענט פאר די אינטערעסען פון סעגענזייטיגער הילף צווישען דער קירך און דעם שטאט.

די טעאלאגיע, ווי זי ווערט שטודירט אין די קריסט־ליכע קירכען, האלט זיך אויף גארנישט; זי האט נישט קיין שום פרינציפען; זי שטיצט זיך נישט אויף קיין שום אויטאריטעט; זי האט נישט קיין שום גרונט־כללים; זי קאן גארנישט אויפווייזען; און זי דערלאזט נישט צו מאכען קיין שום אויספיר. קיין שום זאך קען נישט שטודירט ווערען, ווי א וויסענשאפט, ווען מיר ווייסען נישט די פרינציפען, אויף וועלכע זי ווערט באגרינדעט; און אזוי ווי די קריסטליכע טעאלאגיע איז פריי פון פרינציפען, האט זי דע־ריבער קיין שום ממשות נישט.

אנשטאט צו שטודירען טעאלאגיע, ווי דאס ווערט איצט גע־טון, פון דער ביבעל און דעם טעסטאמענט, וואס איבער זייער זין גייט אן אן אייביגער ויכוח און זייער עכטקייט ווערט אפגעלייקענט, איז דען נישט בעסער, אז מיר זאלען זיך נעמען שטודירען די בי־בעל פון דער באשאפונג. די פרינציפען, וואס מיר אנטדעקען דא, זיינען אייביג און פון א געטליכען מקור; זיי זיינען דער יסוד פון דעם גאנצען וויסען, וואס מיר פארמאגען, און מוזען דעריבער אויך זיין דער יסוד פון דער טעאלאגיע.

מיר קאנען דערקענען גאט נאר דורך זיינע ווערק. מיר קאנען נישט האבען קיין השגה פון וועלכען־עס־איז אטריבוט פון גאט, אויב מיר וועלען נישט נאכפאלגען עפיס א פרינציפ, וואס פירט צו דעם. מיר האבען בלויז א שוואכען באגריף פון זיין קראפט, אויב מיר האבען נישט די מיטלען צו שאפען זיך וואסער־עס־איז

דאס גאר געוועזען צעשפאלטענע פיס. אזעלכע נארישקייטען פאסען זיך נאר פאר מעשיות וועגען כשוף־מאכער און מכשפות.

פארשטעלונג פון איר אומענדליכקייט. מיר קאנען נישט האבען קיין שום השגה פון זיין חכמה, סיידען מיר וועלען וויסען די ארדע־נונג און דעם שטייגער פון איר ווירקונג. די פרינציפען פון דער וויסענשאפט פירען צו אט־דעם וויסען; ווייל דער באשעפער פון דעם מענשען איז אויך דער באשעפער פון דער וויסענשאפט; און נאר מיט דער הילף פון דער וויסענשאפט קאן דער מענש זעהן גאט פנים אל פנים.

וואלט דער מענש אוועקגעשטעלט געווארען אין א פאזיציע, פון וואנען ער וואלט, באשאנקען מיט דער נויטיגער זעה־קראפט, געקאנט מיט איין בליק ארומנעמען דעם געביי פון דעם אוניווערז, באמערקען די באוועגונגען פון די פילע פלאנעטען, די אורזאך פון זייער פארשיידענעם אויסזעהן, די פינקטליכע ארדענונג, אין וועל־כער עס קומען פאר זייערע אומדרייאונגען, אפילו ביז צו דער ווייטסטער קאמעט, זייערע קעגענזייטיגע פארבינדונגען און פאר־העלטענישען און צו וויסען די סיסטעם פון געזעצען, וואס דער בא־שעפער האט איינגעשטעלט, כדי צו פירען און רעגולירען דאס גאנצע, וואלט ער דאן פיל מער, ווי יעדע קירכען־טעאלאגיע קאן אים דאס לערנען, פארשטאנען די קראפט, די חכמה, די אומענד־ליכקייט און פרייגעביגקייט פון דעם באשעפער; ער וואלט דע־מאלט געזעהען, אז דעם מענשענ׳ס גאנצער וויסען און אלע מעכא־נישע קונסטען, דורך וועלכע ער מאכט זיך באקוועמער דאס לעבען אויף דער ערד, שטאמען אלע פון אט־דעם קוואל; דערהויבען דורך דעם בילד, וואס האט זיך געעפענט פאר זיינע אויגען, און איבער־צייגט פון דער קלארקייט פון דעם, וואס ער האט געזעהען, וואלט זיין הארץ געווארען רייכער מיט דאנקבארקייט, פונקט ווי זיין שכל וואלט באררייכערט געווארען מיט וויסען. ער וואלט געווארען א פולקאמענערער מענש, און זיינע רעליגיעזע געפילען וואלטען גע־וואונען אין דעמזעלביגען גראד. יעדע באשעפטיגונג זיינע, וואס וואלט נאר געהאט עפיס א שייכות מיט די פרינציפען פון דער בא־שאפונג, ווי דאס קומט, א שטייגער, פאר מיט אגריקולטור, מיט יעדער וויסענשאפט און יעדער מעכאנישער ארבייט, וואלט אים געלערנט פיל מער וועגען גאט און וועגען דער דאנקבארקייט, וואס

ער דאַרף פילען צו אים, ווי וואַכער־עס־איז טעאָלאָגישע קריסטליכע דרשה, וואס ער הערט איצט. גרויכע זאַכען אינספּירירען גרויסע געדאנקען; גרויסע פרייגעביגקייט רופט ארויס געפילען פון גרויסער דאנקבארקייט; אבער די אומווירדיגע מעשיות און לערעם פון דער ביבעל און דעם טעסטאַמענט קאָנען נאָר ארויסרופען פאַראַכטונג צו זיך.

כאָטש דער מענש איז נישט אימשטאַנד, יעדענפאַלס נישט אויף ד ע ר ־ ו ו ע ל ט, צו דערגרייכען די סצענע, וואָס איך האב באשריבען, קאן ער זי אבער רעמאָנסטרירען, ווייל ער איז באקענט מיט די פּרינציפּען, אויף וועלכע דער אוניווערז איז גע־בויט*). מיר ווייסען, אז די גרעסטע ווערק קאָנען פאַרגעשטעלט ווערען אין אַ מאָדעל און אז דער אוניווערז קאָן פאַרגעשטעלט ווע־

*) די ביבעל־פאַרפאַסער האָבען זיך אונטערגענומען צו געבען אונז אין דעם ערשטען קאַפּיטעל פון ב ר א ש י ת א בילד פון דער וועלט־באַשאַפונג; זיי האָבען דערמיט קיין זאך נישט באַוויזען, אויסער זייער אומוויסענקיים. זיי לאָזען דאָרט זיין דריי טעג און דריי נעכט, אָוועג־טען און פרימאָרגענס, אײדער עס איז נאָך געווען א זון, בעת יעדער איי־נער ווייס, אז דאָס זיין אָדער נישט־זיין פון דער זון איז די אורזאך פון טאָג און נאַכט, און דאָס, וואָס ווערט אָנגערופען זון־אויפגאַנג און זון־פאַרגאַנג, איז די אורזאך פון פרימאָרגען און אָוועגט. אויסער דעם איז דאָס אַ אינגעלשע און קלעגליכע השגה צו לאָזען דעם אַלמעכטיגען זאָ־גען: „זאָל זיין ליכט!“ אָט־אַזאַ באַפעלענדיגע פאָרם פון אויסדרוק נוצט אויך א קונצענמאכער, ווען ער ווענדט זיך צו זיינע מעצלעך און באַלען, און העכסט־וואַרשיינליך איז עס מאקע פון דאנען גענומען געוואָרען, ווייל משה האָט, ווי יעדער קונצענמאכער, אויך געהאט א צויבער־שטע־קעלע. לאָגינוס זאָגט, אז דאָס איז א דערהויבענער אויסדרוק; אבער אין אַזאַ פאל מוז מען אויך אנערקענען דעם קונצענמאכער פאר א דער־הויבענעם פאַרשוין, ווייל די ווערטער, וואָס ער באנוצט, ווייזענדיג זיינע קונצען, זיינען פון דעמזעלביגען סאָרט סיי גראמאטיש און סיי אין זייער אויסדרוק. ווען איניגע שרייבער און קריטיקער רעדען וועגען דעם דערהויבענעם, זעהען זיי נישט, ווי נאָהענט עס גרענעצט מיט דעם לע־כערליכען. דאָס דערהויבענע פון די קריטיקער איז ווי א ווינטמיל אין א נעפּיל, וואָס די פאַנטאַזיע קאָן פון דעם מאַכען א פליהענדיגען באַרג, אָדער א מלאך, אָדער א שאַרע ווילדע גענז.

רען אויף רעמזועלביגען אופן. דיזעלביגע פרינציפען, וואס ווערען אנגעווענדט ביים מעסטען א צאל אדער אן אקער ערד, גילטען אויך ביים מעסטען א מיליאנענפאד־גרעסערען שטח. א קרייז פון איין צאל אין דיאמעטער האט דיזעלביגע געאמעטרישע אייגענ־שאפטען, וואס א קרייז ארום דעם גאנצען אוניווערז. דיזעלביגע אייגענשאפטען פון א דריי־עק, וואס ווייזט אויף א שטיקעל פא־פיר דעם גאנג פון א שיף, גילטען אויך פאר'ן אקעאן; און ווען אט־די אייגענשאפטען פון א דריי־עק ווערען אנגעווענדט ווערען פאר דעם, וואס מיר רופען הימעל־קערפער, ווערען זיי באשטימען צו דער פינקטליכקייט פון א מינוט די צייט פון אן עקליפס, כאטש אט־די הימעל־קערפער זיינען אויף מיליאנען מייל ווייט פון אונז. דאס דאזיגע וויסען איז פון א געטליכען מקור, און דער מענש האט דאס געלערנט פון דער ביבעל פון דער באשאפונג און נישט פון דער נארישער ביבעל פון דער קירך, וואס לערנט דעם מענ־שען קיין זאך נישט.

די גאנצע וויסענשאפט און די אלע מאשינען, וואס מיט זייער הילף איז דעם מענשענ'ס עקזיסטענץ אויף דער ערד געווארען לייכ־טער און באקוועמער און וואס אז זיי וואלט דער מענש סיי אין זיין אויסזעהן און סיי אין זיין ארט לעבען זיך קוים אונטערשיידט פון א געוויינליכער חיה, קומען פון דער גרויסער מאשין און דעם גע־ביי פון דעם אוניווערז. אונזערע פארצייטיגע פארגייער האבען דורות־לאנג שטודירט, נישט ווערענדיג גאר מיד, די באוועגונגען און די אומדרייאונגען פון די הימעל־קערפער און אזוי ארום גע־בראכט וויסען אויף דער ערד. ניט משה און ניט די נביאים, ניט ישוע הנוצרי און ניט זיינע אפאסטאלען האבען דאס געטון. דער אלמעכטיגער איז דער גרויסער מעכאניקער פון דער באשאפונג; דער אלערערשטער פילאזאף און לערער פון אלע וויסענשאפטען. לאמיר, אלזוי, זיך אויסלערנען צו ערען אונזער לערער און נישט פארגעסען די ארבייט פון אונזערע פארגייער.

ווען מיר וואלטען ביים היינטיגען טאג נישט געהאט קיין שום ידיעות אין מאשינעריע און ווען עס וואלט מעגליך געווען צו לאזען א מענשען ארומנעמען מיט זיין בליק, ווי איך האב דאס פריהער

באשריבען, דעם געביי און די מאשינעריע פון דעם אוניווערז, וואלט דער מענש באלד פארשטאנען אויפצושטעלען לכל הפחות איינינגע פון די מעכאנישע ווערק, וואס מיר האבען איצט, און זיין ווי־סען, וואס ער וואלט אזוי ארום באקומען, וואלט דורך דער פראק־טיק זיך פארגרעסערט אלץ מער און מער. ווען מען וואלט, פון דער אנדער זייט, געקאנט פארשטעלען פאר'ן מענשען א מאדעל פון דעם אוניווערז, ווי דער, וואס ווערט אנגערופען א ר ע ר י, און זי געלאזט אין באוועגונג, וואלט דער מענש געקומען צו דיזעלביגע רעזולטאטען. חוץ דעם, וואס ביזא זאך וועט אים געבען וויסען, וואס איז ניצליך פאר אים, ווי פאר א מענשען און א מיטגליד פון דער געזעלשאפט, און וועט אויך זיין פאר אים א פארוויילונג, וועט עס אים אויך פיל מער קאנען באאיינפלוסען מיט יראת הכבוד און דאנקבארקייט צו דעם באשעפער, מיט גלויבען אין אים, ווי די נא־רישע טעקסטען פון דער ביבעל און דעם טעסטאמענט, וואס קאנען געבען מאטעריאל בלויז פאר נארישע דרשות, מעג דער פרעדיגער זיין ווי פעהיג און געשיקט. אויב דער מענש מוז פרעדיגען, זאל ער זיך באנוצען מיט טעקסטען, וואס זיינען אמת'דיג, אין פרעדי־גען אזוינס, וואס קאן מאכען דעם צוהערער בעסער און איידעלער.

די ביבעל פון דער באשאפונג איז אומאויסשעפליך אין מעקס־טען. יעדער טייל פון דער וויסענשאפט, צי דאס האט א שייכות מיט דער געאמעטריע פון דעם אוניווערז, מיט די סיסטעמען פון דער וועלט פון חיות אדער פלאנצען, אדער מיט די אייגענשאפטען פון דער נישט־באלעבטער מאטעריע, איז א טעקסט פון פילאזאפיע און תפלה, פון דאנקבארקייט און מענשליכער פארפולקאמענונג. מען וועט אפשר באמערקען, אז אויב עס וועט פארקומען אזא רעוואלו־ציע אין דער רעליגיע, וועט יעדער פרעדיגער דארפען זיין א פי־לאזאף. ג א נ ץ ז י כ ע ר. און יעדעס געבעט־הויז וועט דע־מאלט זיין א שולע פון וויסען.

אזוי פיל ווילדע און גאטלעסטערענדיגע באגריפען וועגען דעם אלמעכטיגען האבען געקאנט געשאפען ווערען נאר דאן, ווען דער מענש איז אוועק פון די אומפארענדערליכע געזעצען פון דער ווי־סענשאפט. האט זיך אפגעזאגט צו באנוצען זיך מיט זיין קלארען

פארשטאנד און אויסגעטראכט א זאך, וואס ער האט א נאמען גע־
געבען געטליכע אנטפלעקונג. די אידען האבען
געמאכט דעם אלמעכטיגען פאר'ן מערדער פון דעם מענשליכען מין,
כדי צו מאכען דערמיט פלאץ פאר זייער רעליגיע. די קריסטען
האבען אים געמאכט פאר א זעלבסטמערדער און א גרינדער פון א
נייער רעליגיע, וואס זאל ארויסשטויסען די אידישע רעליגיע און
פארנעמען איר פלאץ. אבער כדי צו געפינען אן אויסרייד און א
מעגליכקייט פאר אזוינע זאכען, האבען זיי געמוזט אננעמען, אז
זיין מאכט אדער זיין חכמה איז נישט פולקאם, אדער זיין ווילען
איז פארענדערליך. דער פילאזאף וויים, אז די געזעצען פון דעם
באשעפער האבען זיך קיינמאל נישט געענדערט בנוגע די פרינצי־
פען פון דער וויסענשאפט, אדער די אייגענשאפטען פון מאטעריע.
און אויב די זאך איז אזוי, ווארום זאלען מיר אננעמען, אז די דאז־
זיגע געזעצען האבען זיך געענדערט בנוגע צום מענשען?

נאך איין באמערקונג און מיין אויפגאבע איז צו ענד. איך
האב ביז איצט געוויזען מיט ראיות, אז די ביבעל און דער טעסי־
טאמענט זיינען געפעלשטע ביכער; און זאל דער, וואס קען, אפ־
לייקענען די באווייזען, וואס איך האב געבראכט. איך לאז איבער
דעם לעזער צו פארטראכטען זיך אליין איבער די אידעען, וואס איך
האב סוגערירט ביים שלוס פון דעם דאזיגען ווערק, ווייל איך בין
זיכער, אז ווען מיינונגען זיינען פריי, סיי אין פאליטישע און סיי
אין רעליגיעזע ענינים, וועט דער אמת סוף כל סוף מוזען זיגען.

סוף.

# פארלאג מאקס יאנקאוויטץ

179 EAST BROADWAY, NEW YORK, N. Y.

---

| | ברָאש. | געבונדען |
|---|---|---|
| **טאָמאָס מאַן:** | | |
| די צייט פון פארשטאַנד | | $2.00 |
| **מ. ארציבאַשעוו:** | | |
| סאנין | | 1.50 |
| מיליאָנען | | 1.00 |
| פרויען | | .80 |
| אייפערזוכט | .35 | .70 |
| דער לעצטער שטריך (אין 2 בענדער) | | 3.50 |
| **אָסקאַר ווײלד:** | | |
| דאס בילד פון דאריאן גרעי | | 1.50 |
| **איסכילאס:** | | |
| דער געשמידטער פראמעטעאוס | .20 | |
| **מ. אדערשלעגער:** | | |
| וועלטלאך (ערצעהלונגען און בילדער) | .40 | |
| **לעאָניד אַנדרעיעוו:** | | |
| דער רויטער געלעכטער | | .70 |
| **פ. דאָסטאָיעווסקי:** | | |
| אָרעמע מענשען | | 1.00 |
| ערנידעריגטע און באליידיגטע (אין 2 בענדער) | | 3.00 |
| פארברעכען און שטראף (אין 2 בענדער) | | 3.50 |
| אידיאָט (אין 3 בענדער, 1,000 זייטען) | | 6.00 |

| | ברָאש. | געבונדען |
|---|---|---|
| **ווּיקטאָר הוגאָ:** | | |
| דער מענש וואָס לאַכט (אין 2 בענדער) — — | | 3.00 |
| **אויגוסט סטרינדבערג:** | | |
| דער רויטער צימער — — — — — — — — | | 1.40 |
| געזאַמעלטע דראַמען (אין 2 בענדער) — — | | 2.75 |
| ליטעראַרישער דעקלאַמאַטאָר און פאָרלעזער — | .30 | .70 |
| **מארק אָרענשטיין:** | | |
| מיין ווייב'ס משוגעת — — — — — — — — — | .20 | |
| **ה. זודערמאַן:** | | |
| יאָהאַנעס פייער — — — — — — — — | .25 | |
| **ל. קאָברין:** | | |
| יאַנקעל בוילע — — — — — — — — — | .25 | |
| **פר. א. פאָרעל:** | | |
| די געשלעכטס פראַגע, קאָמפּליט אין 2 בענדער | | 4.00 |
| **סיני ליכט:** | | |
| הומאָריסטישע שריפטען — — — — — — — | | 1.00 |
| **סט. פשיבישעווסקי:** | | |
| דעם טייפעל'ס קינדער — — — — — — — | | 1.20 |
| פונ'ם אפגרונט — — — — — — — — | .20 | |
| **ווינישענקאָ:** | | |
| זיי עהרליך צו זיך זעלבסט — — — — — — | | 2.50 |
| **וואָלטער בראַון:** | | |
| יעדע פרוי ווי זי זוכט ליעבע — — — — | .30 | |
| **עממא גאָלדמאַן:** | | |
| הייראַט און פרייע ליעבע — — — — — — | .15 | |

